THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE





MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Sefer Ostraʻah : (Vohlin) : matsevet zikaron li-ḳehilah ḳedoshah = Ostrog book / ha-ʼorekh, Yitsḥaḳ Alperovits ; rikez, ʻibed ve-tikhnen Ḥayim Finḳel. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Irgun yotsʻe Ostraʻah be-Yiśraʻel, 1987. |
| DESCRIPT | 402, 34 p., [2] leaves of plates : ill., map, ports. ; 28 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Ukraine -- Ostroh. |
| | Ostroh (Ukraine) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Ukraine -- Ostroh. |
| ADD'L NAME | Alperowitz, Yitzhak. |
| | Finkel, Chaim. |
| ADD'L TITLE | Ostrog book |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.



סרניק
ויסוצק
לובישוב
פריפט
דומברוביץ
קאמין־קושירסק
ראק
ברז'ניצה
ולאדימירץ
טומאשגרוד
קליסוב
רוקיטנה
דאט
ראפאלובקה
מאנייביץ
סארני
ניסכיז'
ז'לודסק
טרויאנובקה
פאבורסק
צ'ארטוריסק
מלניצה
סטפאן
סטוחוד
סטיר
קולקי
אוסובה
ברזנה
איגנאטובקה
קוסטופול
דראזנה
זופייבקה
הורין
סלוץ'
לודביפול
רוזישץ'
סלישץ'־זוטא
צומן
אודזיוטיץ'
אלכסנדריה
אנטונובקה
קיסיילין
מז'יריץ'
לוצק
קליבאן
טוצין
קוריץ
טורצ'ין
אוליקה
אוסטרוזץ'
רובנה
הושץ'
סוויניוחי
זדולבונובו
טרוביץ
מרביץ
סינקיביצזבקה
מלינוב
וארקוביץ
חורוכוב
אוזירן
בורמל
דובנה
מיזוץ'
אוסטרה
דמידובקה
דרושקופול
ברסטצ'קה
קוזין
שומסק
ראדזיבילוב
ברודי
קרמניץ
קאטרבורג
וישנובץ
פוצ'איוב
לאנוביץ
ביאלוזרקה
וישגרודק




המפה מספרו של ד״ר שמואל ספקטור
״שואת יהודי ווהלין 1941 — 1944״
הוצאת יד ושם, ירושלים, תשמ״ו.

# ספר אוסטראה

## (ווהלין)

# OSTROG BOOK

## מצבת זכרון לקהילה קדושה

העורך
יצחק אלפרוביץ

ריכז, עיבד ותכנן
חיים פינקל

בהוצאת ארגון יוצאי אוסטראה בישראל

תל-אביב
תשמ"ז — 1987

# ספר אוסטראה

## OSTROG BOOK



**חועד של ארגון יוצאי אוסטראה. עומדים מימין לשמאל: אהרון ולדמן, מנדל מירוצ׳ניק, בוריס ליכטנשטיין, יונה בלכר, שרה צביאלי (שפייזר), דוד וינשלבוים; יושבים מימין לשמאל: מרדכי בלכר ז״ל, מרים רובינשטיין, יואל רובינשטיין, פרידה קולפניצקי־גורין, חיים פינקל, מרים וינשלבוים, טובה (גיטלה) ראובני־שטיינברג.**



**סידור והדפסה: דפוס חמיאל . יצחק שדה . תל־אביב . טל׳ 330555**






בית הכנסת הגדול ע"ש המרש"א **באוסטראה**



## בשער הספר

„ספר אוסטראה", הוא ספר עדויות ונר־נשמה. גוללנו בו פרשיות ומעשים של יהודי אוסטראה בעבר הרחוק והקרוב. השרידים המעטים שנשארו לפליטה מבני־עירנו מתנים בו את הגדול באסונות עמנו, בו ניספו הקדושים והטהורים בימי השואה האיומה.

בהתרגשות ובחרדת קודש, אנו מגישים לבני העיר את ספרנו זה. זוהי תרומתנו הצנועה לגל־עד הכללי שנועד להנציח זכרם של רבבות קהילות ישראל. דפים אלה בספר־זכרון זה, הם מצבה חיה לקהילתנו המפוארת בווהלין שחייה נגדעו ע"י הצורר הנאצי ועוזריו האוקראינים.

במשך עשרות שנים מאז שחוסלה קהילתנו, נשאו אלה הניצולים, יחד עם אלה שעזבו את העיר מזה שנים את החלום להנציח את זכרון יקיריהם שהומתו באכזריות ולהנציח את כל אשר עבר עליהם בתוך ספר זיכרון, שיישאר וישמש מעין קדיש יתום בידי הנשארים ובידי בניהם ובני בניהם לעד ולתעודה. שכן מי עוד כמונו — שרידיו ופליטיו של הקיבוץ היהודי באוסטראה, הפזורים על פני תבל כולה, יכולים להנציח את זכר העבר המפואר של קהילתנו, את חייה התוססים ומוסדותיה היהודיים.

✶ ✶ ✶

27 שנים חלפו מאז הופעתו של „פנקס אוסטראה" בשנת 1960, בעריכתו של בן־עירנו הדגול בן־ציון ח. אילון, והנה מופיע „ספר אוסטראה", שהינו חמשך יאה ל„פנקס אוסטראה". אבל גם הוא שונה מסיבות שהזמן גרמן.

אחרי תקופה די ארוכה של הכנות ועבודות ארגוניות, זכינו לחוציא לאור ספר זה. בכרך זה, הבאנו גם דברים שנכתבו בשעתם וטבועים בהם זמנם — מלמדים על התקופה, רקעה ואווירתה.

„ספר אוסטראה" הוא הגשמתו של רעיון שתחילתו לפני הרבה שנים. בספר זה אנו מביאים חומר חדש שלא נכלל ב„פנקס אוסטראה". רצינו להקיף את החומר בספר בסדרת מאמרים וסקירות על כל צידי חייה העשירים והססגוניים של הציבוריות היהודית בעיר.

העמדנו לעצמנו מטרה לשפוך אור על עברה ההיסטורי המפואר, על אוסטראה היהודית, על השתלשלות חייה הכלכליים, הדתיים, הציבוריים והלאומיים. השתדלנו שמחברי המאמרים יהיו קרובים ברוחם ובהשקפותיהם לנושאי המאמרים.

„ספר אוסטראה" מנסה במעט שלו לתאר את העיר, הקהילה ועברה המפואר עד למלחמת הכליון, כולל פרקי שואה שנכתבו ע"י שרידי השואה שעברו את הגיהנום הנאצי. הקדשנו תשומת לב מיוחדת על השואה ועל הגבורה, כדי להוסיף תמונה כוללת של מאורעות האימים וגם הקדמנו מחקר מדעי־היסטורי שנכתב ע"י בת־עירנו בטי אייזנשטיין־קשב על שואת יהודי ווהלין, שבו גם מידע על שואת יהודי אוסטראה.

בספר כלולה גם רשימת הלוחמים והחללים מבני אוסטראה שנפלו בעד חירות העם והמולדת בחזיתות שונות במלחמת העולם השניה ובמערכות ישראל.

הבאנו בספר רשימת „יזכור". אין ספק שהרשימה איננה שלימה וחסרים בה שמות. לא אשמתנו בזה. פעמים ספורות שיגרנו חוזרים ותזכורות לאנשי אוסטראה באשר הם שם וביקשנו ודרשנו להשלים את החסר. הרי אין מקורות רשמיים אשר בהם היינו יכולים להסתייע בספר ואלה אשר נשארו בחיים, נבצר מהם לזכור את כולם.

בספר כלולים תצלומים רבים של אנשי ציבור ידועים, או אישים אשר לקחו חלק פעיל בחיים הציבוריים והתרבותיים של העיר.

אם כי צומצם הספר בעיקר בתיאור המאה האחרונה בתולדות הקהילה, בכל זאת הרגשנו בצורך לפרסם כמה מאמרים על מניחי יסודותיה ומעצבי דמותה של קהילת אוסטראה. רצוננו היה לתת לבנינו אשר לא הכירו בתפארתה את העיר בה נולדו אבותיהם. תמונה בהירה מחיי הקהילה שלנו בעבר ומהמיוחד שציין אותה והראוי להשמר כאבן־חן בגנזי ההיסטוריה של עם ישראל.

החומר שנאסף כתוב עברית ויידיש וחלק בלועזית (אנגלית ופולנית). מצאנו לנכון להשאיר כל כתב־יד בשפת הכותב, חוץ מכמה מאמרים שתורגמו בלועזית.

השתדלנו גם להקנות לספר לבוש אסתטי נאה, ואכן הספר יצא בהידור ובצורה נאה.

לבסוף אנו מודים לכל אלה שסייעו למפעלנו זה בחומר או ברוח ואיפשרו על־ידי כך את הנצחת זכר הקהילה שלנו. תודתנו לכל מחברי המאמרים המתפרסמים בספר ולאלה ששלחו לנו חומר ותצלומים. יבואר־נא כולם על הברכה ועל הסיפוק הנפשי, בראותם את העבודה הגמורה. הננו מקווים, כי מפעל זכרון זה יעמוד כאנדרטה חיה לדור הצעיר ולדורות הבאים.

תודתנו נתונה לבן־עירנו משה שטיינברג על עזרתו הנדיבה להוצאת הספר.

**חיים פינקל**
**יושב־ראש הארגון**

## אַ פּראָיעקט וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן

מיט גרויס באַפרידיקונג און סאַטיספאַקציע וויל איך אויסדריקן אין נאָמען פון דעם ועד ארגון יוצאי אוסטראַה בישראל און אויך אין מיין אייגענעם נאָמען אונדזער טיפסטע דאַנקבאַרקייט און פולע אנערקענונג פאַר אונדזער חשובן פאַרזיצער פון ארגון ה׳ חיים פינקעל פאַר זיין מיפולער טעטיקייט און דערפאָלגרייכער אַרבעט לטובת אונדזער ארגון בכלל און זיינע פאַרדינסטן ביים אַרויסגעבן דעם איצטיקן אויסגעברייטערטן „ספר אוסטראַה״ בפרט.

כדי ווי געהעריק אָפּצושאַצן זיין פערזענלעכן אָנשטרענג און איניציאַטיוו ביים צוגרייטן צום דרוק און ביים אַרויסגעבן דעם איצטיקן „ספר אוסטראַה״, זאָל מיר דערלויבט זיין אומצוקערן זיך צו אַ היפּשן צייט־אָפּשניט נאָכן דערשינען דעם זייער ווערטפולן און אינהאַלטסרייכן „פּנקס אוסטראַה״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1960, רעדאַגירט פון אונדזער חשובן בן־עיר בן־ציון ח. אילון.



אין יענער צייט, נאָכן דערשינען פון „פּנקס אוסטראַה״ אין ביי אַ טייל אַקטיווע מיטגלידער פון ארגון און אַפילו ביים רעדאַקטאָר בן־ציון ח. אילון גופאַ אויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען ווינשנסווערט מער בולטער צו פאַראייביקן אונדזער שטאָט מיט אירע ספּעציפישע אייגנשאַפטן אויך אין פאָרם פון אַן אַלבום בילדער, וואָס וואָלט געווען אַ גוטע דערגענצונג צו דעם „פּנקס אוסטראַה״. דאָס הייסט, געבן אַ גרעסערן פּלאַץ און אויסדרוק אונדזער שטאָט אין פאָרם פון בילדער, וואָס האָבן אַ היסטאָרישן און געזעלשאַפטלעכן ווערט, כדי אַזוי אַרום אָפּצושפּיגלען אַלזייטיק דעם קאָלרפולן און גייסטרייכן יידישן לעבן אין אָסטראַה אין פאַרלויף פון זיין לאַנגיאָריקער געשיכטע און באַזונדערס אין דער לעצטער תקופה ביזן חורבן. מיר האָבן געוואָלט רעקאָנסטרואירן דאָס יידישע לעבן אין שטאָט, אירע פילצאָליקע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פּאָליטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען טעטיק און געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין שטאָט. אויפצולעבן אויף די בלעטער פון דעם אַלבום דעם רייכן מענטשלעכן קאָליר־פולן יידנטום מיט וועלכן אָסטראַה איז געווען געבענטשט, אָבער דער

פראַיעקט איז צוליב פאַרשיידענע פון אונדז נישט־אָפּהענגיקע סיבות נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

לויט דער איניציאַטיוו פון אונדזער פאַרזיצער ה׳חיים פינקעל האָט דער קאָמיטעט פון ארגון אָסטראַהה, באַשלאָסן אַרויסגעבן אַ פאַרברייטערטן בוך פון אונדזער חרובער שטאָט אָסטראַהה, אין וועלכן ס׳זאָל זיך אָפּשפּיגלען ווי געהעריק אַלץ וואָס איז אונדז געווען ליב און טייער ביז דעם לעצטן חורבן.

אָט די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאבע האָט גענומען אויף זיך אונדזער פאָרזיצער און מיט גרויס התלהבות איז ער צוגעטראָטן צו דער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. ער האָט גענומען קלייבן מאַטעריאַלן און בילדער וואָס האָבן אַ געזעלשאַפטלעכן און היסטאָרישן ווערט. זיך געווענדעט שריפטלעך און מונדלעך צו אָפּשטאַמיקע פון דער שטאָט אין ישראל און אין אויסלאַנד מ׳זאָל אַריינשיקן מאַטעריאַלן פאַרן בוך. חוץ פילצאָליקע בריוו, טעלעפאָנישע געשפּרעכן איז עטלעכע מאָל אַרויסגעשיקט געוואָרן צירקוליאַרן צו אונדזערע בני־עיר זיי זאָל אַריינשיקן בילדער און זכרונות וועגן אָסטראַהה.

אין משך פון דער צייט, איז צוגלייך מיט שפּענדונגען פאַרן בוך אויך אַריינגע־פלאָסן אַ רייכער מאַטעריאַל פון אַ פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער, און אויך פילצאָליקע פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען נוגע דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיטן אָנקום פון אַ געוויסער צאָל אָפּגעראַטעוועטע פון דעם חורבן, איז געווען אַ ווענדונג, אַז זיי זאָלן שרייבן זייערע זכרונות וועגן דער חורבן־תקופה אין אָסטראַהה און אַ דאַנק דעם איז דער ,,ספר אוסטראַהה״ באַרייכערט געוואָרן מיט ווערטפולע זכרונות פון אהרון וואַלדמאַן וועגן אַ טראַגישן פאַל אין וואַלד אונטערן נאָמען ,,לא תרצח !״, די זכרונות פון גיטעלע שטיינבערג־ראובני, די עדויות פון סימאַ און שמואל קליפּאַץ׳, דער בריוו פון דער אָסטראַהער לערערין בלומאַ שטירנבערג, געשריבן ממש פאַר איר טויט מיט איר קינד אין אָסטראַהער געטאָ און אַנדערע מאַטעריאַלן.

אין דעם בוך ווערט אויך צום ערשטן מאָל אין ישראל פאַרעפנטלעכט אַ וואָגיקע גרויסע אַרבעט פון אונדזער בת־עיר די פאַרשטאָרבענע בעטי אייזנ־שטיין־קשב וועגן דעם חורבן פון וואָלינער יידנטום, אין וועלכער זי ווידמעט פיל פלאַץ דעם חורבן פון אָסטראַהה.

אין דעם בוך זענען אַריין פילצאָליקע אַרבעטן פון חיים פינקעל אַליין, וואָס האָבן אַ היסטאָרישע און געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג און באַזונדערס וועגן דעם אָנטייל פון די אָסטראַהער בני־עיר אין דער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג און וועגן דעם אָנטייל פון אָסטראַהער אין דער רויטער אַרמיי צוגלייך מיט אַ רשימה פון די געפאַלענע אין וואַלד און אויף די פראָנטן און אַ רשימה פון די אָסטראַהער בני־עיר וואָס זענען געווען טעטיק אין דער ,,בריחה״, אין פוילן און אין אייראָפּע.

דאָס בוך שליסט זיך מיט אַ צוגאָב־רשימה פון בני־אָסטראַהה וואָס האָבן געקעמפט און זענען געפאַלן אין די קאַמפן אין די מלחמות ישראל און אַן אויסגעברייטערטע רשימה פון קדושים פון די אומגעקומענע אין דער שואה און אויך די, וועלכע זענען נפטר געוואָרן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, באַגלייט מיט אַ גרויסע צאָל פאָטאָגראַפיעס פון די קדושים און נפטרים.

בלעטערנדיק דעם „ספר אוסטראַה" פילט זיך די זאָרג און איבערגעגע־
בנקייט פון דעם אויספירער פון דעם פראַיעקט ה׳פינקעל, וועלכער האָט
צוגלייך מיט זיינע פילצאָליקע פליכטן אַלס פאַרזיצער פון אונדזער ארגון
און מזכיר פון איגוד יוצאי ווהלין אויסגעפירט די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפ־
גאַבע מיט גרויס דערפאָלג און מיר דריקן אים אויס אונדזער טיפסטע
דאַנקבאַרקייט פאַר זיין מיפּולער און געבענטשטער אַרבעט. אונדער גרויסן
יישר־כוח אים.

**אין נאָמען פון דעם ועד אוסטראָה**

**פרידה קאָלפּאַניצקי-גורין**



**הועד של אירגון אוסטראה בישראל**
**יושבים מימין לשמאל: מרדכי בלכר ז"ל, פרידה קולפניצקי־גורין, מרים וינשלבוים,**
**חיים פינקל, טובה ראובני־שטיינברג, שרה צביאלי (שפייזר), בוריס ליכטנשטיין**

# גל־עד לקהילת אוסטראה

החורבן הגדול בתקופת השואה, החורבן שאין דומה לו בהיסטוריה של עמנו, בין בהיקיפו ובין באכזריותו, גרם לצמיחתה של ספרות חורבן גדולה. הופיעו ועדיין מופיעים ספרי־יזכור רבים על קהילות גדולות וקטנות שנחרבו בהסתער הגל הזידוני על בית ישראל במלחמת העולם השניה.

השואה הטביעה את חותמה על חיי העם היהודי למשך דורות רבים והיא מהווה את אחד הפרקים הטראגיים בהיסטוריה של העם היהודי. ספרות החורבן מהווה תמונה עגומה של בית־קברות ענקי ממולא במצבות גדולות וקטנות. מצבה מצבה ושמה המיוחס ואופיה הספציפי שלה עם תיאור מיוחד של חיי יהודים שנגדעו.

מצבת־אבן נמחית ונהרסת בזרם הזמן, אולם גל־עד בצורת ספר יישאר לדורות. מקובל, אמנם, לקרוא לספרי־יזכור מצבת־עד שמציבים בני הקהילה לקדושיה, אבל ספר־יזכור זה יותר ממצבה וגל־עד. זהו נסיון להחיות את העבר, לשוב לעיר ולהתייחד עם קדושיה ברגעים האחרונים שלהם. אין בספר אוסטראה משום מזור לנפש הפצועה, אך יש בו מן ההספד והקדיש שלא נאמר על קברם של אלה שנרצחו בתקופת השואה ואשר ייאמר עתה כל אימת שבני־העיר יקחו את הספר בידיהם.

הרגשת גאווה מובנת על בני אוסטראה, ותמיד בתוך כותלי העיר, בנדודים ובמרחקים, ואף בחיק מולדתנו, כאן בארץ, מצטיירת דמותה של העיר כפנינה יפה ונוצצת בכתר יהדות ווהלין שאיננה עוד. העיר הזאת שעל גדות ההורין, מהווה מקור גאווה ליהודי העיר. העממיות שהיתה סגולתם של תושביה, אופיה המיוחד וערכיה החברתיים־רוחניים, באו לידי ביטוי ומצאו מקומם בזכרונותיהם של בני העיר בספר זה.

קהילת אוסטראה העמידה אישים רבי־זכויות בתחומים שונים. במשך מאות שנים היכתה הקהילה שורשים עמוקים באדמת ווהלין. ענפי האילן המפואר ורב־היוחסין, הסתעפו בכל העולם, בתקופה קצרה בזמן השואה נגדעה ונכחדה יהדות מפוארת זו מן העולם.

בתקופה של טרם שואה, הגיעה יהדות אוסטראה לשיא פריחתה כמרכז יהודי תוסס, המעורב בחיים הלאומיים והדתיים, הפוליטיים, החברתיים והתרבותיים של יהדות פולין בכלל, ושל יהדות ווהלין בפרט.

על אף המצוקה וחוסר הסיכוי לעתיד, פרחו בעיר חיים עשירים בתחומי החברה והרוח: אוסטראה היתה אמונה על מסורת של לימוד תורה והתעמקות במחשבת היהדות. בקרקע דשנה זו צמחו הזרמים

החברתיים והרוחניים של הזמן החדש. ציונות, תרבות עברית חדשה ותרבות יידיש. אוסטראה תרמה תרומה כבירה לציונות, החל בראשוני חובבי ציון וכלה בתנועות הנוער־החלוציות על כל זרמיהן וכך היו גם מפלגות אחרות ברחוב היהודי בעיר בעת ההיא של טרם שואה.

אוסטראה הצטיינה בסופריה שהביאו רוח חדשה ורעננה. המפעל החינוכי באוסטראה עמד אף הוא על רמה גבוהה. לפי הסתדרויותיה, ארגוניה, מוסדותיה הסוציאליים ואגודותיה לעזרה הדדית והרבה התחבר־יות אחרות, היתה אוסטראה היהודית מוסד תרבותי גדול שהקיף את חייו של היהודי בכל תחומי היצירה.

קהילת אוסטראה היתה מופת של חברה מגוונת בשכבותיה, ברמתה, בהלכי רוחה, במקוריותה ובציבוריותה. קהילה זו עיצבוה רבנים גדולים בתורה, בחכמה וביראה, כמו המרש״א ורבנים גדולים אחרים.

בספר זה ימצא הקורא שרטוטים, זכרונות ורשימות על עסקני ציבור, אישים ודמויות. עיקר כוחן של הרשימות שכונסו בספר באמת הפנימית שבהן, באים להנציח דמויות ואירועים היקרים ללב כותביהם.

כל הכתוב בספר הוא, איפוא, פרי מאמץ קולקטיבי של אנשים, אשר בשביל רובם זהו נסיונם הראשון להעלות על הנייר את הגיגי רוחם, רחשי ליבם ופרי זכרונם. אולם מכאן גם יתרונה של כתיבה זו: פשטות, כנות לבבית, בלתי אמצעית ואמת נפשית.

כאן אני רואה חובה לציין במיוחד את יושב ראש הארגון מר חיים פינקל, אשר כל חייו הם קודש לאוסטראה. הוא פעל בעקשנות ועשה רבות להוצאת הספר. הוא השקיע מאמץ רב באיסוף החומר, עיבודו ומיונו. הוא גם טרם מפרי עטו ורשימותיו פזורות בדפי הספר. בנוסף לגיוס האמצעים הכספיים, היה עליו לטפל גם בפרטים ארגוניים ורק הודות למסירותו למטרת הוצאת הספר משך שנים, זוכה הספר לראות אור ועל כך יבוא על הברכה והתודה.

יבואו נא על הברכה כל אלה מחברי הארגון שהעשירו את הספר ברשימותיהם. מיטב תודתנו לעובדי דפוס חמיאל על מאמציהם הכנים בהכנת הספר לדפוס.

הננו מקווים, כי ספר זכרון זה יעמוד כאנדרטה חיה לאנשי העיר, לדור הצעיר ולדורות הבאים.

**יצחק אלפרוביץ**

**חיים פינקל**

# אוסטראה - עיר ואם בישראל

קהילת אוסטראה עתיקת היומין, שכנה בחבל ווהלין שבמערב אוקראינה דפולין על גדות הנהרות ויליה והורין. בראשיתה היתה העיר בבעלותם של נסיכים ורוזנים, אשר לצרכי הגנתם הקיפוה בחומה בצורה. מכאן השם אוסטרוג, מבצר ברוסית, שנתיהד לאסטרע ביידיש ולאוסטראה בעברית, (ויש שדורשים: אות = תורה). לפי החוקרים גילה כיום כאלף שנים (נוסדה בשנת תרנ״ג — 893).

במאה ה־9 היתה נדידת יהודים נרדפים מגרמניה. במנוסתם הגיעו עד לאוסטראה והתיישבו בה בחסותו של הנסיך הפולני לשק. הם עסקו בעיקר בסחר בהמות וסוסים, כמתווכים וכחלפנים ויותר מאוחר בסחר כללי ובמלאכות שונות.

בבית הקברות היהודי הישן השתמרו כתובות על שתי מצבות משנת 1445. אך אין זה מעיד שלא היו מצבות עתיקות יותר מזמנים קדומים יותר. לפי עדותו של חוקר עתיקות באוסטראה, מ.מ. ביבר, שהיא מהימנה ומקובלת עלינו, היה קיים באוסטראה ישוב יהודי לפני קרוב ל־1000 שנים.

במשך דורות היו יהודי אוסטראה נתונים לסחיטות כספיות מצד שליטי פולין וליטא. כן שילמו מסי מכס וסכומים רציניים לאוצר המלך, ושוחד לשופטים ולשוטרים. עם זאת, היהודים מעולם לא היו בטוחים בחייהם וברכושם.

**פרעות ונסים**

מפעם לפעם פקדו עלילות ורציחות את כל ערי ווהלין וביניהן גם את אוסטראה. מפורסם הפוגרום על יהודים על־ידי תלמידי מנזרים ישועיים נוצרים בשנת תע״ש בפאוולוביץ׳ הסמוכה, שם הוצאו להורג בעינויים קשים תשעה יהודים וביניהם הקדוש רבי צבי, מחותנו של רבי ייב״י המפורסם. לכן היו ימי הודיה לא מעטים על נסים שקרו. אחד מהם „נס אסרו־חג דפסח״ במאה ה־18 לספירה, שאז הגיעו לאוסטראה איכרים מכפר סמוך עם עגלות



מקומות היסטוריים באוסטראה

עצים כביכול למכירה. אלא שמתחת לעצים החביאו האיכרים קרדומים וסכינים ונשק קר אחר, מושחזים היטב, לפרוע ביהודים. תמורת בצע כסף הסכימו הטאטארים תושבי העיר, שהיו מפורסמים כנועזים ואמיצי־לב, לבוא לעזרת היהודים. הטאטארים חגרו את נשקם, התנפלו על האיכרים והחרימו את כלי־זינם וליהודים היתה אורה ושמחה.

לזכר נס אחר שמרו היהודים על יום „מגילת תמוז" בשנת תקנ"ב, שאז כבשו צבאות רוסיה בפיקודו של המצביא סובורוב את פולין. הצבא הפולני הנסוג הרס את הגשרים על הנהר ויליה מה שהקשה על הצבא הרוסי להתקדם. הרוסים התחילו להפציץ את העיר ובתיה. במיוחד הרעישו את בית הכנסת הגדול ע"ש המהרש"א, שנראה מרחוק כמבצר. התושבים הפולנים ברחו יחד עם הצבא הפולני הנסוג והיהודים התחבאו בבית הכנסת והיו במצב נואש. ואז, לפי המסופר, יצא ישיש אחד מבין היהודים, איש נועז ששלט בשפה הרוסית (אביו של רבי יוסף משה המגיד מקורמרנו), בסכנת נפשות, אל המפקד הרוסי וסיפר לו על בריחת הצבא הפולני יחד עם כל האוכלוסיה הפולנית והריהו יכול להיכנס העירה בלי אף יריה אחת.

עד למאה ה־14 נחשב חבל ווהלין כנסיכות רוסית; עם איחוד ליטא עם פולין במאה ה־16 סופחה ווהלין לפולין. באותם ימים נוסד בית הדפוס המפורסם באוסטראה, בו הודפסו ספרי קודש בעברית וספר התנ"ך גם בלועזית.

במאה ה־17 סבלו היהודים מפוגרומים של הצורר בוגדן חמלניצקי הידוע לשימצה והשנים ת"ח ות"ט נרשמו באותיות דם ואש במקורות עמנו, כבקורות העיר שנחרבה לפי חרב.

בשנת 1797 סופח חבל ווהלין, כולל אוסטראה, לרוסיה. רק בשנת 1920 חזר חלקו הגדול של ווהלין עם אוסטראה העיר הגדול לפולין עד שנת 1939. ומאז מלחמת העולם השניה שייך חבל ווהלין עם אוסטראה הריקה מיהודים לבריה"מ.

כמו ברוב ערי פולין כך גם באוסטראה היה קיים „פנקס הקהילה", בו רשמו היהודים את המאורעות וחוקי הקהילה. כן נרשמו בו גם סיפורים ואגדות על צדיקים וגאונים וכו' שפעלו באוסטראה, אלא שבמרוצת הדורות, ע"י פרעות־דמים ביהודים ושריפות לרוב, כמעט שלא נשארו ידיעות מימיה הקדומים של אוסטראה, מלבד רישומים על חורבן הקהילה בת"ח ות"ט, שאז הושמדו ונשחטו כ־7000 יהודים מתושבי העיר ורכושם היה לבז.

אך יהודים שנמלטו חזרו ובנו את העיר מחדש, ניהלו חיים קהילתיים ורוחניים למופת, בנו בתי־כנסת וישיבות; התארגנו בחברות שונות, כגון חברה קדישא, חברת משניות, תנועת חסידים גדולה מיסודם של הבעש"ט והמגיד ממז'ריץ' והעיר היתה לעיר ואם בישראל וסמל ומופת לשאר ערי ווהלין ומפורסמת בגאוניה במשך דורות.

תרומה נכבדה לגילוי נסתרות מזמנים קדומים על־ידי איסוף חומר רב ובדיקת מצבות בבית הקברות הישן של אוסטראה, תרם החוקר הבלתי נלאה בתחילת המאה ה־20 איש אוסטראה ר' מנחם מנדל ביבר בעל „מזכרת לגדולי אוסטראה". ספר רב־כמות ואיכות זה משמש עד היום מצבה חיה לאוסטראה היהודית לדורותיה וכל הספרות המחקרית בת־זמננו שואבת ממנו.

**אוסטראה — עיר של גדולי התורה**

אוסטראה היהודית קשורה בחבל בל ינותק בשמות גדולי התורה ומפרשי התלמוד לדורותיהם כמו המהר"ל מפראג, המהרש"א (מורנו הרב רבי שמואל אידליש) והישיבה הגדולה שהוא עמד בראשה במשך של עשרות שנים, השל"ה, הט"ז ורבים אחרים.

על המהרש"א הילכו בפי העם אגדות וסיפורים רבים וכן על בית־הכנסת הגדול על שמו, שנבנה זמן רב לפני בואו של המרש"א לאוסטראה בשנת 1615 ורק הודות ליחסי החיבה וההערצה שגילו אליו אנשי הקהילה והעובדה שחי ופעל ונטמן בבית־הקברות באוסטראה — קראו את בית־הכנסת על שמו. הוא היה בחזקת אב העיר ופטרונה. ענוו ומכניס אורחים ונדיב. על אבן ביתו של המהרש"א היה חקוק: „בחוץ לא ילין גר, — דלתי לאורח אפתח". נפטר בשנת שצ"ב — 1632. בין ספריו: „חידושי הלכות", „חידושי אגדות" ו„חידושי המהרש"א" —

על פירוש רש"י לחמישה חומשי תורה. יהודי אוסט־ראה ערכו חגיגה גדולה בשנת 1932 לציון 300 שנה לפטירתו, בה השתתפו רבנים ונכבדים מכל קצות פולין ונציגי השלטונות. יהודי אוסטראה סגרו ביום זה את עסקיהם בכדי להתייחד עם זכרו.

אוסטראה משכה גם במראה החיצוני כעיר יפה הטובלת בים של ירק. בנין בית הכנסת הגדול של המהרש"א חלש על המראה הכללי של העיר ושיווה לה צביון יהודי. ארמון הנסיכים והמגדלים הרבים בה הוסיפו לה חן מיוחד, כזכר לעיר שתקופה מסויימת שימשה עיר בירה למאות העיירות מסביב לה. השדות, הנהרות והיערות מסביב לה שימשו מקום טיולים ובילויים לנוער ולאוכלוסיה כולה.

בין גדולי התורה שחיו ופעלו בעיר פרט למהרש"א:

השל"ה (ר' ישעיהו הלוי הורוביץ), חי במאה ה־17 ושימש כרב העיר אוסטראה. ספרו „שני לוחות הברית" התפרסם בכל העולם היהודי. עלה לארץ־ישראל וחי בירושלים ובצפת. קברו בטבריה נמצא ליד קברי ר' יוחנן הסנדלר והרמב"ם.

ר' דוד סגל מחבר „טורי זהב" (הט"ז), חי במאה ה־17 ושימש כאב בית־דין וראש ישיבה באוסטראה. ספרו „טורי זהב" הוא פירוש על „השולחן ערוך" לר' יוסף קארו היה בין הניצולים בפרעות ת"ח ות"ט. חיבר סליחות מיוחדות לזכר האסון.

ר' מאיר מרגלית, חי במאה ה־18, היה אב בית־דין באוסטראה ובגליל. היה גאון ומידידי וחסידי הבעש"ט. ספרו „מאיר נתיבים".

הגאון ר' יעקב בר' חיים הכהן רפופורט, כיהן באוסטראה כאב"ד לעיר ולגליל. נפטר בשנת תרכ"ב.



הרב הגאון ר' שמואל איידליס,
המהרש"א. שכ"ג—שצ"ב
(1632—1563)

המהרש"ל (מורנו הרב שלמה לוריא), חי במאה ה־17 ועמד בראש ישיבה גדולה באוסטראה ושימש כרב כולל לכל חבל ווהלין. מכאן עבר ללובלין. מספריו הידועים: „חכמת שלמה" ו„ים של שלמה".

**אוסטראה במאה העשרים**

התנועה הציונית בעיר החלה לפעול בשנת 1909 ופעולותיה נמשכו עד לימי השואה. בימי הצאר התקיימו אסיפות בחשאי ולפעמים דוקא בימי חג

המולד, שפקידי השלטון היו אז בגילופין. העבודה התרבותית התנהלה בחוגים שונים: חוג לציונות, חוג להיסטוריה יהודית, חוג לידיעת הארץ, ועוד. יקופחו ע״י שלטונות העיר. אוסטראה היתה למרכז הפעילות הציונית והחלוצית בווהלין בשנים שלפני השואה.




רחוב
„השלישי במאי"
באוסטראה

הנוער אסף אז תרומות לועד האודיסאי של חובבי ציון. נוסדה גם חברה לארגון נסיעות לא״י. גם למפלגת ה„בונד" היתה השפעה ניכרת ברחוב היהודי.

משנת 1917 נעשתה העבודה הציבורית והציונית בגלוי. קוימו הרצאות על א״י, קשרים עם מוסדות א״י בארץ ובוורשה; עריכת נשפי קרן קיימת ובאזארים. לשיא פעולתה של התנועה הציונית זכו יהודי אוסטראה בשנות ה־20 וה־30 של המאה, שאז היכה שורשים רעיון העליה. בין הראשונים שעלו ארצה בשנות ה־20 היה יעקב פישל פלדנקרייז עם אשתו דבורה. היה זה איש הספר ולא איש עבודה, למרות הכל השתלב בגיל 45 בעבודות חקלאיות בפתח־תקוה, בפרדסים ובחריש. פלדנקרייז היה גם אחד הגיבורים הקדושים של פרעות תרפ״א.

אישי ציבור עם חוש ציבורי מפותח היו בשנים ההן קלמן פרנקל ואביגדור קמרמן ששרתו כסגני ראש העיר אוסטראה ודאגו לתושבים היהודים שלא

נוער מכל התנועות הציוניות יצאו להכשרה; התפתח מאוד החינוך העברי, נוסדו בתי־ספר וגמנסיה „תרבות", התקיימו הרצאות על נושאים ציוניים וספרותיים. גם אגודת הנשים הציונית נתנה את חלקה בפעילויות שונות למען בניית הארץ.

בראש הקהילה עמדו נכבדים נבחרי הקהילה כמו אברהם אהרון פינקלשטיין, חיים גלפרסון וחיים דוידזון, שרובם ככולם החזיקו רבנים ומוסדות סוציאליים בעיר.

בין הרבנים שכיהנו בעיר היו: הרב יוסף ורטהיים שעבר להרובישוב ולאחר מכן עלה ארצה ונפטר בירושלים. היה ידוע כ„חריף ובקיא", מקובל בחוגים הציוניים ואצל השלטונות. אחריו כיהן כרב העיר, הרב מרדכי גינזבורג. כדיינים האחרונים לפני השואה כיהנו הרב ר׳ אפרים גוברמן, רבי דב קפלן (ר׳ בערעלע דיין). ורבי זאב וולף ספרד בנו של רבי ר׳ אלתרוני, אחרון האדמו״רים בעיר. רבי אליקים געצל גלמן כיהן כרב בעיר החדשה. באותם ימים היה ידוע בעיר תלמיד־חכם ואיש־ספר, חוקר



הרב ר׳ אפרים גוברמן

קדמוניות העיר ו„מתנגד״ חריף לחסידות — ר׳ מנחם מנדל ביבר.

נכבדי העיר שפעלו בעירית אוסטראה היו שלמה קומנדנט, בצלאל ברמניק, מרדכי יעקב נורדמן, גרישה באנד, משה אבלמן ואחרים. חיים דוידזון ולייבוש ביבר היו המנהיגים הציונים הבולטים ביותר באוסטראה.

פעילותם של המנהיגים הציוניים בעיר היתה מורגשת בכל שטחי החיים.

אוסטראה התברכה גם במורים מצטיינים, בעלי



הרב ורטהיים

חוש ציבורי וציוני רב, כמו שמואל שריר, שעליו דיבר באוזני טובות נשיא המדינה המנוח ר׳ זלמן שז״ר ז״ל; מרדכי קפלן, יעקב נורדמן, משה טולפין, תנחום ז׳בין ואחרים.

אנשים בעלי כושר מנהיגות קמו בכל תנועות הנוער הציוניות בעיר. יענקל קפלן מגורדוניה נפל כפרטיזן מצטיין בעורף הצבא הנאצי.

לא חסרה גם חברת משניות בעיר בהנהגתם של ר׳ מאיר צבי פינקל ור׳ פנחס פליקוב שמנתה עשרות רבות של נכבדים שלמדו כל ימות השנה וב„סיום״ ערכו משתה כיד המלך בביתו של ראש החברה, ואני, כילד, נהניתי מהערב החגיגי בבית ומהתבשלים הריחניים שהכינו המבשלות.

זה היה תור הזהב של הפעילות הציבורית המגוונת בעיר עד לשואה ואיתה הסוף המר של קהילת הפאר, אוסטראה המעטירה.



הרבי ר׳ אלתרוני, האדמו״ר האחרון באוסטראה לפני השואה

חיים פינקל

# אַסטראַה אַ גרויסער יידישער קולטור-צענטער

אַסטראַה איז אַן אוראַלטע שטאָט — איינע פון די עלטסטע שטעט אין פוילן און אין וואָלין, וואָס האָט אַ לאַנגע געשיכטע פון איבער 1000 יאָר. געאָגראַפיש ליגט די שטאָט אויסגעשפרייט אויף די ברעגן פון די טייכן „וויליע" און „האָרין".

אין אָנהויב פון איר אַנשטייונג, האָט די שטאָט געהערט צו די פירשטן און גראַפן, וועלכע האָבן גערן געזען דאָס באַזעצן זיך פון יידן אַלס אַ פּאָזיטיוון גורם, וואָס זיינען מסוגל צו אַנטוויקלען די שטאָט אויף די געביטן פון מסחר און מלאכה.



גשרי העיר החדשה,
עליהם צעדו יהודי
אוסטראה את
מצעד המוות

פון פאַרשיידענע מקורות לערנען מיר, אַז אַרום יאָר 900, האָבן שוין געוווינט אין אַסטראַה אַ געוויסע צאָל יידן, צווישן זיי אויך יידן פון קאַווקאַז און אַ געוויסע צאָל יידן, וואָס זיינען אַנגעקומען קיין אַסטראַה מיטן פּליטים-שטראָם פון דייטשלאַנד אין רעזולטאַט פון די פּילצאַליקע אַנטי-יידישע גזירות און רדיפות און האָבן געזוכט אַ מקום-מקלט אין די שטעט פון דעם שכנותדיקן פוילן.

אין 13טן יאָרהונדערט, איז אַסטראַה אַריין אין באַשטאַנד פון דעם גאַליציש-וואָלינער פירשטנטום און אין 14טן יאָרהונדערט איז די שטאָט פאַרכאַפּט געוואָרן דורך ליטע. אין 15טן יאָרהונדערט געפינט זיך אַסטראַה אונטער דער הערשאַפט פון פעאָדאַלן פוילן און געהערט אַדמיניסטראַטיוו צו דעם קניאַז (פירשט) אַסטראָזשסקי.

די שטאָט איז נישט איינמאָל באַלאַגערט געוואָרן

פון פיינטלעכע שבטים, און געוואָלט זי באַהערשן. די באַפעלקערונג האָט שטאַרק געליטן פון אָפטע אינוואַזיעס און איבערפאַלן און באַזונדערס געליטן פון די וואַנדערנדיקע קרימער טאָטאַרן, וועלכע האָבן באַהערשט ריזיקע שטחים פון אוקראַינע און האָבן שטאַרק אַטאַקירט די פּאָזיציעס פון מיליטער־רישן גאַרניזאָן, וואָס האָט פאַרטיידיקט די שטאָט, אַזוי אַז עס איז נויטיק געווען צו באַפעסטיקן די שטאָט מיט אַ וואַנט, וואָס זאָל שיצן די באַפעלקערונג פון די רויבער־באַנדעס.

זיך אין די מקורות, איז די שטאָט אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען אָסטראָג אויפן נאָמען פון דעם פירשט אָסטראָזשסקי, דער מושל פון דער שטאָט, וואָס האָט געוואָלט פאַראייביקן זיין נאָמען און זי אָנגערופן פאַרקירצט אָסטראָג.

די יידן, דאַקעגן טייטשן אויס דעם נאָמען פון דער שטאָט „אות־תורה" (דער סימבאָל פון תורה), היות ווי אין דער שטאָט האָבן זיינער צייט געלעבט גרויסע פערזענלעכקייטן, לומדי־תורה, רבנים, גאונים ווי דער מהרש"ל (**מורנו הרב שלמה לוריא**),



**ארמון נסיכי אוסטראה**
**(„דער שלאָס" אין אוסטראה)**

לויט איר טאָפּאָגראַפישער סטרוקטור, איז די שטאָט געווען אַרומגערינגלט מיט פעסטונגען, טורעמס, וואַלן און האָט אויסגעזען ווי אַ טורמע. פון דאַנען, וואַרשיינלעך שטאַמט דער נאָמען פון דער שטאָט **אָסטראָג**, וואָס באַדייט אין רוסיש אַ **טורמע**. לויט אַן אַנדערער ווערסיע, וועלכע געפינט

מהרש"א (מורנו הרב רבי שמואל אידליש), **השל"ה** (ר' ישעיהו הלוי הורביץ) און אַנדערע גדולי־הדור.

שווער צו געפינען אַ גרויסע פלאַנמעסיקייט אין אַרכיטעקטאָנישן געבוי פון אַזאַ אַלטע שטאָט ווי אָסטראָה. געוויס איז די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט אין משך פון לאַנגע דורות געווען אַ רעזולטאַט פון

צופעליקע אומשטענדן: געאָגראַפישע, סאָציאָלאָגישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע. ביז די לעצטע צייטן קאָן מען געפינען שפורן פון איר פונאַנדערגעבוי, שפורן פון אַ ספּעציעלן אַרכיטעקטאָנישן סטיל, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן סטיל



השער העתיק ברח׳ לוצקה

פון דעם געבוי פון אַ שטאָט — אַ פעסטונג אין יענע מקומות אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט געלייגט דעם חותם אויף איר אַנטוויקלונג אין משך פון פיל דורות. אַזוי זיינען נאָך קאָנטיק די שפורן פון דער אַלטער פעסטונג, ווענמענס חורבות זאָגן עדות פון אַן אַרכיטעקטאָנישן סטיל פון דער מיטלאַלטערלעכער אַרכיטעקטור.

### די אַנטוויקלונג פון דער קהילה אין אָסטראָה

אין דער ברייטער נעץ פון ישובים, שטעט און שטעטלעך אין אַמאָליקן פּעאָדאָלן פּוילן, שפּעטער אונטער דער הערשאַפט פון רוסישן צאַראַט און אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז דאָס יידישע לעבן אין אָסטראָה געפלאָסן מיט פילפאַרביקן ריטעם מיט עליות און ירידות. די יידישע געשיכטע־בלעטער פון דער שטאָט זיינען אַדורכגעווייקט מיט טרערן און בלוט. אויפן לאַנגן וועג פון איר געשיכטלעכן לויף, האָט די יידישע קהילה אין אָסטראָה געהאַט אויסצושטיין נישט ווייניק עלילות־דם, רדיפות, נגישות, גזירות און פּאָגראָמען, אָבער נאָך יעדן אויסגוס פון צאָרן מצד די שונאי־ישראל, האָט די קהילה אָנגעהויבן פונדאָסניי דעם ווידעראויפבוי און אַנטוויקלונג.

פון אַלע שטעט אין וואָלין אין משך פון איר עקזיסטענץ, האָט אָסטראָה איבערגעשטיגן פאַרשיידענע אַנדערע גרעסערע קהילות מיט איר גוט־אַנטוויקלטער נעץ פון תורה־אַנשטאַלטן, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און מיט איר ברייטער חינוך־נעץ. אָסטראָה איז געווען אַ שטאָט פון תורה און חכמה און האָט אין משך פון יאָרהונדערטער געשפּילט אַן אָנפירנדע ראָל צווישן די קהילות אין וואָלין.

די יידישע קהילה אין אָסטראָה איז געווען די גייסטיקע מעטראָפּאָליע פון אַ זייער פרוכטבאַרער יידישער תפוצה, וואָס האָט משפיע געווען ווייט מחוץ אירע געאָגראַפישע גרענעצן, אַ דאַנק אירע גרויסע פערזענלעכקייטן, גדולי־הדור, גאונים און גרויסע רבנים, וואָס האָבן פאַרנומען דעם כיסאָ־הרבנות אין אָסטראָה. די גרויסע ישיבה איז געווען אַ שם־דבר אין דער יידישער וועלט און די קהילה האָט פּראָספּערירט אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישן לעבן. אָסטראָה איז געווען די הויפּטשטאָט פון וואָלין, ווו עס איז געזעסן דער בית־דין הגדול און די יידישע קהילה אין אָסטראָה איז געווען איינע

פון די פיר הויפט־זיילן פון דעם „ועד ארבע האר־צות", למעשה דער יידישער „פּאַרלאַמענט", וואָס האָט עקזיסטירט פון מיטן 16טן יאָרהונדערט ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט, ווו די יידן האָבן געגאַסן פון גייסטיקער און פּולשטענדיקער אויטאָנאָמיע.

*

די ערשטע ידיעות וועגן אַן אָרגאַניזירטן יידישן יישוב אין אָסטראָה שטאַמען פון יאָר 1444, ווען די שטאָט איז געוואָרן איינגעבירגערט אין דער פּויליש־ער מדינה. די יידן וועלכע זיינען אָנגעקומען אין דער שטאָט פון מערב, האָבן דאָ געפונען אַ גינסטיקן פּלאַץ פאַר אַן עקאָנאָמישער טעטיקייט. זיי האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן אַלס געניטע סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט בהמות, וואָס זיי האָבן געקויפט אין וואַלאַכיע (רומעניע) אויף מזומן, אָדער אויסגעביטן מיט וואָל און אַנדערע סחורות. אין די פּוילישע מערבדיקע שטעט, ווו די אינדוס־טריעלע אונטערנעמונגען זיינען געווען גוט אַנט־וויקלט. אין יענע צייטן, פלעגן די יידישע סוחרים איינקויפן די נויטיקע סחורות פאַר דער אָסטראָהער באַפעלקערונג און פאַר דער באַפעלקערונג אין דער סביבה.

אין יענער צייט (אין מיטלאַלטער), האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן דער האַנדל פון תבואה און אַנ־דערע אַגראַר־פּראָדוקטן, וואָס די יידישע סוחרים האָבן עקספּאָרטירט און מיט דער צייט האָט זיך אויך אין אָסטראָה אַנטוויקלט אַ קליין־אינדוסטריע, אין וועלכער די יידן האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט איז גע־וואַקסן און אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט האָט די צאָל יידן אין אָסטראָה באַטראָפן 1500.

אָבער צוגלייך מיטן וווּקס פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין שטאָט און די אינטעגראַציע פון די יידן אין פאַרשיידענע אָפּצווייגונגען פון האַנדל און מלאכה, איז אויך געשטיגן די האַס און שנאה צו די יידן מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די יידישע קהילה אין אָסטראָה איז נישט געווען פריי פון אויפטרייסלונגען און אומרוען, וואָס איז געווען

אַ פּועל־יוצא פון די רייבונגען צווישן פּוילן און ליטע אויפן נאַציאָנאַלן באָדן און די יידן זיינען גע־ווען פאַרדעכטיק מצד זייער אונטערשטיצונג פון דעם אָדער יענעם צד.



על רקע אחד המגדלים באוסטראה

די פּויערישע אויפשטאַנדן אין אוקראַינע, האָבן אַריינגעבראַכט די יידן אין אַ שרעקלעכער פּאַזע, וואָס האָט זיך באַזונדערס אויסגעדריקט אין די פּאַ־טאַלע יאָרן פון 1649—1648, וואָס זיינען פאַרשריבן אין דער יידישער געשיכטע מיט בלוטיקע אותיות ווי די גזירות ת"ח ות"ט, וואָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן די יידישע קהילה אין אָסטראָה.

אין יענע בלוטיקע יאָרן, אין דער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט האָט דער קאָזאַקישער שטורעם פון די באַנדעס פון קאָזאַקישן אַטאַמאַן באָגדאַן כמיעלניצקי חרוב געמאַכט אַ 300 יידישע קהילות און צווישן זיי אָסטראָה. די צעווילדעוועטע כמיעל־ניצקיס קאָזאַקן האָבן מיט דער בעסטיאַלישער

גרויזאַמקייט זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער, געמאָרדעט, פאַרגוואַלדיקט יידישע פרויען, פאַרברענט און צעשטערט בתי־כנסת און איבערגעלאָזן נאָך זיך בערג מיט אַש און הונדערטער הרוגים אין שטאָט.

וועגן די בלוטיקע יאָרן ת״ח ות״ט אין אָסטראָה געפינען מיר אויספירלעכע באַשרייבונגען אין דעם בוך פון ש. הערץ „די יידן אין אוקראַינע״ און אין דעם בוך פון נתן־נטע האַנאָווער **„יון מצולה״** („דער קאָזאַקישער אָפּגרונט״) און אין אַנדערע מקורות. לויט די דאָזיקע מקורות, דערגרייכט די צאָל פון יידישע קרבנות צו 7 טויזנט.

וועגן דעם גרויסן חורבן אין אָסטראָה איז אויך פאַרפאַסט געוואָרן אַ ספּעציעלע קינה, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט דער צער און ווייטיק פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט. אין די כתבים פון באַרימטן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו ווערט דערמאָנט אָסטראָה, וואָס האָט שווער געליטן פון באַגדאַן כמיעלניצקיס באַנדעס און פון זייערע פּאָגראָמען אין אָסטראָה, ווו עס זיינען איבערגעבליבן בלויז 5 יידישע הייזער.

פּאָגראָמען און אומרוען זיינען געווען אַן אָפטע דערשיינונג אין וואָלין אין פאַרשיידענע צייטן, וואָס איז געקומען אויפן נאַציאָנאַלן באָדן און איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ תהומישער שנאה צו די יידן מצד דעם קריסטנטום.

די קאָזאַקישע היידאַמאַקעס האָבן סיסטעמאַטיש געהעצט די פּויערים און אַנדערע קריסטלעכע עלעמענטן, וועלכע האָבן אָפן גערופן צו מאָרדן די יידן. איינער אַזאַ באַוווסטער פּאָגראָם איז אָדורכגעפירט געוואָרן דורך די תלמידים פון טעאָלאָגישן סעמינאַר, וואָס האָבן געלעבט אין די מאָנאַסטירן אין דעם נאָענטן ישוב אין פּאָוולאָוויץ. דאָרטן זיינען דערהרגעט געוואָרן 9 יידן און צווישן זיי דער קדוש רבי צבי, דער מחותן פון רבי ייב״י.

אין איסרו־חג פון פסח, האָבן זיך באַוויזן אין אָסטראָה פּויערים מיט וועגענער האָלץ צו פאַרקויפן כביכול, אָבער אונטער די האָלץ האָבן די פּויערים אויסבאַהאַלטן פאַרשיידענע קאַלטע כלי־זין, ווי העק, מעסערס, אייזערנע שטעקנס און אַנדערע כלים כדי דורכצופירן אַ שחיטה אויף די יידן אין שטאָט. אין אַנבליק פון דער גרויסער סכנה, האָבן די יידן געזוכט שוץ ביי די שטאָטישע טאַטאַרן, וועלכע זיינען געווען באַוווסט אַלס שטאַלצע און דרייסטע קעמפער און פאַרן פרייז פון אַ גרויסער סומע געלט, האָבן זיי מסכים געווען צו באַשיצן די יידן פון אַ פּאָגראָם. זיי האָבן זיך גוט באַוואָפנט מיט געווער און זיך אַרויסגעלאָזן אַנטקעגן די צעיושעטע פּויערים, זיי אַנטוואָפנט, שטאַרק צעשלאָגן, אַרויסגעשלעפּט די באַהאַלטענע כלים פון די וועגענער און זיי פאַרטריבן פון שטאָט. די אָסטראָהער יידן זיינען דאַן געראַטעוועט געוואָרן פון



הארמון העתיק של נסיכי אוסטרוז'סקי באוסטראה

אַ שרעקלעכער שחיטה און האָבן דעם טאָג אָנגע־רופן אַלס „נס דאיסרו־חג של פסח״.

אַן אַנדער נס וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין דעם אַלטן פנקס פון דער אָסטראָהער קהילה איז געווען אַ געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1792, דאָס הייסט אין דער תקופה פון דער צווייטער צעטיילונג פון פוילן.

אין יענעם יאָר האָבן די רוסישע חילות אונטער דער קאָמאַנדע פון פעלדמאַרשאַל סוּוואָראָוו אַטאַ־קירט די פוילישע אַרמיי, וואָס האָט זיך שטאַרק באַ־פעסטיקט אין אָסטראָה. די פוילישע אַרמיי, נישט זעענדיק קיין מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן די באַלאַ־גערונג פון סוּוואָראָווס אַרמיי, און אויס מורא, אַז וויטן אויסגעזען ווי אַ פעסטונג. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דער שול, זוכנדיק אַ שוץ צווישן אירע גראָבע און שטאַרקע ווענט. די רוסן האָבן יעדעס מאָל באַנייט די באָמ־באַרדירונג פון דער שול און איין באָמבע האָט גע־טראָפן אין דער דרום־וואַנט און איז געבליבן האַלב איינגעזונקען. די צווייטע באָמבע, וואָס איז אַריינ־געדרונגען דורך אַ פענצטער, האָט נישט אויפגעריסן און זי איז געבליבן שטעקן אַזוי ביז דער שואה. מען האָט זי אויפגעהאָנגען אויף שטאַרקע קייטן אויפן סופיט און זי האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צווישן די פילצאָליקע טוריסטן, וואָס זיינען אין פאַרשיידענע צייטן געקומען זען דעם וווּנדער.



הכותל הדרומי של בית־הכנסת ע״ש המהרש״א באוסטראה. כדור ברזל תקוע בפינה הדרומית־מזרחית

די שטאָט קען פאַלן, האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט, אָבער ביים אָפּטרעטן האָט דאָס פוילישע מיליטער אויפגעריסן די בריקן אויף דעם טייך „ווילִיע״, וואָס פאַרבינדט די נייע און די אַלטע שטאָט און דאָס האָט באַשווערט דעם פאַרויסמאַרש פון דער רוסישער אַרמיי. צוזאַמען מיטן פוילישן מיליטער, האָט אויך די פוילישע באַפעלקערונג פאַרלאָזט די שטאָט.

די רוסישע אַרמיי האָט שטאַרק באָמבאַרדירט די שטאָט מיט האַרמאַטן און האָבן ספּעציעל געצילט אין דער ריכטונג פון דער מהרש״א־שול, וואָס לויט איר אויסערלעכער קאָנסטרוקציע האָט זי פון דער

ווען ס׳איז באַוווּסט געוואָרן אַז דאָס רוסישע מי־ליטער גייט באַנייען דעם שטורעם פון דער שטאָט און ס׳האָט די יידן געדראָט אַ גרויסע סכנה, אַז זיי וועלן אַלע אומקומען אין דער גרויסער שול, אין פאַל ווען די רוסן וועלן באַנייען דעם שטורעם פון דער שטאָט און וועלן חרוב מאַכן די שול, האָט זיך געפונען איינער אַן עלטערער ייד מיטן נאָמען ר׳ אליעזר (דער פאָטער פון דעם קאָמאַרנער מגיד רבי יוסף משה), וואָס האָט באַהערשט פּערפעקט די רוסישע שפּראַך. ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן כלל און איינשטעלנדיק זיין לעבן אין סכנה, האָט ער דורכגעשוווּמען די „ווילִיע״, אָנגעקומען בשלום

אויף דער צווייטער זייט ברעג פון דעם טייך און האָט זיך דערקליבן צום רוסישן לאַגער, וועלכער איז געווען גרייט צו באַנייען די באַשיסונג פון דער שטאָט.

ס'איז אים געלונגען צו טרעפן זיך מיט סוואָראָוון און ער האָט אים דערציילט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האָט שוין פאַרלאָזט די שטאָט און אַז ער קען פירן זיין אַרמיי אָן קיין שום שטערונגען אין שטאָט. סוואָראָוו האָט אים באַשטימט אַלס וועגווייזער און די רוסישע אַרמיי האָט מיט אַ טריאומף־מאַרש אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט. די יידן האָבן געמאַכט די באַפרייער אַ פייערלעכן קבלת־פּנים און די רבנים פון דער שטאָט האָבן באַשטימט דעם טאָג פון דעם אַריינמאַרש פון רוסישן מיליטער קיין אָסטראַה דעם זיבעטן טאָג תמוז אַלס „נס ז׳ בתמוז״.

*

ביז דעם 14טן יאָרהונדערט, האָט זיך וואָלין גערעכנט אַלס רוסישע פירשטנטום; מיטן פּאַראייניקן זיך פון ליטע מיט פּוילן אין 16טן יאָרהונדערט איז וואָלין אַנגעשלאָסן געוואָרן צו פּוילן. אין יענער צייט האָט זיך דער יידישער ישוב אַנגעהויבן גוט צו אַנטוויקלען. ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרשיידענע צעכן, דער מסחר האָט זיך אויסגעברייטערט. ס'זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע חברות און די קהילה האָט פּראָספּערירט.

אין יענער צייט איז אין אָסטראַה געגרינדעט געוואָרן אַ דרוקעריי ווו עס זיינען געדרוקט געוואָרן העברעישע ביכער, איבערהויפּט ספרי־קודש און אפילו דער תנ״ך איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ סלאַווישער איבערזעצונג. די דרוקעריי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1581 און זי האָט באַלאַנגט צו יידן.

אין 1797 איז גאַנץ וואָלין צוזאַמען מיט אָסטראַה צוגעאייניקט געוואָרן צו רוסלאַנד און ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיטן אַנטשטיין פון דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז דער מערבדיקער טייל פון אוקראַינע און אין דעם וואָלין מיט אָסטראַה אַלס גרענעץ־שטאָט, אַריבער צו פּוילן און די שטאָט האָט זיך געפונען אונטער דער פּוילישער הערשאַפט ביז סעפּטעמבער 1939, ווען די שטאָט איז צוגעאייניקט געוואָרן צום ראַטנפאַרבאַנד. (וועגן סאָוויעטישן פּעריאָד סעפּטעמבער 1939—1941 און וועגן דער חורבן־תקופה, זע די אַרטיקלען פון בעטי אייזנשטיין און אהרן וואַלדמאַן).

*

אין אָסטראַה, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע יידישע קהילות האָבן די יידן געפירט אַ פּינקס, אין וועלכן עס זיינען פאַרשריבן געוואָרן די וויכטיקסטע געשעענישן פון דער קהילה. אין דעם פּינקס האָט מען פאַרצייכנט אויך פאַרשיידענע מעשיות, לעגענדעס, געזעצן וואָס די קהילה האָט אַרויסגעגעבן. אין דעם פּינקס איז אויך פאַרשריבן געוואָרן וועגן די גרויסע רבנים און גדולי־התורה, וואָס האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געלעבט אין אָסטראַה. אָבער אין רעזולטאַט פון די בלוטיקע פּאָגראָמען און אָפטע שריפות, זיינען כמעט נישט איבערגעבליבן קיין ידיעות פון די אַלטע צייטן אין דער שטאָט, חוץ די פאַרצייכענונגען וועגן די קאָזאַקישע אומרוען פון באָגדאַן כמיעלניצקי, אין די יאָרן 1648—1649.

די יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן די שטאָט בעת די קאָזאַקישע אומרוען, האָבן זיך צוריקגעקערט און האָבן אָפּגעבויט פונדאַסניי די שטאָט, באַנייט דאָס קהילה־לעבן, באַנייט די טעטיקייט פון די געזעלשאַפטלעכע מוסדות אין שטאָט, געבויט בתי־כנסת און די באַרימטע ישיבה און דאָס יידישע לעבן האָט ווידער פונקציאָנירט ווי פריער. אָסטראַה איז ווידער געוואָרן אַ גרויסער גייסטיקער צענטער. די חסידישע באַוועגונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם בעל־שם־טוב און איז פאַרגעזעצט געוואָרן פון דעם מעזריטשער מגיד, האָט אין שטאָט געפונען פיל אָנהענגער, און די חסידישע באַוועגונג האָט געלייגט איר חותם אויף דאָס לעבן פון די יידן אין שטאָט. אָסטראַה איז געוואָרן דער קרוין־צענטער פון גאַנץ וואָלין אַ דאַנק די גרויסע רבנים און די

**גרויסע ישיבה** וואָס האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט און איז געוואָרן איינע פון די גרעסטע תורה־צענ־טערס אין גאַנץ וואָלין.

✱

**דער אָסטראָהער בן עיר ר׳ מענדל ביבער,** גע־לעבט סוף 19טן יאָרהונדערט און אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט, וואָס איז געווען איינער פון די חשוב־סטע און וויכטיקסטע געשיכטע־פאָרשער פון אָס־טראָה, האָט אָנגעקליבן זייער ווערטפולע דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פון דער שטאָט אין אַלע צייטן. צו דעם צוועק האָט ער אַדורכגענישטערט אַלע אַלטע מצבות אויפן אַלטן בית־הקברות אין אָס־טראָה, אָפּגעווישט דעם שטויב פון די אַלטע איינ־געפאַלענע מצבות, כדי צו קענען איבערלייענען די אותיות אויף די מצבות. ער האָט פאַרשריבן די פרטים פון די נפטרים און זייער דאַטע פון דער פטירה און אויף דעם סמך, האָט ער רעקאָנסטרוי־אירט די געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין אָסטראָה.

ער האָט פאַראייביקט די שטאָט מיט זיין ווערט־פולן בוך „מזכרת לגדולי אוסטראה״, וואָס איז גע־דרוקט געוואָרן אין בערדיטשעוו אין יאָר 1907, וואָס איז דער סאַמע וויכטיקסטער מקור צו לערנען די געשיכטע פון דער שטאָט און פון דער קהילה. מיט זיין בוך האָט ער אויפגעשטעלט דעם גרויסן מאָנומענט פאַר די גרויסע גאונים און רבנים, וואָס האָבן געלעבט אין אָסטראָה אין פאַרשיידענע צייטן, ביז דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

### אָסטראָה — די שטאָט פון די גדולי־תורה

אין דעם אויבן־דערמאָנטן בוך פון ר׳ מענדל ביבער, געפינען מיר אַ רשימה פון נעמען פון דריי און דרייסיק גדולי־התורה, וואָס האָבן פאַרנומען אין שטאָט די העכסטע אַמטן פון הויפּט־רב. **דאָס**



**בית־הכנסת הגדול ע״ש המהרש״א באוסטראה**

איז אַ יחוס־רשימה פון גאונים און רבנים, מיט וועלכע די אָסטראָהער קהילה האָט שטאָלצירט און אַ דאַנק זיי איז אָסטראָה באַרימט געוואָרן אין דער יידישער וועלט. פון די דריי אָנו דרייסיק גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס געפינען זיך אין דעם א. ד. בוך פון ר׳ מענדל ביבער, איז כדאי זיך אָפּשטעלן אויף איניקע, וועגן וועלכע אין שטאָט זיינען דערציילט געוואָרן פאַרשיידענע לע־גענדעס.

דער סאַמע בולטסטער פון די רבנים און גאונים און איינער פון די בולטסטע פערזענלעכקייטן איז בלי־ספק געוועזן דער **מהרש״א (מורנו הרב רבי שמואל אידליש)**, וואָס איז געווען דער רב הכולל (הויפּט־רב) און ראש־הישיבה אין משך פון צענד־ליקער יאָרן ביז זיין פּטירה. ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין פאַלקסטימלעכקייט, אומבאַגרענעצ־טער פשטות, טיפן וויסן און חכמה.

אַלס איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אָט דער גרויסער פערזענלעכקייט ווי דאָס איז געווען דער מהרש״א, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס אויפן שוועל פון זיין הויז ביים אַריינגאַנג איז גע־ווען אויסגעקריצט אין שטיין מיט לבנה־אותיות די ווערטער: „בחוץ לא ילין גר, דלתי לאורח אפתח״ („אין דרויסן וועט דער גר נישט נעכטיקן, פאַרן נויטבאַדערפטיקן עפן איך מיין טיר״).

אַ דאַנק דער פּאָפּולאַריטעט פון דעם מהרש״א, איז אויך די גרויסע שול אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען און זי האָט געשמט אין דער יידישער וועלט אַלס איינע פון די היסטאָרישע בתי־כנסת. אויך די גרויסע ישיבה אין אָסטראָה, אין וועלכער ער איז געשטאַנען בראש, האָט באַקומען אַ וועלט־נאָמען אַ דאַנק דעם מהרש״א. זיצנדיק אויף דעם כיסא־הרבנות אין משך פון צענדליקער יאָרן, האָט ער פאַרפאַסט זייער וויכטיקע ספרים, וואָס זיינען געווען אַ שעדעווער פון דער תלמודישער ליטעראַ־טור ביזן היינטיקן טאָג. צווישן זיי אַזעלכע ביכער ווי „חידושי הלכות״; „חידושי אגדות״; „חידושי המהרש״א״ — אַ פאַרשונג וועגן דעם פּירוש פון רש״י צו די חמישה חומשי תורה.

דער גאון **מהרש״א** איז נפטר געוואָרן 5 טעג אין כסלו שצ״ב (1632). 300 יאָר נאָך זיין פּטירה אין 1932 האָט די אָנפירונג פון דער אָסטראָהער קהילה באַשלאָסן אָפּצומערקן דער 300סטן יאָרצייט פון מהרש״א אויף אַ זייער פייערלעכן אופן. אין דעם טאָג זיינען געקומען צו פאָרן פיל רבנים און באַרימ־טע פערזענלעכקייטן פון גאַנץ פּוילן, כדי אָפּצומער־קן די דאָזיקע דאַטע. דאָס איז געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַרן אָנדענק פון דעם גאון און גייסטיקן פירער פון פּוילישן יידנטום.

די גאַנצע שטאָט יידן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם זייער איינדרוקספולן און אימפּאָזאַנטן טרויער־אַקט. די קלייטן זיינען געווען געשלאָסן און אַ ריזיקע מאַסע האָט געשטראָמט צום בית־הקברות צו דעם מהרש״א־קבר. פיל הספדים זיינען געהאַלטן גע־וואָרן און די מספידים האָבן אָפּגעשאַצט די גרויסע פערזענלעכקייט און גאונות פון דעם גרויסן למדן און גאון.

כדאי צו באַמערקן, אַז אויך די פאַרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט האָבן אָנטיילגענומען אין די דאָזיקע פייערלעכקייטן. דאָס איז געווען אַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון דער יידישער וועלט לזכר דעם הייליקן אָנדענק פון דעם אָסטראָהער באַליבטן גייס־טיקן מנהיג, רב און גאון, וואָס איז געווען איינער פון די הויפּט־זיילן פון דער רבנישער וועלט אין 17טן יאָרהונדערט.

צווישן אַנדערע גדולי־הדור, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין אָסטראָה, איז געווען **המרש״ל** (מו־רנו הרב **שלמה לוריא**), געלעבט אין 16טן יאָר־הונדערט און געווען דער ראש־הישיבה אין אָס־טראָה און גלייכצייטיק דער הויפּט־רב אין גאַנץ וואָלין. ער איז געווען אַן אויפגייענדיקער שטערן אין דעם גייסטיקן יידנטום אין יענער צייט. ער האָט פאַרפאַסט זייער וויכטיקע ביכער און צווישן זיי אַזעלכע פּערל אין דער תלמודישער ליטעראַטור ווי „חכמת שלמה״ און „ים של שלמה״, „יריעות שלמה״ — אַ פּירוש פון הרא״ם וועגן דער תורה, „עמודי שלמה״, „עטרת שלמה״ און אַנדערע.

**השל״ה (רבנו ישעיה הלוי הורביץ)**, אַ גרויסע רבנישע פערזענלעכקייט, געלעבט אין 17טן יאָר־הונדערט און איז געווען הויפּט־רב אין אָסטראָה.

ער האָט פאַרפאַסט אייניקע זייער וויכטיקע ספרים און צווישן זיי זיין באַרימט בוך „שני לוחות הברית", וואָס איז אַ שעדעווער אין דער תלמודישער ליטע־ראַטור. ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל, גע־לעבט אין ירושלים און אין צפת און זיין קבר גע־פינט זיך אויפן בית־הקברות אין טבריה לעבן די קברים פון ר׳ יוחנן הסנדלר און דעם רמב"ם.

אַסטראַהאַ און אין גליל. ער איז געווען פון די פער־זענלעכע פריינד און גרויסער חסיד פון בעל־שם־טוב (בעש"ט). ער האָט פאַרפאַסט אַ זייער וויכטיקן בוך „מאיר נתיבים".

**דער גאון ר׳ יעקב בר׳ חיים הכהן ראַפּאַפּאָרט**, האָט געלעבט אין 19טן יאָרהונדערט, געווען אב־בית־דין אין אַסטראַהאַ און אין וואָלין, געווען אַ



חזית בית־הכנסת הגדול באוסטראה

**הרב הגאון ר׳ דוד סגל**, דער מחבר פון „טורי זהב" (בעל הט"ז), געלעבט אין 17טן יאָרהונדערט און איז געווען אב בית־דין און ראש־הישיבה אין אַסטראַהאַ. פאַר זיין צייט האָט ער דערהויבן דעם נאָמען פון דער אַסטראַהער ישיבה צו איינע פון די גייסטיקע פעסטונגען אין וואָלין. זיין בוך „טורי זהב" איז אַ פירוש איבער דעם „שולחן ערוך" פון ר׳ יוסף קאַרו. ער איז געווען צווישן די ניצולים בעת די קאָ־זאַקישע שחיטות פון כמיעלניצקיס באַנדעס אין די יאָרן ת"ח ות"ט. לזכר די קרבנות פון יענע שחיטות האָט ער פאַרפאַסט ספעציעלע סליחות, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ דאָקומענט פון יענעם גרויסן אומגליק.

**הגאון מוהר"ר ר׳ מאיר מרגליות**, געלעבט אין 18טן יאָרהונדערט, געזעסן אויפן כיסא־הרבנות אין

גרויסע פערזענלעכקייט אין דער רבנישער וועלט, זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט ווייט פון די גרע־נעצן פון וואָלין און אוקראַינע. ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין גרויסער בקיאות אין תלמוד. זיי־נע געשפרעכן מיט די מענטשן, וועלכע פלעגן קו־מען צו אים אויף אַ דין־תורה האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט גרויס אָביעקטיוויטעט, שטענדיק זיך באַמיט צו איבערצייגן די צדדים צו אַ פשרה און דאָס איז אים שטענדיק געלונגען, אַ דאַנק זיין אי־בערצייגונגס־קראַפט. ער האָט געהאַט אַ באַזונדע־רע שיטה אין דער הלכה און וועלכער ער איז גע־ווען אַ גרויסער בקי. אַלס ראש־ישיבה האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע „שיעורים", וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג צווישן די ישיבה־בחו־רים. נפטר געוואָרן אין יאָר תרכ"ב (1862).

**אַסטראַהע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט**

די קהילה אין אָסטראָהע איז געווען די צענטראַלע אַקס, אַרום וועלכער ס'האָט זיך באַוועגט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע יידישע און גייסטיקע לעבן: רבנות, סטאַטיסטיק פון געבורט און שטערבלעכקייט, צדקה־ענינים, שחיטה. די קהילה האָט אויסגעהאַלטן און געשטיצט פאַרשיידענע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, חברות ווי „חברה קדישא", „ביקור־חולים", בתי־כנסת, חינוך־אַנשטאַלטן א.אַ.וו.

לויט איר ראָלע און אויפגאַבע, האָט די קהילה געהאַט אַן איינפלוס אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט פון די יידן אין שטאָט. בראש פון דער קהילה אין אָסטראָהע זיינען שטענדיק געשטאַנען באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דעם קהל אויף דעמאָקראַטישע יסודות, אַזוי אויך די פרנסים פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. די פאַרשטייער פון דעם ציבור זיינען געווען געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַרן וווּיל און אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט און צווישן זיי אַזעלכע פּאָפּולערע געזעלשאַפטלעכע טוער ווי **חיים דאַווידזאָן, חיים גאַלבערסאָן, אַברהם אַהרן פינקעלשטיין** און אַנדערע.

די קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען די צענטראַלע אינסטאַנץ אויף אָנצופירן מיט די געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און סאָציאַלע ענינים, וועמענס השפעה אויף די יידן אין שטאָט איז געווען אַ באַדייטנדיקע.

די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אויך רעפּרעזענטירט די יידישע באַפעלקערונג כלפי די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען, פריער פאַר די צייטן פון צאַריזם און שפּעטער כלפי די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען. די קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען קאָמפּלעטירט, בעיקר, פון די פאַרשטייער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועמענס ווירקונג אין שטאָט איז געווען זייער אַן אָנגעזעענע. די קהילה איז אויך געשטאַנען אין אַ בריוולעכן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער.

צווישן די רבנים, וואָס האָבן פאַרנומען דעם כיסא־הרבנות אין אָסטראָהע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ביז דער שואה זיינען געווען: **הרב יוסף**



**ועד הקהילה באוסטראה. עומדים מימין לשמאל: „הקורייר" עובדיה באלין, בצלאל ברמניק, שלמה קומנדנט, חיים דווידזון, יואל פינקלשטיין, פיני טקסר, ברל לינצקי, איסאק שפילברג, יוסל גלנץ**

סוף פון 18־טן, ווי יידן האָבן געגאַסן פון אַן אַרגאַ־ניזירטער אויטאָנאָמיע, אַלע פראַגן פון יידישן לעבן זיינען דאָרט דערליידיקט געוואָרן און אַלע יידישע דאגות האָבן דאָרט געפונען זייער אויסדרוק.

די גאַנצע רעליגיעזע אויטאָריטעט האָט געהאַט דער הויפּט־רב (רב־הכולל), וועלכער האָט אָנ־געפירט מיט די רעליגיעזע ענינים איבער דער גאַנ־צער וואָלינער גובערניע. איינער פון די מער באַ־וווּסטע הויפּט־רבנים איז געווען ר׳ שלמה לוריא (מהרש״ל). מיט דער אַדמיניסטראַציע פאַר יידישע ענינים האָט אָנגעפירט דער פרנס־חודש, וועלכער איז געווען דער אָפיציעלער יידישער פאַרטרעטער פאַרן דוכס און לעגאַלער פאַרשטייער פאַר דער רעגירונג. אויך איז געווען אַ שטאָט־שרייבער, וועל־כער האָט געשריבן, תנאים, כתובות, קאָנטראַקטן, איינצייטיק איז ער אויך געווען דער שריפטפירער פון דער קהילה.

אין יאָר 1690 איז דורך אַ ירושה־פּראָצעס די שטאָט איבערגעגאַנגען אין רשות פון צוויי קניאַזן. די גרעסטע טייל שטאָט מיט די הויפּט־גאַסן האָבן באַלאַנגט צו דעם דוכס. מיט דער גרויסער שול אַריינגערעכנט, און די צווייטע טייל שטאָט איז איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון דעם וואָיעוואָדאַ, מיט דער קראַסנעגירער גאַס, טאַטאַרסקע און אונ־טערן שלאָס. פון דעמאָלט אָן איז אויפגעבויט גע־וואָרן די קראַסנעגירער שול.

די הכנסות פאַר רעליגיעזע ענינים זיינען אַריינ־געפלאָסן אין דער גרויסער שול באַזונדער און אין דער קראַסנעגירער שול באַזונדער. לויט די תקנות פלעגט יעדעס יאָר, הושענא רבא, פאָרקומען די שטאָט־פאַרזאַמלונג, אויף וועלעכר מען האָט גע־מוזט האָבן אַ דערלויבעניש פון דוכס. אויף דער פאַרזאַמלונג פלעגט מען אָפּגעבן דעם באַריכט פון די פינאַנסן און עס פלעגן אויסדערווײלט ווערן די נייע פירער פון דער קהילה (גבאים).

*

פיל געשעענישן האָבן געטראָפן דער שטאָט, פון וועלכע די יידן האָבן געליטן אַ סך הונדערטער יאָרן. לויט די פעסטשטעלונגען פון יענער צייט, פלעגט כמעט אַלע 40 יאָר פאָרקומען אַ גרויסע שטאָט־שריפה, וואָס פלעגט פאַרניכטן די שטאָט פון עק ביז עק. אין יאָר 1766 (תקכ״ו) איז פאָר געקומען אַ גרויסע שריפה. אין יאָר 1809 (תקס״ט) זיינען אומגעקומען פון דער שריפה 500 מענטשן. אין יאָר 1848 (תר״ח) איז ווייטער פאָרגעקומען אַ שריפה. די מער פאָפּולערסטע שריפה איז פאָר־געקומען אין יאָר 1888 (תרמ״ט), זי האָט פאַר־ניכטעט די גאַנצע שטאָט. עס איז אויך דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן דער באַוווּסטער אוסטראָה׳ער פנקס. אפילו די מצבות זיינען צובראָכן און פאַר־שאָטן געוואָרן, דאָס איינציקע וואָס איז גאַנץ גע־בליבן איז געווען די גרויסע מהרש״א שול.

די געשעענישן פון די יאָרן 1648—1649 ווערן פאַרצייכנט פאַר אַ ספּעציעל טרויעריק קאַפּיטל וואָס הייסט — גזירות ת״ח ות״ט.

אין יאָר 1648 זיינען באַפאַלן די שטאָט דער באַוווּסטער מערדער כמעלניצקי מיט זיינע קאָזאַקן, וועלכע האָבן אויסגעהרגעט די גרעסטע פערזענ־לעכקייטן פון יענער צייט. זיי האָבן אָפּגעטאָן פיל גרויזאַמקייטן אין די יידישע גאַסן, די גרויסע שול געמאַכט פאַר אַ שטאַל פאַר פערד און בהמות; ווו נאָר אַ ייד האָט מען באַגעגנט אין גאַס, האָבן זיי אים באַלד מיט דער שווערד צעהאַקט; אויף די בוימער האָבן זיי אויפגעהאַנגען עלטערע מיט די קינדער צוזאַמען.

אויפן צווייטן יאָר, ווען די שחיטה איז שטילער געוואָרן, האָבן אַ טייל יידן, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן אין וואַלד, זיך אומגעקערט אין שטאָט און ווען די קאָזאַקן האָבן זיך דערוווּסט, זיינען זיי אַריינגעדרונגען אין שטאָט, אויסגעהרגעט אַלעמען, אויפגעריסן די יידישע הייזער און זיי אונטערגע־צונדן. מער פון 5 יידישע הייזער זיינען נישט גע־בליבן און די גרויסע שול, אַ געשענדעטע, איז צום גליק נישט געשעדיקט געוואָרן.

עס זיינען געווען אַזויפיל קרבנות, אַז מען האָט געמוזט אויסגראָבן פיר ברידער־קברים („קברות׳־לאַך״) אין פאַרשידענע עקן פון שטאָט, וועלכע געפינען זיך נאָך ביז היינט. אַלע יאָר, צו תשעה

באב, פלעגן די „ברידער־קברים" ווערן באַזוכט פון די פרומע יידן, פונקט ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אויף „קבר אָבות" פון זייערע אייגענע.

פון דעם גרויסן אומגליק איז פאַרפאַסט געוואָרן אַ ספּעציעלע קינה, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדרוקט דער צער און ווייטיק פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט. עס זאָגט זיך אין דער קלאָג־באַשרייבונג:

..."פאַרשאָלטענע טמאים זיינען אין אונדזער שטאָט געקומען אין יאָר ת"ח. זי אַרומגערינגלט, אַלץ באַרויבט, געשענדעט מיידלעך און ווייבער און אויסגעהרגעט 7 טויזנט נפשות, מענער, ווייבער און קינדער. אין יאָר ת"ט, האָבן די באַנדיטן זיך ווייטער אומגעקערט און נאָך מער פאַרשטאַרקט די בלוט־באָד. דאָס יידישע בלוט איז ווי וואַסער געפלאָסן, די טויטע קערפּערס זיינען פאַר די פייגל אַ מאכל געווען; ביינאַכט זיינען די טויזנטער קאָזאַקן באַפאַלן און אין די בעטן אויסגעהרגעט אַלעמען, פון די 300 יידן, וועלכע האָבן פון וואַלד זיך אומגעקערט אין שטאָט, האָבן בלויז 3 מענטשן מיט לעבן זיך געראַטעוועט„...

אין לוצקער פּנקס פון יאָר 1661, ווערט געשילדערט דער גרויסער חורבן פון כמעלניצקיס באַנדע, וועלכע האָט גרויזאַם געטראָפן די יידן אין אוסטראָה.

*

אַ צווייטע געשעעניש, וואָס ווערט פאַרעכנט פאַר אַ נס אוסטראָה — רופט זיך „מגילת תמוז".

אין יאָר 1792 (תקנ"ב), ווען רוסלאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט און אַנעקסירט פאַר זיך אַ טייל פון דער פּוילישער מדינה, זיינען צוגעקומען צו דער שטאָט די קאָזאַקן מיט זייער קאָמענדאַנט סוּוואָראָוו, און האָבן אָנגעהויבן זי צו אַטאַקירן. דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס האָט שוין געהאָט עוואַקואירט די שטאָט, האָבן פאַרן פאַרלאָזן אויפגעריסן די בריקן וואָס האָבן פאַראייניקט די נייע מיט דער אַלטער שטאָט. דאָס רוסישע מיליטער האָט נישט געקענט אַריבער דעם טייך, זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז מסתמא האָט זיך דאָס פּוילישע מיליטער באַפעסטיקט אין שטאָט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו האָגלען מיט פייער, געוואָרפן באָמבעס פון האַרמאָטן. דערביי האָבן זיי באַמערקט די שול, וועלכע איז געווען זייער הויך, האָבן זיי זי אָנגענומען פאַר איינע פון די פעסטונגען. די גאַנצע איינוווינערשאַפט, אין די טויזנטער נפשות, האָבן זיך אין דער שול באַהאַלטן פאַר די שיסערייען. דאָס רוסישע חיל האָט בכיון געצילט מיט די באָמבעס דירעקט אין שול אָן אָפּשטעל; איין באָמבע איז אַריין אינעווייניק און נישט אויפגעריסן, אַ צווייטע איז געבליבן שטעקן אין וואַנט, וועלכע איז געבליבן אין דער וואַנט אַלס אָנדענק אַלע יאָרן.

אַזוי ווי דאָס באַלאַגערטע מיליטער האָט זיך געגרייט צו שטורמען די שטאָט און זי פאַרניכטן, האָבן די יידן אין שול זיך שטאַרק געזאָרגט און געוויינט אויף דעם גרויסן אומגליק וואָס רוקט זיך אָן. פּרי, באַגינען, איז איין ייד אַריבער דעם טייך צו דעם רוסישן מיליטער און מיט טרערן אין די אויגן זיי פאַרזיכערט, אַז דער שונא איז שוין לאַנג אין שטאָט נישטאָ און אומזיסט איז די באָמבאַרדירונג, דאָס וואָס זיי נעמען אָן פאַר אַ פעסטונג, איז נישט מער ווי אַ שול. דער קאָמענדאַנט האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער און באַשטימט דעם ייד פאַר אַ וועג־ווייזער ווי איבערצוקרייצן דעם טייך. דעם זיבעטן טאָג אין תמוז זיינען זיי אַריין אין שטאָט, ווערנדיק אויפגענומען פון דער באַפעלקערונג מיט גרויס כבוד און די יידן האָבן גאַרנישט געליטן פון דעם אָנגעקומענעם מיליטער.

די עלטסטע פון יענעם דור האָבן דעם נס פאַרצייכנט אויף אַ מגילה און מיט דער איינשטימונג פון אַלע מנהיגים פון דער קהילה, איז באַשטימט געוואָרן יעדעס יאָר צו דערקלערן פאַר אַ תענית דעם 6טן טאָג תמוז און אויפן זיבעטן טאָג פּראַווען אַ שמחה, פונקט ווי פּורים. מען האָט געלייענט די „מגילת תמוז", ווו עס ווערט דערמאָנט די גאַנצע געשעעניש און פעסטגעזעצט, אַז דער זיבעטער טאָג אין תמוז טאָר קיין שום טרויער נישט זיין, עס מוז זיין יום־טוב אויף דער יידישער גאַס, קיינער טאָר נישט ברעכן דעם מנהג און אַלע אוסטראָהער וואָס

וועלן בלייבן אין שטאָט, אָדער וועלן אויסוואַנדערן אין אַנדערע שטעט, דאַרפן אָפּהיטן דעם יום־טוב אויף אַלע דורות.

דער אָריגינאַל פון דער מגילה איז געבליבן אין דער גרויסער שול און אַ קאָפּיע פון איר — אין דער קראַסנעגירער שול.

*

דער אָסטראָהער גאון מהרש״א איז אַ געבוירענער פון קראָקע. אין פּויזן האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה, וועלכע זיין שוויגער איידל האָט מאַטעריעל אויסגעהאַלטן גאַנצע צוואַנציק יאָר. דערפאַר טאַקע האָט מען אים גערופן ר׳ שמואל איידעלס. פון דער מוטערס צד איז דער מהרש״א אַן אוראייניקל פון דעם מהר״ל פון פּראַג, דעם באַרימטן רב, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער גולם־לעגענדע.

דער מהרש״א איז געקומען קיין אוסטראַהע אין יאָר 1605 (שס״ה), ווו ער איז געוואָרן דער ראש־הישיבה. אין אוסטראָהע האָט ער דערגרייכט די גרעסטע מדרגה אין לומדות, ווו ער ווערט די מערקווירדיקע, איינציקאַרטיקע היסטאָרישע פיגור, וואָס איז טיף איינגעדרונגען אין דעם יידישן באַוווסטזיין — אַלס מהרש״א. זייער אַ סך לעגענדעס זיינען פאַרבליבן פון דעם מהרש״א, וואָס דאָ איז נישט דאָס פּלאַץ צו איבערגעבן זיי גענוי.

ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי אַלעמען מיט זיין פאָלקסטימלעכקייט, אַלס איינער פון די גרעסטע גאונים, האָט ער פאַרפאַסט פיל ספרים, צווישן זיי איז פאַררעכנט אין דער וועלט פאַר אַ וויכטיק ווערק — זיין פאַרפאַסונג „חידושי הלכות וחידושי אגדות" אויפן תלמוד. אַלס כאַראַקטעריסטיק פאַר זיין פאָלקסטימלעכקייט, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס ביי זיין הויז איז געווען אַ שילד אויסגעקריצט אין שטיין, מיט פאָלגנדן זאַג:

„אין דרויסן זאָל דער גר נישט נעכטיקן,
פאַר דעם נויט־באַדערפטיקן עפן איך מיין טיר!״...

דער מהרש״א איז נפטר געוואָרן מוצאי שבת 5 טעג אין כסלו, אין יאָר 1632 (שצ״ב). אין יאָר 1888 (תרמ״ט) איז פאָרגעקומען די גרויסע שריפה דורך וועלכער עס איז אויך צעשטערט געוואָרן דאָס מהרש״א־הויז און פון די שטיינער זיינען די ווערטער אָפּגעמעקט געוואָרן — נישט צו דערקענען. אַ פּאָר שטיינער זיינען מיט 40 יאָר צוריק, דורך אַ צופאַל געפונען געוואָרן און איבערגעגעבן געוואָרן אין דער גרויסער שול אַלס אייגנטום און אָנדענק.

זייער איינדרוקספול און אימפּאָזאַנט איז געווען דער אַקט פון דעם דריי־הונדערטסטן יאָרצייט פון מהרש״א וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין אוסטראַהע, אין יאָר 1932. דאָס איז נישט בלויז געווען אַן אָרטיקער — נאָר אַ פאָלקס־יובל אין פולסטן זין פון וואָרט. אַלע געשעפטן זיינען געווען געשלאָסן, די גאַנצע באַפעלקערונג ווי אויך אָנגעזעענסטע רבנים און פּערזענלעכקייטן פון גאַנץ פּוילן — זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער גייסטיקער דעמאָנסטראַציע אין אוסטראָהע.

אויף דעם בית־עולם ביי דעם מהרש״א־קבר, ווי אויך אין דער גרויסער (מהרש״א) שול, זיינען געהאַלטן געוואָרן רעדעס פון פיל געלערנטע, ווו עס זיינען געקומען צום אויסדרוק די פאַרדינסטן פון דעם גאון, וועלכער איז דער לעצטער און אפשר גרעסטער פאַרטרעטער פון שאַרפקייט אין „לערנען" און אין „דענקען". איינער פון די זיילן פון דעם גאַנצן יידישן גייסטיקן בנין.

*

די גרויסע שול פון אוסטראָהע האָט פאַר זיך אַליין אַ היסטאָריע, וועלכע קאָן אין דער פאָרם פון דעם אַרטיקל נישט אויסגערעכנט ווערן. די גאַנצע גאַס האָט זיך גערופן אויף איר נאָמען — די „שול־גאַס".

די קאָנסטרוקציע פון שול האָט שטענדיק געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון פיל געלערנטע, וויסנשאַפטלער און טוריסטן. דער אויסערלעכער אויסזען פון שול מיט די גאָר הויכע און נאָך מער דיקע ווענט, ווי אויך די פיר גרויסע קאָלאָנען אין צענטער פון דער שול, האָבן אויף יעדן געמאַכט אַן איינדרוק. די גאַלערייען פון דער ווייבערישער שול זיינען איינגעטיילט געווען אין צוויי שטאָקן. אין מערב־זייט — איז געווען דער דריטער שטאָק מיט

דער שול פאַר „וותיקין״. אויפן העכסטן שטאָק האָט זיך געפונען די קצבים־שול. ביים אַריינגאַנג — לינקס, איז געווען די חברה־קדישא־שול. די גרויסע שול מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען האָבן געקענט אַריינעמען ביי 10 טויזנט פּערזאָן.

מהרש״א־שול, כאָטש אין דער ריכטיקייט איז זי געבויט געוואָרן אַ סך יאָרן פאַר אים, איינינקע פלעגן זאָגן, אַז דער מהרש״א האָט צוגעבויט די גאַלערייען פאַר דער ווייבערישער שול. נאָר אַזוי ווי דער מהרש״א האָט אַלע זיינע יאָרן געדאַוונט




בית הכנסת הגדול ע״ש המהרש״א באוסטראה ובית המדרש על ידו

אין אוצר־סקלאַד פון שול, וואָס האָט זיך געפונען אין דער רעכטער זייט ביים אַריינגאַנג — זיינען געווען באַהאַלטן אַלע ווערטפולע חפצים, ווי די צירונג פאַר די ספרים, צווישן וועלכע עס זיינען געווען זייער ווערטפולע און קונסט־אַנטיקן פון גאָלד און זילבער.

ווען אַ מאַן מיט געפילן פלעגט אַריבערטרעטן די שוועל פון שול, פלעגט ער שטיין בלייבן פאַרטראַכט און געפילט אַז גאָטס שטימע רעדט צו אים און זאָגט:

„שטיי בן־אדם, נישט וואָג דיינע טריט ווייטער,
וואַרף פריער פון זיך אַראָפּ דיין וואַכעדיקייט,
ווייל דאָס פּלאַץ, אויף וועלכן דו שטייסט, איז
הייליק״...

אין דער גרויסער שול האָבן געדאַוונט די גרעסטע גאונים, ווי דער מהרש״ל מיט זיינע תלמידים, דער מהרש״א און אַנדערע. די שול רופט זיך די

אין דער שול, וועלכע לעגענדאַרע געשעענישן זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פּאָפּולאַריטעט פון מהרש״א — איז פאַרבליבן דער נאָמען פון דער שול אויף זיין נאָמען.

ס׳איז ווינטשנסווערט צו דערמאָנען, אַז דער ארון קודש אין שול איז געווען געבויט אין דריי שטאָק, וועלכע זיינען געווען פול מיט ספרים. שמחת־תורה, צו הקפות, ווען מ׳האָט באַנוצט אַ לייטער אַרויסנעמען די „ריינקייטן״, האָט מען זיך געגעבן אַ רעכענונג, אַז דאָרטן האָבן זיך געפונען מער פון 500 ספר־תורות. עס האָבן זיך אויך געפונען אַן אַ שיעור פרוכותן און מענטעלעך פון אַריבער 300 יאָר.

עס איז נישט פעסטגעשטעלט ווען די שול איז געבויט געוואָרן. איבער איר אַלטקייט, האָבן די ווענט אין זיך איינגעזאַפּט אַ סך פייכטקייט, וואָס האָט קיינמאָל נישט דערלאָזט אַז די פאַרב זאָל צושטיין.

צוריק מיט אַ פּאָר און פערציק יאָר האָט זלמן מאַליער, דעמאָלסטיקער גבאי, צורעכט געמאַכט דעם גאַנצן פראָנט און מיט אַ צוגאָב פון מילך אין די מאַטעריאַלן, איז דערגרייכט געוואָרן אויף אַ שענסטן אופן — צו אויספאַרבן די וואַנט פון פראָנט.

*

אין די צייטן פון דער רעוואָלוציע, ווען מאַכטן האָבן זיך געביטן פון טאָג צו טאָג, איז אויך אוס־טראָה נישט געשאַנעוועט געוואָרן.

אין יאָר 1918 איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, וואָס האָט געבראַכט פיל טראַגעדיעס אין יידישע הייזער. חוץ דעם, וואָס עס איז צוראַבירט געוואָרן דאָס




מצבה לזכר קדושי אוסטראה בארגנטינה

יידישע האָב און גוטס, זיינען אויך געווען גוואַלד־טאָטן און מענטשלעכע קרבנות. בייגאַכט איז אונ־טערגעצונדן געוואָרן דער גאַנצער מארק־קוואַרטאַל מיט אַלע יידישע געשעפטן.

דער שרייבער פון די שורות איז בייגעווען דע־מאָלט ווען די סאָלדאַטן מיט דער מיטהילף פון די אַרומיקע ציווילע פויערים אין סאָלדאַטסקע שינעלן, האָבן אונטערגעצונדן די סחורות פון איין זייט פּאַ־ליצע, כדי צו זען ווי אויסצוליידיקן די סחורות פון דער צווייטער זייט...

אונטער דער פּוילישער רעגירונג האָט דאָס לעבן אין שטאָט שנעל זיך נאָרמאַליזירט.

די עקזיסטירנדע יידישע אינסטיטוציעס האָבן זיך צעוואַקסן און נאָך מער זיך באַפעסטיקט אויפן קול־טורעלן און געזעלשאַפטלעכן געביט. די קאָמערץ האָט פראָגרעסירט, אַרבעט האָט נישט געפעלט און יידן האָבן געהאַט פרנסה. ביז עס איז געקומען די פאַראָרדענונג פון דער פּוילישער מלוכה — אַריבער־צופירן אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן קיין זדאָלבונאָוו און די שטאָט אַלס גרענעץ־פונקט מיט רוסלאַנד, האָט שנעל זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָווינציעל שטעטל און אַנגעווירן איר ווערט פון אינדוסטריע און האַנדל.

דערפון האָט מאַטעריעל געליטן די יידישע באַ־פעלקערונג. די קהילה אין אוסטראָה האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַט זייער אַ שווערע אויפגאַבע ביים לינדערן די לאַגע פון די נויטבאַדערפטיקע, ווייל די אָרימקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אָבער נישט קוקנדיק אויף דער הערשנדער אָרעמקייט, האָט דאָך אַנגעהאַלטן דאָס יידישע לעבן איר גלאַנץ און אַנטוויקלונג אויף אַלע געביטן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

*

**22־טן יוני 1941.**

די שרעקלעכע טראַגעדיע האָט זיך אַנגערוקט פאַר דער אַלגעמיינער מענטשלעכער געשיכטע בכלל און פאַר דער יידישער — בפרט. די נאַציסטישע רויבער־חיות האָבן בליץ־שנעל פאַרנומען פּוילן. נישט גע־

ווען קיין צייט און מעגלעכקייט צו ראַטעווען די לעבנס פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אוסטראַה. בלויז יחידים האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, אַנטלויפנדיק מיטן רוסישן מיליטער, אָדער אַנטלאָפן אין די וועלדער — אַלס פּאַרטיזאַנער.

די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַר זיך געהאַט אַן אמתן גיהנום פון די דייטשע אינקוויזאַטאָרן, וואָס האָבן צוגעגרייט די פאַרניכטונג אויפן שוידערלעכסטן אופן.

די ליקווידאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אוסטראַה איז דורכגעפירט געוואָרן אין 3 „אַקציעס".

די ערשטע שחיטה איז פאָרגעקומען י"א אב תש"א (4־טן אויגוסט 1941) — אין ברידער־קבר ביים ניי־שטאַטישן וואַלד — זיינען אומגעקומען דריי טויזנט קדושים.

די צווייטע שחיטה מיט אַריבער צוויי טויזנט פינף הונדערט קרבנות איז פאָרגעקומען ט' אלול תש"א (1־טן סעפּטעמבער 1941). דער קבר איז אין ני־טישענער וואַלד.

אין דער דריטער און לעצטער שחיטה זיינען אומגעקומען די רעשט יידן — ז' חשון תש"ב (15־טן אָקטאָבער 1942). דער קבר איז ביים וואַלד, אויף דער נייער־שטאָט.

דער חורבן איז געווען אַ גרויסער. גאַנצע קוואַרטאַלן מיט די הייזער זיינען פאַרניכטעט געוואָרן. נישט צו דערקענען אַ סימן פון באַפעלקערטע געגנטן. פון דער גרויסער מהרש"א־שול זענען געבליבן בלויז די 4 ווענט. מיטן לעבן האָבן זיך געראַטעוועט ביי די 900 יידישע איינוואוינער, פון וועלכע געציילטע געפינען זיך אין אוסטראַה גופא. ביי די 400 געפינען זיך אין מדינת ישראל און די רעשט אין פאַרשיידענע לענדער אין דער וועלט.

פון די לאַנדסלייט האָבן אַ טייל גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל ביי דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה און אייניקע זיינען געפאַלן אַלס העלדן־קדושים פאַר אונדזער פאָלק.

די אַלטע היסטאָרישע שטאָט אוסטראַה, מיט איר יידישער פאָלקס־סביבה, וואָס האָט געלעבט, געשאַפן און געקעמפט אין די רואיקע פאַר־מלחמה־צייטן — איז פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט די נאָענטסטע און טייערסטע.



ארגון יוצאי אוסטראה בארגנטינה עם היושב־ראש מיכאל גרינס (ראשון משמאל)

## אייגענע קדושים



מוטער: רבקה



פאטער: שלמה



שוועסטער: עטל. קינדערלעך: משה'לע און אברהמ'ל.



שוואגער: שלמה אקסנגארן

קדושי משפחת מיכאל גרינס: שלמה ורבקה גרינס — ההורים, האחות אתל גרינס־אוקסנגורן
וילדיה: משה'לה, ואברהמ'לה, הגיס — שלמה אוקסנגורן

ד״ר צבי קאַמינסקי

# די שול פון מהרש״א איז אלט געוואָרן 400 יאָר

די אוסטראַה־שול פייערט איר יובל פון 400 יאָר. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם לאָמיר קודם־כל דערציילן ווער עס איז געווען דער גרויסער צדיק, דער מהרש״א איז געווען אַ גרויסער למדן. ער האָט געקענט עטלעכע וועלט־שפּראַכן. ער איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע ערב ראש־השנה פון יאָר 1563 און איז נפטר געוואָרן ט״ו בשבט 1632. במשך פון עטלעכע און פערציק יאָר איז ער געזעסן אויפן כסא־הרבנות פון דער שטאָט אוסטראַה, וואָלינער גובערניע.

אין די אַלטע מקורות ווערט די שטאָט אָנגערופן „אוסתרה״. יעדעס מאָל, ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן די שטאָט, האָט מיך געצויגן צו באַזוכן דעם קבר פון דעם מהרש״א זצ״ל. אין יענער תקופה האָט די שטאָט פאַרמאָגט פיל יידן, וועלכע זענען געווען גרויסע למדנים און גבירים. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט איינער אַ רופא, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין זיין פאַך און איז אויך געווען אַ פרומער ייד.

ווען דער רופא איז נפטר געוואָרן האָט זיך אין זיין לוויה באַטייליקט די גאַנצע שטאָט. דער מהרש״א ז״ל האָט אים מספיד געווען און האָט געבעטן די גאַנצע עדה יידן, אַז ווען מען וועט אים אַליין רופן צום בית־דין של מעלה, זאָל מען אים מקבר זיין צופוסנס פון רופא, דעם צדיק. זיין ביטע האָט מען דערפילט.

מיט דער צייט איז אויסגעוואַקסן צווישן ביידע קברים אַ הויכער בוים. אין דער מיט האָט זיך דער בוים צעטיילט אויף צווייען און אונטער אים האָט זיך באַוויזן אַ קוואַל מיט קרישטאַל־ריינעם וואַסער. דער קוואַל איז געווען טיף, בערך אַ האַלבן מעטער. זומער און ווינטער איז דאָס וואַסער געווען קאַלט. אין די גרויסע היצן איז דאָס וואַסער פון קוואַל נישט אויסגעטריקנט געוואָרן, און אין די פרעסט — נישט פאַרפרוירן געוואָרן. יידן, ווי אויך, להבדיל, קריסטן, האָבן זיך געקוויקט מיטן וואַסער און עס געהאַלטן אַלס אַ גוטע רפואה פאַר פאַרשידענע קראַנקייטן.

אין יענער תקופה איז אוסטראַה געווען באַרימט אַלס פרנסה־שטאָט. פון דער נאָענט און ווייט פלעגן קיין אוסטראַה קומען יידן אויף די גרויסע ירידים, וועלכע מען האָט איינגעאָרדנט עטלעכע מאָל אין יאָר; מ׳האָט געמאַכט געשעפטן, וועלכע האָבן געגעבן דער שטאָט פיל שפע. דער מהרש״א האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איבערצולאָזן נאָך זיך אַ מאָנומענט. אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ער געזאַמלט געלט און עס איז דאַן פאַרטיק געוואָרן די גרויסע שול, וועלכע האָט געטראָגן זיין נאָמען. די שול האָט זיך געבויט אַרום 3 יאָר. מען האָט באַנוצט שטיין און ציגל. עס האָבן ביי איר געאַרבעט די בעסטע מויערער און אַנדערע בעלי־מלאכות, וועלכע מען האָט געבראַכט פון מרחקים. די שול איז געווען אַ מוסטער פון דער יידיש־סינאַגאָגאַלער אַרכיטעקטור. אינעווייניק איז די שול, פון דיל ביזן סופיט געווען 15 מעטער די הייך. אין דער גרויסער מהרש״א־שול האָבן געקענט אַריין, אין אַ נאָרמאַלער צייט ביז פינף טויזנט

מענטשן. אין אַן עת־צרה — נאָך מערער. די טירן און די פענצטער זענען געווען געמאַכט פון שטאָל און אייזן.

די שול האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פעסטונג, אין וועלכער מען האָט זיך נישט געקענט אַריינ־באַקומען.

אין דער צייט, ווען אין מערב־אייראָפּע האָט גע־שיינט די זון פון רענעסאַנס און עס האָבן געבלאָזן ווינטן פון באַפרייאונג, האָט אין מזרח־אייראָפּע געהערשט אַ פינצטערניש און די ווילדע וואַנדאַלן האָבן געטאַנצט זייער שדים־טאַנץ. דער מערדער באָגדאַן כמיעלניצקי מיט זיינע ווילדע האָרדעס אוקראַינער האָט אומגעבראַכט די יידן און צערויבט זייער האָב און גוטס. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1648—1649. אין דער יידישער געשיכטע ווערן די דעמאָלטיקע פּאָגראָמען אָנגערופן: גזירות ת״ח און ת״ט.

באָגדאַן כמילניצקי ימ״ש האָט דורכגעמאַכט דעם שרעקלעכן מאַרש איבער דעם תחום־המושב און האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט אוסטראַה. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַריינגעפּאַקט אין שול. נישט אַזוי לייכט איז געווען זיך צו גע־פינען מיט פרויען, קינדער, עלטערע און ייגערע מענטשן, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען פיל קראַנקע, אָבער די ראשי־הקהל האָבן באַשלאָסן, אַז עס זאָל געשען, וואָס עס וועט געשען, אויב קיין נס וועט נישט פּאַסירן, וועט דאָס זיין אין שול דאָך פאַרלענגערן זייער לעבן אויף עטלעכע טעג.

ליידער האָט קיין שום נס נישט פּאַסירט. די כולי־גאַנעס האָבן אָנגעהויבן שיסן מיט האַרמאַטן. איין האַרמאַט־באָמבע איז אַריינגעפאַלן דורכן סופיט און געהרגעט עטלעכע מענטשן. פון דער באָמבע האָט מען געמאַכט אַ האַנטפאַס אויף וואַשן די הענט. דער זעלבער האַנטפאַס איז געשטאַנען אין פאָליש פון דער שול, ווען איך האָב זי באַזוכט. די צווייטע באָמבע איז געבליבן הענגען אויפן סופיט, און די דריטע שטעקט אַרויס פון דער שולװאַנט. סוף־כל־סוף האָבן די יידן זיך אונטערגעגעבן און מען האָט געעפנט די טירן פאַר די מערדער. זיי האָבן זיך באַלד גענומען צו דער „אַרבעט". מען האָט אויסגעקוילעט די עלטערע מענטשן און די קינדער. די איבעריקע האָט מען פאַרשלעפּט און ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מ'האָט זיי פאַר־קויפט פאַר שקלאַפן.

אין דער סאָוויעטישער אוקראַינע האָט מען פּראָ־קלאַמירט באָגדאַן כמיעלניצקין, ימח־שמו, אַלס אַ גרויסער נאַציאָנאַלער העלד... אין אייניקע שטעט האָט מען אים אַפילו געשטעלט דענקמעלער.



בית הכנסת הגדול ע״ש חמרש״א בחורבנו
אחרי השואה בשנת 1945

בעטי אייזענשטיין־קשב

# די יידן אין וואָלין 1939 - 1941 *

וואָלין (אָדער וואָלינער וואַיעוואָדשאַפט), אַ טייל פון די פוילישע מזרח־גרענעצן אין די יאָרן 1921—1939.

לויט די ציפערן פון דער אַלגעמיינער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1932, האָבן אויף דעם געביט וואָלין געלעבט 2,085,574 מענטשן. פון זיי:

פאָליאַקן — 346,640,
אוקראַינער — 1,418,324,
רוטענער — 8,548,
יידן — 207,792.

דאָס רעשט באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון: דייטשן, טשעכן, רוסן און אַנדערע.

די פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1932 איז נישט געמאַכט געוואָרן לויט דעם נאַציאָנאַליטעטן־פּרינציפּ, נאָר לויט דער קריטעריע פון „מוטער־שפּראַך" און רעליגיעזער אַנגעהעריקייט. די דאָזיקע שיטה איז אַנגעווענדעט געוואָרן דורך דער פוילישער רעגירונג מיט דעם פּאָליטישן ציל צו פאַרקלענערן אויף אַ קינסטלעכן אופן די ציפערן פון דער באַפעלקערונג וואָס האָט געהערט צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

די פוילישע אַדמיניסטראַציע האָט, למשל, אָפּגעטיילט צווישן דער רוטענישער שפּראַך און דער אוקראַאינישער, וואָס זיינען אין גרונט סינאָנימען פאַר איין און דער זעלבער שפּראַך. אויף וויפל עס האַנדלט זיך אין יידן, האָבן לויט די ציפערן פון דער דערמאָנטער פאָלקס־ציילונג, אָנגעגעבן 174,157 פערזאָן, און בלויז 1,975 האָבן זיך דערקלערט אַלס „פּאָליאַקן פון יידישע גלויבן".

### פאַר דעם 1טן סעפּטעמבער 1939

אין די לעצטע פאַר יאָר, פאַר דעם דייטש־פוילישן אויסברוך פון 1טן סעפּטעמבער 1939, האָט די פוילישע רעגירונג דערקלערט אירע יידישע בירגער אַ בפירושע מלחמה. די דאָזיקע מלחמה, אויפן ערשטן אויגנבליק אַן אומשולדיקע, ווייל בלויז אַן עקאָנאָמישע, איז אַסאָציאירט געוואָרן מיט דעם דעמאָלסטיקן רעגירונגס־שעף, גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, און זי איז באַקאַנט געוואָרן אין פוילן און ווייט אויסער אירע גרענעצן אונטער דעם נאָמען „אָווּשעם". עס האָט געמיינט צו זאָגן: פּאָגראָמירן יידן, פיזיש זיי אונטערדריקן — דאָס ניין; אָבער באַקעמפן זיי עקאָנאָמיש — מהיכא־תיתי, אַדרבה ואַדרבה...

אין דער דערמאָנטער תקופה האָט דער פוילישער פּרעמיער־מיניסטער אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען צו פאַרשענערן דאָס אויסערלעכע אויסזען פון די שטעט און שטעטלעך. דאָס האָט געמיינט: מאָדערניזירן, פאַראיינהייטלעכן דאָס אויסזען און פאַרפלאַנצן אַרום די הייזערביימער און גרינסן. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט אויף דעם ערשטן בליק נישט געהאַט קיין שייכות מיט יידן, די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז טאַקע, לויט איר פאָרעם, געווען אַן אַלגעמיינע און האָט געדאַרפט אָנרירן אַלע בירגער פון דער מדינה. פאַקטיש אָבער האָט זי, און ספּעציעל אין

* פון נאָענטן עבר, ניו־יאָרק 1957

וואַלין, געטראָפן צום שטאַרקסטן די יידישע באַפּעלקערונג.

די יידן האָבן די דאָזיקע נייע פאַראָרדענונג באַטראַכט אַלס אַ צוגאָב צום פּרעמיערס פּראָגראַם „אָווּשעם". ווי באַוווּסט, זיינען אין וואָלין געווען אַ גאַנצע ריי שטעטלעך, וואָס זיינען געווען געדיכט באַזעצט הויפּטזאַכלעך פון יידן. אין די אַלטע שמאָלע געסלעך פון די שטעטלעך זיינען געשטאַנען שטאַרק אַלטע הייזקעס, איינגעבויגענע פון זיקנה. די מאגיסטראַטן און מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען פון קלענערע מקומות האָבן זיך מיט גרויס אייפער אַ נעם געטאָן צו מאָדערניזירן די עלטסטע און מיאוסטע שטאָט־טיילן — די יידישע אָרעמע קוואַרטאַלן.

אויסער דעם האָבן זיך אין די יידישע שטעט און שטעטלעך געפונען אַ גאַנצע ריי הייזער, וואָס זיינען אין זייער צייט אויפגעשטעלט געוואָרן אָן אַ ווּעלכן ס'איז פּלאַן. אָפט זיינען אַזעלכע הייזער געשטאַנען אין סאַמע מיטן גאַס און האָבן אין דער אמתן געשטערט די באַוועגונג. וועגן אָט־אָ די הייזער פלעגן אַרומגיין פאַרשיידענע קלאַנגען, אַז מען האָט זיי אין זייער צייט אויפגעשטעלט אָן דער דערלויבעניש פון דער צאַרישער מאַכט, אויפן גרונט פון כאַבאַר, וואָס עס האָבן גענומען די לאָקאַלע סאַטראַפּן, די פאַרשטייער פון דער צאַרישער מאַכט.

די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען האָבן גענומען קאָנטראָלירן די פּלענער פון די שטעט און פון די הייזער. אַלע הייזער וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ זייער שלעכטן צושטאַנד און האָבן זיך נישט געפונען אויף די מאַפּעס, זיינען באַשטימט געוואָרן צו פונאַנדערנעמען זיי אָן אונטערשייד אין וואָס פאַר אַ לאַגע זיי האָבן זיך געפונען. אויסער דעם האָבן די מוניציפּאַליטעטן פאַראָרדנט פונאַנדערצונעמען אַ גאַנצע ריי הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען אין גאָר אַ שלעכטן צושטאַנד און האָבן זיך שוין געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך. אויסער דעם האָבן די מוניציפּאַליטעטן פאַראָרדנט גרינטלעכע רעמאָנטן אין אַ גאַנצע ריי אַנדערע הייזער, פאַרצוימען זיי מיט איינהייטלעכע פּלויטן און פאַרפּלאַנצן אַרום זיי ביימער און גרינסן.

זומער 1938 זיינען די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען צוגעטראָטן פונאַנדערצוּוואַרפן אַ גאַנצע ריי הייזער. זייערע איינוווינער זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אַ שטיקל צייט האָבן זיי נאָך געוווינט אין די דאָזיקע חורבות, אָבער שפּעטער־צו זיינען זיי אַריין אין די ווייבער־שולן.

דאָס רוב מענטשן וואָס זיינען פאַרפליכטעט געוואָרן דורכצופירן די רעמאָנטן, זיינען שוין נישט געווען ביכולת זיי דורכצופירן. האָט מען טאַקע די רעמאָנטן שוין נישט דורכגעפירט. אָבער מען האָט געלעבט אין אַ שטענדיקער שרעק. מען האָט מורא געהאַט פאַרן אָנקומען פון דער ספּעציעלער בוי־קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט פונאַנדערצונעמען די הייזער, אין וועלכע די רעמאָנטן זיינען נישט געמאַכט געוואָרן, אדער, אין בעסטן פאַל, אַרויפלייגן גרויסע שטראָפן.

צוליב דער אנטי־יידישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, וועלכע האָט מיט אַלע מעגלעכע מיטלן — שטייערן, קרעדיטן, און דאָס גלייכן — פאַוואָריזירט דעם נישט־יידישן האַנדל אויפן חשבון פון אונטערדריקן דעם יידישן, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין וואָלין געהאַלטן אין איין פאַרערגערן.

די יידישע באַפּעלקערונג איז באַשטאַנען הויפּטזאַכלעך פון קליינע קרעמער, דאָרפגייער און בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך און ווי באַוווּסט, געצויגן זייער חיונה פון האַנדל און וועקשטאָט־אַרבעטן, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט דער נישט־יידישער באַפּעלקערונג: דער פּויערישער — און באַאַמטן־באַפּעלקערונג. אין זייער פיל פאַלן האָבן זיי נישט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון די נייע עלעגאַנטע נישט־יידישע קראָמען, פּריוואַטע און קאָאָפּעראַטיווע, וואָס האָבן צוגעצויגן נישט־יידישע קונים מיט ביליקערע פּרייזן, צו וועלכע זיי זיינען דערגאַנגען אַדאַנק דער רעגירונגס פאַוואָריזאַציע־פּאָליטיק און מיט די אַנטי־יידישע לאָזונגען. די נייע קראָמען זיינען געווען באַצירט מיט אויפשריפטן: „אַ קריסטלעכע קראָם"; „אַ פּויליש געשעפט", „אַ סלאַוויאַנישע אונטערנעמונג"; „קויף נישט ביים ייד"; „דער ייד וועט דיך

אפנארן" ; „סוואי דא סוועגא", „גיי צו אן אייגענעם א.א.וו.

איבער דער דאזיקער גאנצער עקאנאמישער מלחמה האט זיך געטראגן דער גייסט פון א פשוטן, ברוטאלן פאגראם־אנטיסעמיטיזם, וועלכן מען האט זייט א סך יארן נישט אזוי בולט געפילט. די פאגראמען אין די שטעטלעך (פשיטיק און מינסק־מאזאוויעצקי), די אנטיסעמיטישע ארויסטריטן פון דער פוילישער סטודענטנשאפט, די אוניווערסיטעט־געטאס, די אנטי־יידישע סיים־דעבאטעס, דאס געזעץ קעגן יידישער שחיטה, האבן געהערשט איבעראל און יעדער ייד און נישט־ייד איז געשטאנען אונטער זייער איינדרוק. אין אזא שווערער, מיט שנאה און שרעק איבערגעלאדענער אטמאספער, האבן געלעבט יידן אין די לעצטע יארן פאר דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ביזן 1טן סעפטעמבער 1939.



די דריי וואכן פון דער דייטש־פוילישער מלחמה, האבן זיך פאר די יידן אין וואלין פארוואנדלט אין איין לאנגער קייט פון אומרו און ליידן. מען האט געלעבט אין שרעק פאר פאגראמען, וואס האבן געהאנגען אין דער לופטן. אין די טעג פון זייערע מפלות אויף דעם פראנט, האבן די פאליקאן נישט געקענט פארטראגן דעם אנבליק פון קיין ייד. ביי יעדער געלעגנהייט, און גאנץ אפן, האבן זיי ארויסגעוויזן דעם ייד זייער שנאה. אין דער מאס וואס די פוילישע ארמיי האט געהאלטן אין אפטרעטן אויף מזרח פון לאנד, האט אויך די ציווילע באפעלקערונג צוזאמען מיטן ייד זיך עוואקואירט.

מען האט אנגעהויבן גאנץ אפן צו ריידן וועגן פאגראמען. עס זיינען ארומגעגאנגען די פארשיידנסטע קלאנגען מכוח פאגראמען וואס דארפן יעדן טאג אויסברעכן. מען האט געזאגט, אז די פאגראמען וועלן אנהייבן די פוילישע האלב־מיליטערישע ארגאניזאציע „סטשעלעץ" (שיסער), וועלכע ווארט נאר עס זאלן אנקומען זייערע ארגאניזאציעס פון מערב. אנדערע האבן געזאגט, אז די פאגראמען וועלן אנגעהויבן ווערן דורך די באן־ארבעטער, די „קאלעיארשעס", וועלכע האבן זיך געפונען אויפן מזרח אין גרויסע מאסן. אנדערע קלאנגען האבן געזאגט, אז די פאגראמען וועלן אנגעהויבן ווערן דורך די „אסאדניקעס", די פוילישע זידלער, וואס די פוילישע רעגירונג האט אין דער שלום־תקופה געבראכט דא אהער פון די מערב־געביטן. דערווייל האבן אבער יידן געלעבט אין א פאנישער דערווארטונג.

און פלוצעם האט דעם 17טן סעפטעמבער 1939 די רויטע ארמיי איבערגעשטיגן די מזרח־גרענעצן פון פוילן. דאס האט דעמאלט באדייט פאר דער יידישער באפעלקערונג ממש א רעטונג. קיין וואונדער וואס די יידן האבן אויפגענומען דער רויטער ארמיי מיט פרייד, וועלכע זיי האבן גאר נישט באמת צו באהאלטן.

### דער אריינמארש פון די סאוועטן

די אנזאגער פון נייעם רעזשים זיינען נאטירלעך, געוועזן די רויט־ארמייער. פאר דער גאנצער באפעלקערונג, ייד און נישט ייד, זיינען זיי געווען עקזאטישע באשעפענישן; מענטשן זיינען געווען נייגעריק צו הערן פון זייערע מיילער איינצלהייטן וועגן דעם לאנד פון די סאוועטן, וואס איז אין פארלויף פון גאנצע צוואנציק יאר געוועזן הערמעטיש פארמאכט פאר דער גאנצער וועלט.

די יידן, אויך פאליאקן און אוקראינער, האבן מיט אייגנארטיקע געפילן, אין דער ערשטער צייט, זיך אריינגעלאזט אין געשפרעכן מיט די רויט־ארמייער. זיי זיינען געוועזן טאקטפול, העפלעך, און האבן קיין מאל, אין פארלויף פון א געשפרעך, נישט פארגעסן צו רימען ביז אין זיבעטן הימל, „אונדזער רעגירונג" (נאשע פראוויטעלסטווא) און דעם „חבר סטאלין". וועגן אלץ וואס האט געהאט א שייכות מיטן לעבן אין דעם סאוועטן־לאנד, האבן זיי זיך אויסגעדריקט אין סופערלאטיוון. אלע ענטפערס, וואס די רויט־ארמייער האבן געגעבן אויף די געשטעלטע פראגן, האבן געמאכט דעם איינדרוק פון שאבלאנען, אויסגעלערנטע פון אויסנווייניק.

עס איז אָבער אַריבער קוים אַ קורצע צייט און די באַפעלקערונג האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג דערפון, אַז די אַלע רייד וואָס מען הערט פון די רויט־אַרמייער זיינען אַבסאָלוט ענלעך צו זיך. אָבער טראָץ דער דאָזיקער ענלעכקייט און טראָץ דער פּאַרזיכטיקייט פון די סאָוועטישע מענטשן, וואָס זיינען אָנגעקומען אין וואָלין, האָבן זיך דאָך גלייך אַרויסגעוויזן שטאַרקע סתירות צווישן דעם וואָס זיי האָבן געזאָגט און דעם וואָס זיי האָבן געטאָן...

זיי האָבן, צום ביישפּיל, געריטמט ביז צום הימל דעם וווילשטאַנד אין זייער לאַנד, און זיי זיינען געוועזן שרעקלעך גייציק אויף יעדער זאַך וואָס דאָס אויג זייערס האָט נאָר דערזען: אויף עסנוואַרג אויף אַלע אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען, אפילו אויף די פון ערגסטן סאָרט. זיי פלעגן איינקויפן אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן איינקויפן.

די אַרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך שנעל אָריענטירט אין די דאָזיקע סתירות און האָט גלייך פאַרשטאַנען זייער מקור. פלעגט מען חוזק מאַכן פון זיי און מיט געמאַכטער נאַיוויטעט זיי אויספרעגן, צי ביי זיי אין לאַנד צום ביישפּיל, קען מען באַקומען געוויסע אַרטיקלען, וואָס זיינען בכלל נישט געוועזן קיין אַרטיקלען, אָדער נישט קיין אַרטיקלען צום פאַרקויף. עס האָבן אָנגעהויבן קורסירן די פאַרשיידנסטע אַנעקדאָטן אויף דער טעמע. מחמת די סאָוויעטישע פלעגן אויף די אַלע אַזעלכע פראַגעס געבן תמיד די סטעראַטיפּישע תשובה: „ביי אונדז איז אַלץ פאַראַן" („או נאַס ווסיאָ יעסט")... דער זאַג „ביי אונדז איז אַלץ פאַראַן" איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווערטל.

עס זיינען פאַרביי בלויז קורצע עטלעכע וואָכן און מענטשן האָבן אויפגעהערט זיך אַריינצולאָזן אין געשפּרעכן מיט די רויט־אַרמייער און מיט די ציווילע מענטשן, וואָס זיינען וואָס אַמאָל אין גרעסערע צאָלן אָנגעקומען פון מזרח. זייער שנעל האָט מען אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ רעכענונג דערפון, וואָס עס הייסט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זיך אַריינלאָזן אין געשפּרעכן. טיילוויז אינסטינקטיוו, טיילוויז באַוווסטזיניק האָבן מענטשן זיך גענומען צופּאַסן צו דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט. מען האָט אָנגעטאָן אַ מאַסקע פון צופרידענע מענטשן, וואָס זיינען אַנטציקט מיט אַלץ וואָס איז סאָוועטיש. מען האָט זיך אויך אויסגעלערנט שווייגן...

נאָך די רויט־אַרמייער זיינען אָנגעקומען אָנגעשטעלטע פון דער געהיים־פּאָליציי, די מענטשן פון דער נ.ק.וו.ד. און אַקטיוויסטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך גענומען איינפירן די נייע אָרדענונג. צו דער אַלגעמיינער גרויסער פּאַרווונדערונג, האָבן זיי די נייעסן איינגעפירט זייער פאַרזיכטיק און זייער לאַנגזאַם, אויפן גרונט פון דער פּראַקטיק, וואָס וואָלין האָט געהאַט מיט די באָלשעוויקעס פון יאָר 1917, ווען דער ראַיאָן איז געוועזן באַזעצט פון זיי. האָט מען זיך געריכט, אַז די סאָוועטן וועלן גלייך נאָכן אַריינקומען ברייט צעעפענען די געשעפטן און סחורה־לאַגערן און דערלויבן דער באַפעלקערונג זיך צו נעמען וואָס זייערע הערצער וועלן גלוסטן.

די פויערים זיינען געוועזן אַזוי זיכער אין דעם, אַז גלייכצייטיק מיטן אַריינטריט פון דער רויטער אַרמיי, האָבן זיי גענומען ציען אין די שטעט און שטעטלעך אַריין מיט ליידיקע זעק. טייל מאָל האָבן זיי געוואַרט איינציקע טעג אויף דער מעגלעכקייט צו רויבן אין די געשעפטן און לאַגערן. די סאָוועטן האָבן אָבער געהאַנדלט אינגאַנצען פאַרקערט: נישט נאָר וואָס זיי האָבן נישט געעפנט די געשעפטן און געלאָזן יעדן איינעם נעמען וואָס ער וויל, נאָר זיי האָבן אַרויסגערופן די אייגנטימער פון די געשעפטן און זיי געהייסן ווייטער פירן זייערע געשעפטן ווי ביז איצט, אַזוי אַז די אייגנטימער זיינען כלומרשט ווייטער געבליבן די בעלי־בתים. די געשעפטן זיינען צוריק געעפנט געוואָרן און זייערע אייגנטימער האָבן אויספאַרקויפט דעם אינווענטאַר לויט די פריערדיקע פרייזן, דאָס הייסט, לויט דעם קורס וואָס די סאָוועטן האָבן באַשטימט: אַ פוילישע זלאָטע = אַ סאָוועטישער רובל.

אין יעדן גרעסערן געשעפט האָט, בדרך כלל, געהאַט די אויפזיכט אַ סאָוועטישער מענטש, אָבער עס זיינען געווען פיל פאַלן, ווען די דאָזיקע אויפזיכט איז בכלל נישט געוועזן, און דער אייגנטימער

האט געבאלעבאטעוועט ווי אין די נארמאלע צייטן. אין די קלענערע אונטערנעמונגען איז בכלל נישט איינגעשטעלט געווארן קיין שום אויפזיכט מצד דער נייער מאכט.

אין משך פון די ערשטע אייניקע וואכן, פלעגן מענטשן שטיין אין די רייען פאר די קראמען און איינקויפן אלץ וואס מען האט נאר געפונען אין די געשעפטן. מען האט געקויפט — וואס מען האט פארקויפט. מען האט געקויפט אויף זאפאס פאר מורא, אז שפעטער וועט מען בכלל קיין זאך נישט קריגן.

עס איז פארביי בלויז א קורצע צייט און די קראמען, נישט קענענדיק זיך פארזען מיט פרישע זאפאסן, האבן זיך פון זיך אליין אויפגעלייזט — זיך פארמאכט. אבער נישט אלע זאפאסן וואס די קרעמער האבן געהאט, זיינען אין דער אמתן אויס־פארקויפט געווארן. טראץ דעם קאנטראל מצד דער מאכט, האבן פיל סוחרים באוויזן צו באהאלטן א טייל פון זייערע סחורות — ספעציעל פון די בעסערע סארטן.

די דאזיקע פארשטעקטע סחורות האבן געגעבן די סוחרים די מעגלעכקייט פון א בעסערער מאטעריע־לער עקזיסטענץ אין פארלויף פון די קארגע צוויי יאר פון דער סאוועטישער הערשאפט. און אין דער צייט פון דער דייטשישער אקופאציע זיינען די דאזי־קע פארשטעקטע זאפאסן פארוואנדלט געווארן אין א רעזערוו צו שטילן די אומגעשטילטע אפעטיטן פון די דייטשן אויף די פלעצער.

די גרעסערע פריוואטע אונטערנעמונגען : האלץ־זעגן, מילן, גיטער זיינען גלייך פון אנהייב פון אנקומען פון די באלשעוויקעס דורך זיי נאציאנאלי־זירט געווארן. עס האבן אויך גלייך אנגעהויבן אנטשטיין נייע אינסטיטוציעס. אין די שטעט און שטעטלעך האבן זיך געבילדעט „שטאט־פארוואל־טונגען" (גארסאוועטי) ; אין די דערפער זיינען אנ־טשטאנען „דארפראטן" (סיעלסאוויעטי). עס זיינען אויפגעקומען באנקן־אפטיילונגען פון דער מלוכישער סאוויעטישער באנק (גאסבאנק), פינאנץ־אפטיי־לונגען, אייגנטלעך — שטייער־אמטן (פינאטדעל), געזונטהייט־אמטן (זדראוואטדעל), פארשיידענע האנדלס־אונטערנעמונגען, קאאפעראטיווע אינסטי־טוציעס און א גאנצע ריי אנדערע אמטן און אינסטיטוציעס.

אין די מיינסטע פאלן זיינען די אנפירערשאפט — דאס הייסט, די אנפירנדע אמטן אין דער סאוועטי־שער אדמיניסטראציע אין פארשיידענע אינסטי־טוציעס געלעגן אין די הענט פון די מענטשן געקו־מענע פון מזרח (וואסטאטשניקי), די צווייט־ראנגי־קע פאסטנס האט מען בדרך כלל באזעצט מיט ארטיקע מענטשן.

אין די ניי־באזעצטע געביטן אין מזרח־פוילן, און צווישן זיי אויך אין וואלין, איז אין פארלויף פון קארגע צוויי יאר פון דער סאוועטישער מאכט — סעפטעמבער 1939 — יתי 1941 — די פרייהייט פון רעליגיע נישט אנגערירט געווארן. די צערקוועס, קלויסטערס און שולן זיינען געבליבן לעגאל און זיינען תמיד פול געוועזן מיט מענטשן — מער ווי אין נארמאלע צייטן.

דאס צוזאמענקומען זיך אין די רעליגיעזע אנש־טאלטן איז געוועזן די איינציקע מעגלעכע פארם פון לעגאלן, נאציאנאלן אויסלעבן זיך. דער קלויס־טער פאר די פאליאקן, די צערקווע פאר די אוקר־אינער און די שול פאר די יידן האבן אנגעהויבן אויספירן א ספעציעלע פונקציע. די ידיעות וועגן דעם, אז צערקוועס זיינען אפן און די גאטעס־דינסטן זיינען דערלויבט אין די ניי־פארנומענע געביטן, האבן זיך זייער שנעל דערטראגן אין דער סאוועטישער אוקראינע.

דער סאוועטישער פויער, וועלכער האט אין משך פון צוואנציק יאר געדריקט און געהאמעוועט אין זיך זיינע רעליגיעזע געפילן און בענקשאפטן, האט פלוצעם באקומען די מעגלעכקייט זיך רעליגיעז אויסצולעבן. ס'האבן זיך אנגעהויבן מאסן וואנדע־רונגען פון די מזרח־געביטן צו די מערב־געגנטן. ס'זיינען אנגעקומען מאסן מענטשן, וואס האבן הייס געבעטן גאט אין די צערקוועס, האבן זיך מתוודה געווען פאר די פאפן, און הויפטזאכלעך — אנגע־נומען די טבילה : געלאזן זיך טובלען מיט דעם הייליקן וואסער. מען האט געבראכט פון דער סאוועטישער זייט נישט נאר קינדער און מינדער־

יאַריקע, נאָר אויך מיטליאַריקע, יוגנט, אפילו קאָמ־סאָמאָלן און קאָמסאָמאָלקעס זיינען געקומען זיך פריי צו טבלען אין הייליקן וואַסער...

אויסער צוליב רעליגיעזע סיבות זיינען אויף דער מערבדיקער אוקראַינע אויך געקומען מענטשן צוליב וועלטלעכע, מאַטעריעלע אינטערעסן. מען איז געקומען קויפן לעבנסמיטל־פּראָדוקטן, הויפּטזאַכ־לעך פעטסן און תבואה. אין דעם רוב פאַלן האָט עס זיך נישט געהאַנדלט נאָר אין קויפן פּראָדוקטן כדי צו מאַכן זאַפּאַסן פאַר דעם אייגענעם געברויך. די קויפערס האָבן איינגעהאַנדלט סחורות צום ווייטער פאַרקויפן — אויף „ספּעקולאַציע״, ווי עס האָט געהייסן אין דער אָפיציעלער סאָוועטישער שפּראַך.

די וואַנדערונגען פון די סאָוועטישע מענטשן אין די מערב־געביטן האָבן נישט געשאַפן די סאָוועטן קיין גוטן נאָמען. טראָץ דעם וואָס די געסט פון דער סאָוועטישער זייט האָבן דערציילט וועגן זייער „גוטן לעבן״, וועגן גליק פון קאָלכאָז און וועגן די הערלעכע דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער טעכניק און אינדוסטריע, האָט זיך זייער טראַגיזם און פאַרביטערונג דורכגעריסן דורך זייערע רייד און האָט זיך איבערגעטראָגן אויף דער סביבה — די צוהערער. זייערע רייד האָבן נאָר געווירקט אין דער ריכטונג פון פאַרגרעסערן די קריטישע באַציאונג און אומצופרידנהייט פון די מענטשן אין די מערב־געביטן.

די וואַנדערונגען פון די מזרח־מענטשן אין די מערב־געביטן האָבן געדויערט איייניקע חדשים, שפּעטער זיינען זיי פּלוצעם אָפּגעשטעלט געוואָרן. פון יענער צייט אָן און ווייטער האָט מען געקענט פאָרן אין די מערב־געביטן נאָר לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. די מערב־מענטשן האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט. ווי אַזוי עס איז אויפן גרונט פון איין באַפעל מיט איין מאָל אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גאַנצער פאַרקער. און דאָס אין אַזאַ מאָס, אַז אַ פויער פון אַ שכנותדיקן דאָרף, וואָס איז געלעגן אויף דער סאַמע גרענעץ, האָט נישט געוואַגט דורכ־גיין די איייניקע הונדערט מעטער ביז צום דאָרף אויף דער צווייטער זייט גרענעץ. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די גרענעץ איז ווידער אַ מאָל הערמעטיש פאַרמאַכט געוואָרן — ווי פאַר דער מלחמה.

איינגנטלער האָבן זיך די אַרעסטן אָנגעהויבן גלייך נאָכן אַריינקומען פון די סאָוועטן. אין אָנהויב האָט מען אַרעסטירט רייכע מענטשן, סאָציאַלע און פּאָלי־טישע עסקנים (צווישן זיי ציוניסטן) און די רייכערע „אָסאַדניקעס״, מיט דער צייט, האָט זיך פאַרברייטערט דער קרייז פון די אַרעסטירטע. מען האָט אָנ־געהויבן אַרעסטירן מענטשן פון דער גראָער מאַסע, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, און נישט שטענ־דיק האָט מען געקענט וויסן פאַר וואָס מען האָט אַרעסטירט און וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע מענטשן עס פאַלן אַרונטער אונטער די אַרעסטן.

צו ערשט פלעגט מען אָנפילן די טורמעס מיט די אַרעסטירטע. נאָך אַ געוויסער צייט פלעגט מען זיי ערגעץ ווו אַוועקפירן. די טורמעס האָט מען דעמאָלט ווידער אַ מאָל אָנגעפילט מיט נייע קרבנות. נאָכן אַוועקשיקן די אַרעסטירטע מענער, האָט מען גע־וויינלער אויך פאַרשיקט די פרויען און קינדער.

די מענטשן האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. קיינער האָט נישט געקענט זיין זיכער צי ביינאַכט וועט אים באַזוכן די נ.ק.וו.ד. אים נישט אַפּרייסן פון זיין משפּחה, און שפּעטער נישט באַרויבן די משפּחה פון איר דאַך איבערן קאָפּ, און זי נישט פאַרשיקן ערגעץ — ווו אין די ווייטע געגנטן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד.

מען האָט נישט געקענט וויסן פון וואַנען עס קען אָנקומען דער אומגליק. ווי אַזוי קען מען זיך פון אים אויסהיטן און צי קען מען אים בכלל אויסמיידן. מען האָט נישט געוווּסט פאַר וועמען און פאַרוואָס מען דאַרף מורא האָבן, מיט וועמען מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק. מען האָט מורא געהאַט פאַר יעדן איינעם: פאַר אַ שכן, אַ באַקאַנטן, אַן אומבאַ־קאַנטן און אפילו פאַר די נאָענטסטע מענטשן: אַ ברודער, אַן אייגן קינד. מען האָט געוווּסט, אַז אויף יעדן שריט און טריט לויערן שפּיאָנען — געהיים־אַגענטן, מיטאַרבעטער פון נ.ק.וו.ד. עס איז געווען אַ באַוווּסטע זאַך, אַז די נ.ק.וו.ד. רופט אין געהיים אַרויס צו זיך מענטשן און לייגט זיי פאַר אונטערצו־

שרייבן פאַרפליכטונגען נאָכצושפּירן די מענטשן פון זייער סביבה און אויפצודעקן די אומצופרידענע מיט דער סאָוועטן־מאַכט. מען האָט אָבער נישט געוווּסט ווער פון די ארויסגערופענע האָט אין אַ שוואַכן מאָמענט אונטערגעשריבן אַזאַ פאַרפליכטונג.

און ווער עס האָט איין מאָל אונטערגעשריבן אַזאַ סאָרט פאַרפליכטונג האָט געמוזט צושטעלן מאַטערי־אַלן, ווען אַפילו אויסגעטראַכטע. אַז נישט איז ער אַליין פאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ נעץ פון חשדים אויף אים אַליין. מענטשן האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט זיי אַ ליאַדע טאָג אַרויסרופן און זיינען געווען נאָענט צו משוגעת.

עס זיינען געווען פאַלן, אַז ארויסגערופענע אין דער נ.ק.וו.ד. האָבן געשפּילט די ראָלע פון משוגענע, אידיאָטן, כדי אַזוי אַרום זיך אַרויסרייסן פון דער פאַרפּלאָנטערטער נעץ צו זיין אַ געהיים־אַגענט קעגן זיין אייגענעם ווילן. מיט סאַרקאַזם און געקינסט־לטער ליבשאַפט צו דער נייער אָרדענונג האָט מען דעמאָלט געזונגען דאָס רוסישע ליד, וואָס אין אים באַזינגט דער דיכטער די פרייהייט אין סאָוועטן־לאַנד מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך קען נישט ערגעץ אַ לאַנד אַזאַ, וווּ אַזוי פריי עס אָטעמט דער מענטש"...

פאַרשטייט זיך, אַז אין עקאָנאָמישן לעבן איז דער מענטש אויך נישט געווען דער בעל־הבית איבער זיך. פאַר אַ מענטש וואָס האָט זיך איין מאָל אַנגאַ־זשירט צו אַ וועלכער ס'איז אַרבעט איז שוין מער נישט געווען קיין וועג צוריק. נישט געהאַט קיין רעכט אָוועקצוגיין פון איר.

אַפּגעזען דערפון וואָס יעדע אַרבעט ביי די סאָוועטן האָט פאַרפליכטעט דעם אַרבעטער אָדער אַנגעשטעלטן זיך צו אַנגאַזשירן אין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איז זי דערצו נאָך געווען אַ מאָראַלישע בלאָטע. ווער עס האָט נאָר אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דער בלאָטע, האָט שוין מער נישט געקענט פון איר אַרויס. ער האָט געמוזט ווייטער טרעטן אין דעם זומפּ, און גאַנץ אָפט קעגן זיין אייגענעם ווילן.

די אַרבעטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיך צו דערנערן. יעדער איינער האָט געמוזט אויספירן אַ וואָסערע ס'איז אַרבעט, דאָס הייסט: אַפילו מענטשן וואָס האָבן נאָך געהאַט מיטלען צו לעבן און נישט צו אַרבעטן, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאַרנומען אין געהיים מיט מסחר וואָס איז דאָך געווען צום שטרענגסטן פאַר־באָטן דורך דער מאַכט.

ווער עס האָט נישט געאַרבעט האָט אויף זיך ממילא געצויגן די אויפמערקזאַמקייט; דערוועקט אַ חשד, אַז ער איז קעגן דער מאַכט, פאַרנעמט זיך מיט נישט כשרע זאַכן, איז אַ געוועזענער קאַפּיטאַ־ליסט א.א.וו. אין מערסטע פאַלן איז די אָפיציעלע אַרבעט געווען בלויז אַ קאָמבינאַציע זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן.

עס איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „סטאַלין גיט דיר אַרבעט, פרנסה מוזסטו דיר אַליין זיך שאַפן". און „פרנסה" האָט געהייסן „קאָמבינירן" אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ, טאָן אַליין אָדער מיט שותפים, צומיינסטן מיט מזרח־מענטשן, דער אָנפירער פון די אונטערנעמונגען און אַמטן — פאַרשיידנסטע פסולע זאַכן.

מען האָט געמוזט געבן שוחד די עלטסטע, די אָנפירערס פון די אונטערנעמונגען און אַמטן — מ'האָט געדאַרפט „אַרבעטן" מיט זיי אין שותפות, און מען האָט גענומען כּאַבאַר פון אונטערגעוואָר־פענע, פון מענטשן וואָס זיינען געווען אויף אַ ני־דעריקן ראַנג אין דער אַרבעט, און געניסן פון זייערע „געשעפטן".

די אַרטיקע מענטשן האָבן זיך לכתחילה נישט אַריענטירט אין דער לאַגע, האָבן זיך גאָר נישט פאַרגעשטעלט, אַז די „מזרחדיקע" פירן אויס די פליכטן לטובת דער מדינה אין אַזאַ פאָרעם, אַז אַן לינקע געשעפטן קען מען נישט עקזיסטירן. ערשט די אָנגעקומענע פון דער סאָוועטישער זייט, אָנפי־רער, הויכע באַאַמטע האָבן זיי געעפנט די אויגן. און די אַרטיקע האָבן זיך אָנגענומען מיט מנהגים וואָס די נייע בעלי־בתים האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. אין יעדער אונטערנעמונג האָט דער נידעריקער באַאַמ־טער זיך באַמיט „געפעלן ווערן" זיין לייטער, דעם העכערן, און אַזוי ביז צו דער העכסטער היעראַרכיע. אומעטום האָט מען געקענט הערן דאָס רוסישע

שפּריכוואָרטל: „רוקאַ רוקו מאָיעט" — איין האַנט וואַשט די אַנדערע...

אַפילו מענטשן וואָס זיינען געווען באַשפטיקט אין אַזעלכע אומשולדיקע — פון ווירטשאַפטלעכן עקאָ־נאָמישן שטאַנדפּונקט — אינסטיטוציעס, ווי שולן, שפּיטעלער און דאָס גלייכן, האָבן געמוזט זאָגן ליגן און פעלשן באַריכטן. אויב זיי האָבן דאָס נישט געטאָן צוליב גנבה, כאַבאַר האָבן זיי דאָס געטאָן צוליב אַנדערע סיבות. היות ווי די געזעלשאַפט בויט אַ סאָציאַליסטישע מדינה, איז די אָפיציעלע הנחה, אַז זי טוט דאָס פרייוויליק.

אויב פרייוויליק מוז דאָך יעדע אַרבעט ממילא אויסגעפירט ווערן אין דער בעסטער אָרדענונג, אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. יעדע זאַך וואָס ווערט געטאָן מוז „קלאַפּן", אַז נישט ווערט איינגעבראָכן דער יסוד פון פרייוויליקייט. ממילא מוזן די באַנען קורסירן ווי צ.ום פינקטלעכסטן (אין דער אמתן האָבן זיי זיך תמיד פאַרשפּעטיקט און טייל מאָל אפילו אויף גאַנצע שעה'ען).

די תלמידים מוזן זיך גוט לערנען און איבערגיין פון קלאַס צו קלאַס. היות ווי העכערע אַמטן האָבן תמיד פאַרלאַנגט אָפּטע, זייער אויספירלעכע באַריכ־טן מכוח דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט און אָנגעבן שלעכטע באַריכטן האָט געהייסן אונטערגראָבן די יסודות פון דער מלוכה, פון דער פרייוויליקייט — האָט מען פאַבריצירט אַנטשפּרעכנדיקע באַריכטן, נישט נעמענדיק אין אַכט די פאַקטישע לאַגע און מען האָט זיי אָפּגעשיקט צו די העכערע אינסטאַנצן.

אַחוץ דעם איז געווען נאָר איין ענין וואָס האָט געפירט צו לעבן אין ליגנס. די פאַרשיידענע אינסטי־טוציעס, אַמטן און אונטערנעמונגען פלעגן מוזן דורכפירן צווישן זיך די אזוי גערופענע „סאָצסאָרע־ווּנאָוואַניע": געזעלשאַפטלעכע געוועטן. איין אינסטי־טוציע האָט זיך פאַרפליכטעט איבערצויאָגן אַ צווייטע אין דער אויסגיביקייט פון דער אַרבעט, איבער־שטייגן זי אין דער הויך פון דער פּראָדוקציע. און יעדער באַאַמטער, אַרבעטער, האָט זיך געוועט מיט זיינס אַ חבר, ווער וועמען עס וועט איבעריאָגן. אַרויסווייזן מער איניציאַטיוו, ענערגיע, אַרבעטזאַמ־קייט א.א.וו. פאַרשטייט זיך, אַז קיין מענטש האָט די זאַך נישט גענומען ערנסט, אָבער אַלע האָבן געמוזט שפּילן דאָס שפּיל, מאַכן אַן אָנשטעל אַז די זאַך גייט זיי אָן.

אויף יעדן טריט און שריט האָט מען פאַבריצירט די אַזוי גערופענע „פּאָטאָלאָטשניע סוואָדקי": די באַריכטן פון סופיט, פון פּולאַפּ (דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז די באַריכטן זיינען אַראָפּגעפאַלן פון סופיט, פון אויבן, אָדער דער מחבר פון באַריכט האָט גענומען זיינע ציפערן פון פּולאַפּ), וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אויף זייער אַ נאַטירלעכן אופן און זיינען אָנגענומען געוואָרן אין די העכערע אַמטן ווי אַ גוטע מטבע.

אין לאַנד האָט זיך איינגעשטעלט זייער אַ שווערע אַרבעטס־סיסטעם. עס האָט גאָר ניט געקענט זיין קיין רייד דערפון אַז ווער עס איז זאָל אַוועקגיין פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ. דאָס איז דורכן געזעץ שטרענג פאַרווערט געווען. אין קעגנטייל, איז דאָס דורכלאָזן אַ טאָג אַרבעט, אפילו דאָס פאַרשפּעטיקן זיך צו דער אַרבעט אויף אַ פּאָר מינוט באַטראַכט געוואָרן אַלס אַקט פון סאַבאָטאַזש, פאַר וועלכן מען איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און געמשפּעט געוואָרן פאַר אַ „פּראָגול" (דורכלאָז).

אָפּהענגיק פון דער סיבה פון אַזאַ „פּראָגול", פון דעם וויפלסטן מאָל דער געמשפּעטער איז באַגאַנגען דעם „גרויסן" חטא א.א.וו. איז געווען דער אַנטש־פּרעכנדער אורטייל. דער לייכטסטער פּסק־דין איז געווען: אָפיציעל אַ געוויסע צייט 25 פּראָצענט פון דעם אַרבעטס־פאַרדינסט (דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר דער נ.ק.וו.ד.), אָבער עס האָט אויך פּאַסירט, אַז פאַר אַ צוואַנציק מינוט פאַרשפּעטיקן זיך זיינען מענטשן פאַראורטיילט געוואָרן צו תפיסה.

די סאָוועטישע סיסטעם האָט אין איר קורצער תקופה צוגענומען ביים מענטש דאָס טייערסטע וואָס ער האָט נאָר באַזעסן: די עלעמענטאַרסטע פּערזענ־לעכע פרייהייט און די פרייהייט פון געוויסן. ווייניק וואָס מען האָט געמוזט ריידן און טאָן וואָס מען האָט נישט געוואָלט, נאָר מען האָט געמוזט ריידן און טאָן וואָס מען האָט געהייסן. עס האָבן דאַן נישט עקזיסטירט קיין מעגלעכקייט זיך צוריקציען אין אַ שטילן ווינקל און לעבן רואיק פאַר זיך, ווייט פון

פאליטיק און פון גוזעלשאפטלעכן געפילדער.

יעדער איינער איז געווען פארפליכטעט אין א גרעסערער אדער אין א קלענערער מאס, צו זיין אקטיוו, מיטלאכן און מיטפרייען זיך, ארומטאנצן און שטענדיק מסכים זיין, גיין אויף פארזאמלונגען און שטארק אפלאדירן, און דערהויפט שטימען לויטן באפעל. מען האט געלעבט אונטער דעם איינדרוק, אז דער טעראר האט זיך אריינגעריסן אין די ספערן פון מענטשלעכן אינטימען לעבן; פון די גדאנקען און געפילן. מען האט אנגעהויבן מורא צו האבן פאר די אייגענע מחשבות. נאך א קורצער צייט האט דער מענטש זיך אנגעהויבן פילן אומגליקלעך — די שרעק איז געווארן זיין שטענדיקער באג־לייטער.

די דאזיקע טראגישע און אמאראלישע אטמאס־פער, אין וועלכער מענטשן האבן געלעבט, צו וועלכער די שוואכע מענטשלעכע נשמה, וואס האט געדורשט נאכן לעבן, האט זיך צוגעפאסט, האט אנגערירט אלע ספערן פון דער באפעלקערונג אן אויסנאם, אלע נאציאנאליטעטן. אבער טראץ דעם זיינען די נאציאנאלע רייבונגען נישט אפגעשוואכט געווארן. פארקערט: זיי האבן זיך פארשטארקט און פארטיפט.

## די יידן און די סאוועטן

די באציאונג פון די יידן צו די סאוועטן מוז באטראכט ווערן פון צוויי באזונדערע אספעקטן. ערשטנס, דער פערזענלעכער אספעקט און צווייטנס — דער אלגעמיינער נאציאנאלער. די אנדערע פעל־קער אין אוקראינע — פאליאקן און אוקראינער — האבן זיך געפונען אינגאנצן אין אן אנדערער לאגע ווי די יידן. די מאטעריעלע עקזיסטענץ פון די אנ־דערע (אויסער קליינע אויסנאמען) פעלקער איז מיטן באזעצן וואלין כמעט ווי נישט באריירט געווארן. אמת טאקע, מ'האט מורא געהאט פאר דער קאלעק־טיוויזאציע, וואס מ'האט פארשטאנען און געפילט אז זי מוז אנקומען, דערווייל אבער איז יעדער איינער געבליבן ביי זיין ווירטשאפט, געארבעט ווו ער האט פריער געארבעט און איז מאטעריעל נישט געווארן אנגעגריפן, בכל אופן — נישט רואינירט געווארן.

די יידן, דאקעגן, זיינען מיטאמאל געווארן סאציאל אויסגעווארצלט, ווי זיי וואלטן געבליבן הענגען אין דער לופטן. די יידישע באפעלקערונג איז באשטאנען פון דריי שיכטן: סוחרים, בעלי־מלאכות און פרייע פראפעסיעס.

מיטן אריינטרעטן פון די סאוועטן זיינען אלע מקו־רות פון יידישער עקזיסטענץ מיט איין מאל ליקווי־דירט געווארן. דאס האט באריירט נישט נאר סוחרים, וואס האבן, פארשטייט זיך, נישט געקענט באקומען קיין פרישע סחורה פאר זייערע קראמען, און האבן אין בעסטן פאל בלויז געקענט אויספארקויפן זייערע אלטע זאפאסן.

עס האט נישט עקזיסטירט קיין פרייהייט פון האנט־ווערקער־ארבעט און קיין מעגלעכקייט פאר פריוואַ־טער פראקטיק. אפילו בעלי־מלאכות און יענער טייל פון די פרייע פראפעסיעס (למשל דאקטוירים), וועלכע האבן נאך אין דער ערשטער צייט געקענט פריי ארבעטן אויף אייגענער האנט, האבן געוווסט, אז דאס איז נאר א פראגע פון זייער א קורצער צייט און באלד וועלן זיי בלייבן אן פרנסה, אויב זיי וועלן זיך נישט פארזען מיט קיין ארבעט ביי דער מאכט.

די ערשטע זאך וואס יידן האבן געטאן, איידער זיי האבן זיך נאך באוויזן צו אריענטירן אין דער לאגע, איז געווען: זוכן א גרונט אונטער די פיס. די יידישע סוחרים האבן זיך באמיט איינס־צוויי אנצונעמען א וואסער ס'איז שטעלע אין דער רעגירונג־מאשין, דער ווילן דערצו איז געקומען נישט נאר פון דעם פחד פארן מארגן, נאר אויך פון א גאנץ אנדערן מקור.

יידן־סוחרים האבן געזוכט ווי אזוי זיך צו רעהאבי־ליטירן ביי די קאמוניסטן פאר סוחרישער פארגאנ־גענהייט. מען האט נישט געוווסט, אז טראץ דער ביז־איצטיקער ליבעראלער באציאונג פון דער מאכט צו דעם סוחרישן טייל פון דער באפעלקערונג, גע־הערט דאך מסחר נישט צו די בכבודיקע פרנסות אין רוסלאנד, און מען האט אויך נישט געוווסט וואס פאר א גורל עס האט געטראפן די געוועזענע סוחרים אין ראטן־פארבאנד.

די געוועזענע סוחרים, מענטשן מיט לאנגער פראק־

טיק, אויסגעאַרבעטער איניציאַטיוו און ענערגיע, האָבן זיך זייער גוט אויסגעטויגט אַלס אָנגעשטעלטע, באַאַמטע, בוכהאַלטאַרן, פּלאַנירער, אָרגאַניזירער פון האַנדלס־אינדוסטריע, ווירטשאַפטס־אַדמיניסטראַציע און פינאַנץ־אַמטן און אינסטיטוציעס.

אויך די יידישע אינטעליגענץ האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרנומען ערטער אין די פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכישע אינסטיטוציעס. נישט אַלע בעלי־מלאכות און אַרבעטער (יידישע פאַרשטייט זיך), זיינען פאַרבליבן ביי זייערע פריערדיקע באַשעפטיקונגען. טייל פון די בעלי־מלאכות איז טאַקע אַריינגעטראָטן אין די ניי־געגרינדעטע קאָאָפּעראַטיוון, די אַזוי גערופענע „אַרטעלן", אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געהאַלטן, אַז עס איז געקומען זייער צייט זיך סאָציאַל צו דערהייבן, אַז זייער פאַר און זייער „גוטע" סאָציאַלע צוגעהעריקייט דערלויבן זיי צו פאַרנעמען אַן ערנסט אָרט אין דער מלוכה־מאַשין, אָדער גאָר צו דינען אין דער מיליץ.

צווישן די מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון מזרח, כדי דאָ, אין וואָלין, צו פאַרנעמען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, אָנצופירן מיט דער מלוכה־מאַשין און איינצופירן די נייע אָרדענונג, האָבן נישט געפעלט קיין יידן. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ סיטואַציע, אַז יידן האָבן געבילדעט אַ גענוג הויכן פּראָצענט אין דער סאָוועטישער אַדמיניסטראַציע (און אפילו אין דער אָנפירערשאַפט). אַזוי אַרום האָבן זיי אויף זיך געצויגן, אין נאָך אַ גרעסערער מאָס, דעם צאָרן און די שנאה פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז, ווי באַוווּסט און דערמאָנט געוואָרן יידן־פיינטלעך זייט לאַנגע דורות.

צווישן דער נישט־יידישער באַפעלקערונג האָט געהערשט די איבערצייגונג, אַז יעדער איינער וואָס אַרבעט מיט דער סאָוועטישער מאַכט טוט דאָס גענייטערהייט, און גרונט גענומען איז ער גאָר אַ שונא פון רעזשים. אָן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן נאָר אין באַצוג צו יידן — מצד די נישט־יידן. זיי זיינען געווען זיכער, אַז יידן דינען דער סאָוועטישער מאַכט פון גוטן ווילן און אפילו מיט שמחה, מחמת עס איז אין זייער אינטערעס די באָלשעוויקעס זאָלן בלייבן אין לאַנד.

אין אַ געוויסן זין איז דאָס פאַקטיש געווען אמת — אַ טראַגישער אמת. אין דעם אומזיכערן אַרום, אין דעם לעבן צווישן מענטשן, וואָס האָבן אויפן ייד אָנגעיאָגט אַן אימה, האָט ער געהאַט לכל הפחות די איינע סאַטיספּאַקציע, אַז דאָס מאָל איז ער נישט דער קרבן אַלס ייד, אַז אַלע אַנדערע ליידן צוגלייך מיט אים, אַז עס טוט זיי נישט ווייניקער ווי ווי עס טוט אים. די שרעק און די אומרו איז אונטער דער סאָוועטישער מאַכט נישט געווען דער גורל פון ייד, ווייל ער איז אַ ייד. יידן האָבן זיך, טראָץ אַלע צרות און פיין וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין, נישט געוווּנטשן קיין ענדערונגען. מעט האָט מורא געהאַט, אַז יעדע ענדערונג, וואָסערע זי זאָל נישט זיין, קען יידן ברענגען נאָר איין זאַך: אַן אויסברוך שונא פון רעזשים. אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן מיט פּאַגראָמען.

אויך די סאָוועטישע יידן זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיקן פחד, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן שוין, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, כמעט ווי נישט געהאַט קיין שום ספּעציפישע יידישע שטריכן, זיינען שוין געווען אין גאַנצן אַסימילירט און אויסגעגליכן מיט דעם סאָוועטישן נישט־יידישן מענטש. די שרעק פאַר דעם אויסברוך פון דער שנאה פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז דורך די סאָוועטן אונטערדריקט געוואָרן, האָט פאַראייניקט די סאָוועטישע יידן מיט די מערב־יידן און האָט דערנענטערט איין טייל צו דעם צווייטן. אין אַלגעמיין, אָבער, האָט מען געגלויבט, אַז סטאַלין איז אַ יידן־פריינד, לכל הפחות איז ער נייטראַל אין דער פּראָבלעם יידן, און מיט זיין אייזערנער האַנט וועט ער נישט דערלאָזן צו אַנטי־יידישע אויסברוכן.

די אויבן־באַשריבענע סיטואַציע, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט די יידן אין אַ לאַגע אין וועלכער זיי זיינען אין די וואָלינער געביטן קיינמאָל נישט געווען: אין איין מצב מיט נישט יידן, געניסנדיק די שוץ פון דער מאַכט, איז טאַקע געווען אַ סאַטיספּאַקציע, אָבער זי האָט באַדייט נישט מער ווי אַ זיסער טראָפּן אין אַ גרויסן ים פון צרות.

דאָס וואָלינער יידנטום איז געווען נאַציאָנאַל געשטימט, געהאַט זיינע קולטורעלע פּאָליטישע,

סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. אין יאָר 1932 האָבן בלויז איינצלנע אָנגעגעבן זיך אַלס „פּאַליאַקן פון משה'ס גלויבן", אַלע אַנדערע האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס יידן ממש, מיט יידיש אָדער העברעיש אַלס זייער מוטערשפּראַך.

גלייך נאָכן באַזעצן וואָלין דורך די סאָוועטן אין סעפּטעמבער 1939, האָבן יידן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון דערפון, אַז זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז באַדראָט. מענטשן וואָס האָבן אַ לעבן־לאַנג געאָטעמט די אַטמאָספער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג, זיינען נישט געווען אין דער לאַגע אַרויסצוקריכן פון זייער אייגענער הויט — און דאָס מיט איין באַוועגונג. איז דעריבער נישט געווען קיין וווּנדער, וואָס טראָץ דעם וואָס יידן האָבן געזען אין דער רויטער אַרמיי זייערע רעטערס, האָבן זיי דאָך, פון דער אַנדערער זייט, אינערלעך אויפגענומען די רעטערס מיט אַ ריזיקן רעזערוו. דאָס אָנקומען פון די רעטערס איז פאַר זיי געווען אַ ריזיקער קלאַפּ, אַ טראַגעדיע.

אין נאַציאָנאַלער הינזיכט, האָבן זיך די יידן געפונען אין אַן ערגערער לאַגע ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין לאַנד. די פּאָליטיק פון דער סאָוועט־רעגירונג, אין די אייגנלעכע סאָוועטישע געביטן פון פאַר 1939, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ מענגע זיגזאַגן און אומקלאָרקייטן מכוח דעם אָנערקענען יידן אַלס נאַציע. אין די ניי־באַזעצטע געביטן איז די רעגירונג־פּאָליטיק קעגנצושטעלן יעדער פאָרם פון יידישן קאָלעקטיוון אויסלעבן זיך, געווען בולט פון די סאַמע ערשטע צייטן פון באַזעצן די געביטן.

אַלע יידישע אינסטיטוציעס, סאָציאַלע און פילאַנטראָפּישע, זיינען, ווי דערמאָנט, ליקווידירט געוואָרן. די שפּיטאָלן, בתי־זקנים און בתי־יתומים זיינען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן. די לאָקאַלן פון די אינסטיטוציעס און זייערע אינווענטאַרן, וועלכע יידן האָבן אין פאַרלויף פון יאָרן־לאַנג אָנגעזאַמלט מיט גרויס מי און זיי צונויפגעשטעלט, זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן.

די זקנים און די קינדער האָט מען איינגעאָרדנט אין די אַלגעמיינע בתי־זקנים און בתי־יתומים — געמישט מיט די אַנדערע פעלקער. אמת טאַקע, פערזענלעך איז די זקנים און די יתומים נישט געטאָן געוואָרן קיין עוולה מצד די סאָוועטן: זייער לאַגע האָט זיך נישט געביטן צום ערגערן מיטן איבערטראָגן זיי אין די אַלגעמיינע אַנשטאַלטן. אויך זיינען נאַטירלעך אַלע אוקראַינישע און פּוילישע אַנשטאַלטן פון דעם כאַראַקטער — אויף וויפל עס האָבן עקזיסטירט אַזעלכע סעפּעראַטיווע פאַר פּאָליאַקן אָדער אוקראַינער — געוואָרן נאַציאָנאַליזירט און האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל פון זייערע יידישע קאָלעגן — אָבער פאַר די יידן איז דער קלאַפּ געווען אַ פיל שווערערער, מחמת זיי האָבן אויך פריער געהאַט ווייניק מעגלעכקייטן — אַ חוץ דער רעליגיע — זיך נאַציאָנאַל אויסלעבן, און דאָס ביסל וואָס זיי האָבן געהאַט איז זיי איצט אויך צוגענומען געוואָרן.

אָבער דער הויפּטקלאַפּ, וואָס די סאָוועטן האָבן געגעבן די יידישע נאַציאָנאַלע געפילן, האָט זיך געלאָזט פילן אויף דעם דערציונגס־געביט. דאָס העברעישע שול־וועזן אין וואָלין איז ליקווידירט געוואָרן אין די סאַמע ערשטע טעג נאָכן פאַרנעמען דאָס געביט דורך די סאָוועטן. די אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן דערצו געהאַט די פולע אונטערשטיצונג פון די סאָוועטישע „פּאָליטרוקעס" פון דער יידישער אָפּשטאַמונג.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מענטשן וואָס זיינען געקומען פון מזרח צו אָרגאַניזירן דאָס לעבן אין וואָלין, האָבן אויך בנוגע דעם שול־וועזן געהאַט דעם זעלבן אָנזאָג וואָס בנוגע אַלע אַנדערע געביטן פון לעבן: דערווייל לאָזן אַלץ ביים אַלטן. און באמת האָבן טאַקע אין די נישט־העברעישע שולן געהערשט אין משך פון קרוב צוויי חדשים די זעלביקע אומשטענדן וואָס האָבן געהערשט פאַרן פאַרנעמען דאָס געביט. און אַזוי האָט עס אויך געדאַרפט זיין אויף דעם געביט פון העברעישע שולן.

די סאָוועטישע נישט־יידישע „פּאָליטורקן" און מיליטער־לייט האָבן אַפילו קיין אָנונג נישט געהאַט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער העברעישער שפּראַך. נאָך ביים סאַמע סוף פון שוליאָר 1939/1940, ווען

די סאָוועטישע נישט־יידישע „פּאַליטרוקן" און מילי־טער־לייט האָבן באַזוכט די יידישע שולן, כדי דאָרט צו פירן באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע, פּלעגן זיי תמיד, נאָכן דורכפירן זייערע אויפגאַבעס, בעטן די יידישע קינדער זיי זאָלן זינגען יידישע נאַציאָנאַלע לידער און טאַנצן די יידישע נאַציאָנאַלע טענץ אויב צווישן די געסט זיינען נאָר נישט געווען פאַרשטייט זיך, קיין יידן, פּלעגן די קינדער געוויינלעך טאָן די בקשה פון די געסט: זינגען ארץ־ישראל־לידער, טאַנצן אַ „הורא" און זינגען אַפילו די „התקוה". עס פּלעגט אָפט פּאַסירן, אַז די געסט איז שטאַרק געפעלן דער ענטוזיאַזם און טעמפּעראַמענט פון די יידישע קינדער, אָדער גאָר די יידישע נאַציאָנאַלע טענץ און זיי פּלעגן בעטן די קינדער איבערצוחזרן זייערע „נומערן" אַ צווייט מאָל.

אָבער דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן, ווען צווישן די געסט איז נישט אַנוועזנד געווען קיין אָרטיקער יידישער קאָמוניסט. די יידישע אָרטיקע קאָמוניסטן האָבן גלייך נאָכן באַזעצן דאָס געביט דורך די סאָוועטן גענומען דראָען די העברעישע לערער מיט קאָנסעקווענצן פאַר ווייטער פירן די העברעישע שולן ווי זיי האָבן געפירט ביז צום אַריינקומען פון דער נייער סאָוועטישער מאַכט. און דאָס טראָץ דעם, וואָס די סאָוועטישע מאַכט האָט נישט, דערווייל, אַרויס־געגעבן קיין שום פאַראָרדענונגען צום ענדערן עפּעס וואָס אין די לימודים.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן געטענהט, אַז די העברעישע לערער ניצן אויס די נאַיוויטעט פון די מזרחדיקע נישט — יידישע קאָמוניסטן, וועלכע אָריענטירן זיך נישט אין דער לאַגע, כדי דערווייל ווייטער צו פירן זייער „דעסטרוקטיוו־ציוניסטישע" אַרבעט.

געפינענדיק זיך אין דער דאָזיקער ספּעציפישער לאַגע האָבן די העברעישע לערער נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג ווי נאָר איבערצייגן גוטוויליק, נאָך פאַר דעם ווי דאָס איז אָפיציעל פאַראָרדנט געוואָרן, פון העברעיש אויף יידיש. זיינען טאַקע אַלע העברעישע שולן אין וואָלין גלייך ביים אָנהייב שול — יאָר 1940/1939 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יידישע שולן: מיט יידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך.

עס איז באַקאַנט בלויז איין פאַקט, אַז אַ לערער פון אַ העברעישער שולע האָט זיך אָפיציעל שריפ־טלעך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט אין דער שולע צוליב געוויסנס־סיבות. אין מערץ 1941 האָט דער געוועזענער לערער פון דער „תרבות"־שולע אין אָסטראָהע, יוסף פּערלוק, צוגעשיקט אַ בריוו צום שול־אינספּעקטאָראַט אַז ער אָנטזאָגט זיך פון דער אַרבעט, מאָטיווירנדיק זיין שריט דערמיט, וואָס ער איז אַ ציוניסט און אַ רעליגיעזער מענטש און ער קען דעריבער נישט נאַרן די קינדער און זיך אַליין און זיי דערציען אַלס קאָמוניסטן־אידעאַליסטן.

נאָך אַ געוויסער צייט האָבן די שולן באַקומען צוגעשיקט לערן־פּראָגראַמען און אונטערריכט־בי־כער. פּראָגראַמען זיינען געווען אידענטיש מיט די פּראָגראַמען פון די אַנדערע שולן. די אונטערריכט־ביכער זיינען געווען אַ ווערטלעכע איבערזעצונג פון די אוקראַינישע אונטערריכט־ביכער. עס איז נישט געווען אין זיי די קלענסטע אונטערשטרייכונג, די מינדסטע אַקצענטירונג פון יידישער אַנדערשקייט, פון עפּעס וואָס זאָל דערמאָנען די יידישע נאַצ־יאָנאַלע אייגנאַרט. זיי זיינען געווען געשריבן אין דער סאָוועטיש־יידישער אָרטאָגראַפיע.

אין אָנהייב שול־יאָר 1941/1940 — דאָס צווייטע שול־יאָר אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט — זיינען אַלע יידישע־שולן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רוסישע שולן. נאָר אין געוויסע גרעסערע ערטער, וווּ עס זיינען געווען אייניקע יידיש־שולן, האָט מען דערווייל די געוועזענע תלמוד־תורה־שולן, וועלכע זיינען, פאַרשטייט זיך, פריער אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יידישע שולן — געלאָזן אין זייער ביז־איצטיקן צושטאַנד: מיט יידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך.

די פאַרענדערונג פון אַ יידישער שולע אויף אַ רוסישער שולע פלעגט געוויינלעך פאָרקומען אויפן פאָלגנדן אופן: דער דירעקטאָר פון דער יידישער שולע, וועלכער איז בדרך־כלל, געווען אַ פּאַרטייאי־שער קאָמוניסט פון די מזרח־געביטן, האָט צו־זאַמענגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די עלטערן. אין פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג זיינען געזעסן מענטשן פון שול־אינספּעקטאָראַט און פון „פּאַר־

טקאָם" (פּאַרטיי־קאָמיטעט) — מענטשן, וואָס זייער אָנוועזנהייט אַליין האָט אַנגעיאָגט אַ שרעק אויף די פּאַרזאַמלטע. די מענטשן פון פּרעזידיום האָבן איינער נאָכן צווייטן גענומען אַ וואָרט. ערשטנס, האָבן זיי געריימט אין הימל אַריין די סאָוועטישע מאַכט, וועלכע איז אַ פריינד פון מענטש און אַ פריינד פון די פעלקער, און דעריבער אַנערקענט זי אַלע שפּראַכן פון גאַר דער וועלט — צווישן זיי אויך די יידישע.

אָבער די קינדער וואָס לערנען זיך אין יידישע שולן באַהערשן שוואַך די לאַנדשפּראַך: די אוקראַאינישע און די מלוכה־שפּראַך — די רוסישע. נאָכן פאַרענדיקן די יידיש פאָלקס־שולן טרעפן זיי דעריבער זיך אַן מיט שוועריקייטן בעתן אַנקומען אין די הויכשולן, ווו די אונטעריכט־שפּראַך איז, פאַרשטייט זיך, רוסיש אָדער אוקראַאיניש. דעריבער, אין אינטערעס פון די עלטערן, כדי ניט צו שאַפן קיין שוועריקייטן אין די קינפטיקע קאַריערעס פון זייערע קינדער, און לטובת דעם פאַטערלאַנד, לייגן פאָר די רעדנער צו פאַרוואַנדלען די שולע אין אַ רוסישער. — דאָס וועט דערמעגלעכן אייערע קינדער צו ווערן דאָקטוירים, אינזשינירן, וויסנשאַפטלער, אַלץ וואָס דאָס לאַנד דאַרף האָבן.

דערנאָך האָט מען געהייסן אָפּשטימען, דורך הייבן די הענט פאַר דעם פאָרשלאַג. נאָכן אַראָפּלאָזן די הענט האָט מען געפרעגט: ווער איז קעגן? קיינער איז פאַרשטייט זיך נישט אונטערשטאַנען אַרויסצוטרעטן קעגן און עס איז פּראָטאָקאָלירט געוואָרן, אַז דער באַשלוס איז אָן איינשטימיקער, און אויפן פאַרלאַנג פון די עלטערן איז די יידישע שולע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוסישע.

אין די נייע רוסישע שולן האָט מען אָנגעהויבן שיקן נישט־יידישע שילער און נישט־יידישע לערער. די לאַגע פון יידישן לערער איז געוואָרן אַ טראַגישע. אין די צייטן פון דער פּוילישער מלוכה האָט מען די קינדער אַריינגעגעבן אַ יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט — יידיש־נאַציאָנאַלע אידעאַלן. פּלוצעם האָט דער זעלבער לערער, וואָס מיט אַ קורצער צייט האָט ער געפּריידיקט איין זאַך, האָט איצט פאַר די קינדער געמוזט אַפּלייקענען דאָס אַלץ וואָס ער האָט זיי נעכטן געלערנט, איינשטעלן די קינדער פיינדלעך לגבי דעם אַלעם וואָס ער האָט געליבט, און וואָס ער האָט געגלויבט; ער האָט געמוזט זיי זאָגן ליגן, איינוואָרצלען אין זיי פרעמדע זאַכן, פיינדלעכע.

וועגן אָוועקגיין פון דער שול־אַרבעט האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. דער שווערער אַרבעט־רעזשים האָט יעדן איינעם סאָוועטישן מענטש צוגעשמידט צו זיין אַרבעט־פּלאַץ. צוליבן פעלן פון לערער איז דער רעזשים אין שול־וועזן געווען נאָך שווערער. עס איז פּראַקטיש געווען אינגאַנצן אוממעגלעך אָוועקצוגיין פון דער שולע.

אַ פרעמדער לערער, וואָס האָט נישט געשטאַמט פון פּלאַץ ווו ער האָט געאַרבעט און איז דערצו געווען אַ פריי לייזיקער, האָט טייל מאָל געהאַט די מעגלעכקייט עוקר צו זיין פון אָרט ווו ער האָט געאַרבעט און איז נעלם געוואָרן, אָבער לערער, משפחה־מענטשן, האָבן געמוזט פאַרזעצן זייער אַרבעט. זיי האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין. זיי האָבן נישט געהאַט די מינדסטע מעגלעכקייט זיך אָפּצוזאָגן פון דער אַרבעט און נישט צו ציען אויף זיך דעם צאָרן פון דער מאַכט און די קאָנסעקווענצן וואָס זיינען מיט דעם צאָרן געווען פאַרבונדן.

אין ערשטן שול־יאָר אונטער די סאָוועטן אין יאָר 1940/1939, ווען די שולן זיינען נאָך געווען יידישע, האָבן די לערער נאָך געאַרבעט כמעט אין זייער ענגן קרייז, מיט זייערע קינדער פון דער אייגענער שולע, זיינען נאָך אין אַ געוויסער מאָס געווען מעגלעכקייטן נישט צו מוזן זיין קיין גרויסער סאָוועטישער פּאַטריאָט; אָבער אין צווייטן און לעצטן סאָוועטישן שול — יאָר 1941/1940, ווען די שילער זיינען שוין באַשטאַנען פון אַ געמישטן קינדער־עלעמענט, איז די שול־אַרבעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין לאַנגער קייט פון פּיין, פון לעבן אין אַ פאַרליגנערישער סיטואַציע. די לערער זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש, זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין גענוגנדיק שטאַרקן ווילן און קיין מוט איבערצורייסן מיט דעם ליגן, אין וועלכן זיי זיינען געזונקען.

די ליקווידאַציע פון די יידישע שולן, פון אַלע סאָציאַלע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, דאָס אַבסאָלוטע פעלן פון אַ יידישער צייטונג, שוין

ניִשט ריידנדיק פון אַ יידיש בוך, ווי דאָס נישט אַנערקענען קיין שום רעכט פאַר דער יידישער מינדערהייט — דאָס אַלץ האָט בולט באַוויזן אויף דער פּאָליטיק וואָס די צענטראַלע אינסטאַנצן האָבן געפירט בנוגע די יידן און אויף די צילן פון דער דאָזיקער פּאָליטיק; אויסמישן די יידן אין גרויסן פרעמדן אַרומיקן ים פון פרעמדע פעלקער.

און פיל וואָלינער יידן, און דאָס נישט נאָר נאַציאָנאַלע לערער, האָבן נישט געקענט מסכים זיין מיט זייער גורל און אָננעמען דעם גזר. פאַר אַ סך יידן איז די פּערספּעקטיוו פון אַ נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג געוואָרן די סיבה פון פיל שלאָפלאָזע נעכט, פון אַ גרויסן אומרו. האָבן זיך טאָקע פיל יידן געווערט קעגן דער דערמאָנטער פּערספּעקטיוו — געווערט זיך באַוווּסטזיניק און הן אינסטינקטיוו. נישט לייכט און נישט מיטאַמאָל האָבן וואָלינער יידן רעזיגנירט פון זייערע נאַציאָנאַלע אידעען און געווינהייטן, טראָץ דעם, וואָס די זאַך איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און מיט ביטערע קאָנסעקווענצן.

די ציוניסטישע טעטיקייט אין וואָלין איז אַראָפּ אין אונטערגרונט. זי האָט זיך געשטעלט צוויי צילן:

א. וואָס מער יידן, דערהויפּט יונגע מענטשן, אַרויסבאַקומען פון באַריער פון סאָוועטישן איינפלוס און זיי שפּעטער אריבערצובאַקומען קיין ארץ־ישראל.

ב. אין דער מאָס פון די מעגלעכקייטן קעגנצובאַווירקן דער אַסימילאַציע, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן אויף די יידן פון אויבן — מצד דער סאָוועטישער פּאָליטיק. די צווייטע אויפגאַבע האָט באַטייט: דערנערן די יונגע שילערישע נשמות מיט נאַציאָנאַלע איינדרוקן און איבערלעבונגגען. דער וועג צום דאָזיקן ציל איז געווען איינצופלאַנצן אין די יונגע נשמות אַזאַ טיפע נאַציאָנאַלע אומרו, אַז זיי זאָלן זיך נישט קענען לייכט אָפּזאָגן פון זייערע יידישע געפילן און נישט קענען איינס־צוויי שלום מאַכן מיט דער האַרבערווירקלעכקייט.

אין משך פון די ערשטע חדשים נאָכן באַזעצן וואָלין האָבן זיך מענטשן נאָך געקענט רואיק באַוועגן פון איין אָרט צום צווייטן. אויך די גרענעצן צווישן די באַזעצטע געביטן און צווישן די שכנותדיקע מדינות, ווי רומעניע, ליטע, לעטלאַנד און דער דייטשישער באַזעצטער געביט פון פוילן זיינען נאָך נישט געווען קיין פעסטע, און דאָס איבערשטייגן זיי איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין סכנות־נפשות, יידישע פליטים פון קאָנגרעס־פוילן פלעגן טאָגטעגלעך איבערגיין די גרענעצן — אויף דער סאָוועטישער זייט. טייל פלעגן גיין צוריק קיין מערב־פוילן, צו זייערע משפחות, וואָס זיינען געבליבן ביי די דייטשן.

אַנדערע ווידער האָבן זיך טיף אַנטוישט אין דער מעגלעכקייט צו לעבן אַ רואיק לעבן, ביז די מלחמה וועט פאַרביי, אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט, און אין זייער אַנטוישונג האָבן זיי באַשלאָסן, אַז זאָל זיין וואָס עס זאָל זיין — זיי בלייבן דאָרט וווּ זיי געהערן — אין די אַלטע היימען. פּאָליאַקן זיינען געפאָרן פון לינקן ברעג בוג אויפן רעכטן — צו די רוסן.

יעדער איינער פון די וואַנדערער האָט געהאַט אַ פאַרטיקן תירוץ פאַר די סאָוועטישע מיליציאַנערן און נ.ק.וו.ד.־לייט: אַז די קריגס־זאַווערוכע האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין היים, קערט ער זיך צוריק און זיין היים איז טאָקע דאָרט — וווּ ער פאָרט איצט... אין דעם אַלגעמיינעם אַרומיקן כאָאָס פון וואַנדערער און צוריקוואַנדערער האָבן די ציוניסטן געהאַט ברייטע מעגלעכקייטן פון טעטיקייט. זיי פלעגן זייערע מענטשן שיקן קיין ווילנע (ווילנע איז נאָך צו יענער צייט געווען אַ טייל פון דער ליטווישער רעפּובליק, איידער די רעפּובליק איז אַנעקסירט געוואָרן פון רוסלאַנד) און אויף דרום־זייט, דורך לעמבערג — קיין רומעניע. פון ליטע און רומעניע האָבן זיך די מענטשן גערוקט נענטער קיין ארץ־ישראל. די דאָזיקע ציוניסטישע טעטיקייט, אַ באַלאָדענע מיט סכנות, מצד די ציוניסטן, אין די געביטן וואָס זיינען אין 1939 אַריבערגעגאַנגען צו די סאָוועטן אויפן גרונט פון מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דעם 23־טן אויגוסט 1939 איז נאָך ביז איצט נישט געוואָרן גענוי אויסגעפאָרשט, אין פיל איינצלהייטן און אין פיל פאַלן איז דאָס שוין פאַרגעסן געוואָרן.

מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו, דער קאָמענדאַנט פון אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ, דריקט אויס אין זיין בריוו צו דער שוועסטער אין ארץ־ישראל זיין אומרו און זאָרג און ער שרייבט:

„מיט איר טויט (טאַמאַראַס ב.א.) זיינען מיר אַלע געשטאָרבן. ווער וועט וויסן וועגן אונדזער ראַנגלעניש, אין דער תקופה פון אונדזער קאַמף, דעם אמתן העראָישן קאַמף אין דער צייט פון די סאָוועטן". (דפים מן הדליקה, עמ' 143 — מרדכי טננבוים — טמרוף, הוצאת הקיבוץ ה־מאוחד, תש"ח).

דאָס צווייטע אַרבעטס־געביט פון די ציוניסטן איז געווען מער קאָמפּליצירט. די קינדער און די שול־יוגנט האָט מען אָרגאַניזירט אין קרייזלעך, וואָס האָבן געציילט נישט מער ווי פינף מאַן. אין די קרייזלעך האָט מען געלערנט און באַאַרבעט יודאיס־טישע קעגנשטאַנדן לויט אַ פּראָגראַם וואָס איז דורך געהיימנישפולע מענטשן צוגעשיקט געוואָרן דורך אַן אומבאַקאַנטער צענטראַלע.

די דערמאָנטע קרייזלעך זיינען זיך צוזאַמענגעקו־מען אין פּריוואַטע דירות און זיינען געווען טעטיק אין פולשטענדיקער קאָנספּיראַציע. די מיטגלידער פון איין קרייזל האָבן נישט געוווּסט מכוח דער עקזיסטענץ פון אַ צווייטן. אין דער ערשטער צייט זיינען די קינדער און יוגנטלעכע געווען אַזוי איבער־גענומען מיט זייער קאָנספּיראַציע, אַז קומענדיק אַהיים פון דער שולע פלעגן זיי מיט עקל און שנאה טרעטן זייערע רויטע „פּיאָנער — קראַוואַטן" (יעדער שילער איז געווען מחויב צו געהערן צו דער אָרגאַ־ניזאַציע „פּיאָנער" און שפּעטער ווען דער שילער איז אונטערגעוואַקסן — צום „קאָמסאָמאָל") און פלעגן זיך מיט ענטוזיאַזם צוזאַמענקומען אויף זייערע „קרייזלעך".

נאָך אייניקע חדשים זיינען די גרענעצן פאַר־מאַכט געוואָרן אויף אַ סאָוועטישן אופן: הערמע־טיש, אַזוי אַז דער איבערגאַנג פון איין זייט אויף דער אַנדערער איז געוואָרן פּראַקטיש אומעגלעך. אויך אין איין און דעם זעלבן געביט זיינען אויפ־געשוווּמען גרויסע שוועריקייטן ביים באַוועגן זיך פון איין אָרט אויפן צווייטן.

פּרינציפּיעל האָט מען געמוזט פאַרשטעלן ביי דער באַן־קאַסע אַ „קאָמאַנדיראָווקע", דאָס איז אַן אָפּי־ציעלער דאָקומענט, אַז מען פאָרט אין אַמטלעכע אַנגעלעגנהייטן. אָבער פאַקטיש איז מען, פאַרשטייט זיך, געפאָרן אויך אָן דער „קאָמאַנדיראָווקע", אָבער דאָס איז שוין געווען פאַרבונדן מיט פיל אומ־אַנגענעמע מעגלעכקייטן און מיט „קאָסטן": כאַבאַר, וואָס מ'האָט געדאַרפט געבן דעם קאַסירער אָדער דעם באַן־קאָנדוקטאָר, אָדער טייל מאָל — ביידע צוזאַמען...

די געהיימנישפולע מענטשן, וואָס פלעגן זיך באַ־ווייזן אין די ערשטע צייטן און צוגעבן די יידן מוט, זיי שטאַרקן מיט האָפענונג — האָבן אָנגעהויבן קומען זעלטענער און זעלטענער. די פאַראייינזאַמטע מענטשן, וואָס זיינען געבליבן אַליין אויף אייגענעם באַראַט, אָן אויסערלעכער שטיץ־קראַפט, קינדער און יוגנט, געלאָזענע אַליין אָן אַ קאָנטאַקט מיט דער יידישער אַקטיווער וועלט — זיינען געוואָרן אַפּאַטישער און אַפּאַטישער און יעדע אונטערגרונ־טיקע טעטיקייט האָט זיך צו ביסלעך אָפּגעשטעלט.

בלויז די רעליגיעזע איז פאַרבליבן דער איינציי־קער פונקט, אָן וועלכן יידן האָבן זיך נאָך געהאַלטן. מען האָט פאַרלויפיק נישט אָנגערירט די שול. דאָס איז געווען דער איינציקער פלאַץ ווו יידן האָבן זיך נאָך געקענט צוזאַמענקומען. זיינען טאַקע די שולן געווען איבערגעפולט, פיל מער ווי אין די נאָרמאַלע צייטן. עס זיינען אויך געקומען אין די שולן נישט־רעליגיעזע יידן. אויך די יוגנט פלעגט זיך דאָרט זאַמלען.

פראָפ׳ יעקב טאַלפּין

# אַסטראַהער זכרונות *

(קאַפּיטלער רוסישע רעוואָלוציע)

די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט בלי־ספק געענדערט דעם גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע. אָבער איך האָב נישט בדעה צו שרייבן קיין אָביעקטיווע פאָרשונג פון דער רעוואָלוציע, נאָר דערמאָנען פּאַסירונגען, צו וועלכע כ׳בין געווען אַן עדות (אויך אין מיין געבוירנשטאָט אַסטראַהאַ). כ׳וויל אויך אָפּגעבן כבוד די מענטשן, וועלכע האָבן דעמאָלט אויפריכטיק געגלויבט, אַז די צייט פון פריי־הייט אויף וועלכער מען האָט אַזוי לאַנג געוואַרט — איז שוין טאַקע געקומען...



דעם 27-טן פעברואַר 1917, זענען די קלאַנגען, וועלכע האָבן דערגרייכט קיין קיעוו פון פּעטראָגראַד, שוין געווען פול מיט אומרו. צווישן די סטודענטן איז די אויפרעגונג געווען זייער גרויס. אין די קאָרידאָרן פונעם אוניווערסיטעט האָט מען שטילערהייט דערציילט, אַז די פּאָליציי אין פּעטראָגראַד קען שוין נישט צעטרייבן די מאַסן מענטשן, וועלכע בונטעווען זיך און שרייען, שטייענדיק אין די לאַנגע שורות פאַר די שפּייז־קראָמען. און נישט נאָר אין פּעטראָגראַד, אַפילו אין קיעוו, די הויפּטשטאָט פון דער שפּייז־רייכער אוקראַינע, קענען די פּאַרדינסטן פונעם דורכשניטלעכן מענטש נישט דעריאָגן די פּרייזן.

אין דעם יידישן סטודענטן־קלוב האָט מען איבערגעגעבן נאָך וויכטיקע נייעס: אַ שטרייק גייט אָן אין פּוטילאָווער זאַוואָד, דער ריזיקער געווער־פאַבריק אין פּעטראָגראַד. די אַרבעטער זענען אַרויס אין די גאַסן אין אַ דעמאָנסטראַציע.

אַ טאָג שפּעטער האָט מען שוין אָפן געמאָלדן, אַז ס׳האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט אין וועלכן ס׳גייען אַריין די פירער פון כמעט אַלע פראַקציעס פון דער דומאַ (פּאַרלאַמענט). אָט דער קאָמיטעט פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן צאַר ניקאָליי. בראש פונעם קאָמיטעט שטייט דער פרעזידענט פון דער דומאַ, ראָדזיאַנקאָ.

מיר האָבן געהאַט געווער, און יעדער פון אונדז איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ רעוואָלווער און אַ רויטער סטענגע אויפן אַרבל. איך האָב זיך געפילט זייער אומבאַקוועם, ווען איך בין אַריינגעגאַנגען זיך אָפּשערן מיט אָט די אויסצייכענונגען אויף זיך — אַ פּאָר טעג נאָכן אַריינטרעטן אין שטאָב — און דער שערער, ווי אויך זיינע קליענטן, האָבן מיר אָפּגעטראָטן די ריי מיט דרך־ארץ, אָדער מורא: „זעצט זיך, בירגער!״... מיטאַמאָל איז דאָס וואָרט „בירגער״ געוואָרן אַן אויסדרוק פון רעספּעקט.

די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע האָבן געשוויגן. סטודענטן, אַפילו סטודענטקעס, האָבן אַנטוואָפנט

---

* ילקוט ווהליו, 37, 38.

פּאָליציי-לייט אין מיטן גאַס. איך האָב אַליין געזען, ווי אַ ריזיקער זשאַנדאַרם האָט, ווי אַ לעמעלע, אויסגעפּאָלגט דעם באַפעל פון אַ קליינינקער סטו־דענטקע און איר אָוועקגעגעבן זיין געווער.

אין פּעטראָגראַד האָט מען פאַרכאַפּט די אַרכיוון פון דער זשאַנדאַרמעריע און געהיים-פּאָליציי אינעם ערשטן טאָג פון דער רעוואָלוציע. געניטע אויגן האָבן דאָרט געפונען באַווייזן קעגן שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן; איינגעשלאָסן דעם טרויעריק-באַ־רימטן פּראָוואָקאַטאָר אַזעף און דעם פירער פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע אין דער דומאַ, מאַלי־נאָווסקי, וועלכער איז אַרעסטירט און דערשאָסן גע־וואָרן. אָבער מיר, אין דער קיעווער סטודענטן־מיליץ, האָבן נישט געהאַט קיין געניטע פאָרשערס פון אַרכיוון. „פּועלי־ציון" איז געווען אַ קליינע פּאַרטיי און מיר האָבן אַפילו נישט געקענט פּרע־טענדירן אויף הויכע פּאָזיציעס. דערפאַר האָב איך אָנגענומען דעם פאָרשלאַג שטודירן דעם זשאַנדאַר־מעריע-אַרכיוו.

איך האָב געבלעטערט די קאָרעספּאָנדענץ, און נישט געווען זיכער אַז איך וועל עפּעס אויפטאָן דערמיט. ביז איך האָב פּלוצים דערזען אַ באַקאַנטן נאָמען: גאָלדענפעלד. איך האָב געשלונגען דעם בריוו-אויסטויש צווישן דער קיעווער זשאַנדאַרמע־ריע און דעם רעקטאָר פונעם אוניווערסיטעט וועגן וואווא גאָלדענפעלד פון מיין היים-שטאָט אָסטראָה, אין וואָלין. וואווא גאָלדענפעלד האָט אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון גאַרבער־אַרבעטער אין אָסטראָה. היות ווי זיין פאָטער איז געווען בעל־הבית פון דער גרעסער לעדער־פאַבריק אין שטאָט, איז דער שטרייק, בעיקר, געווען קעגן זיין אייגענעם פאָטער. מיט דער צייט האָט מען אים אַרעסטירט. די זשאַנ־דאַרמעריע האָט געשריבן דעם רעקטאָר פונעם אוניווערסיטעט, אַז גאָלדענפעלד איז אַ סאָציאַליסט פון דער יידישער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־ציוניסטן (ס־ס) און האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אים אויסשליסן פונעם אוניווערסיטעט. דער רעקטאָר האָט דערויף געענטפערט, אַז דער אוניווערסיטעט נעמט אָן דעם פאָרשלאָג. אַ ביסל שפּעטער האָט דער פאָטער, קעגן וועמען דער זון האָט אָרגאַניזירט דעם שטרייק, אָוועקגעשיקט דעם זון קיין אויסלאַנד שטודירן אויף זיינע הוצאות.

ווען איך בין געקומען, זומער 1917, אַהיים פּראָ־פּאַגאַנדירן פאַר דער רעוואָלוציע און העלפן גרינדן אַ „פּועלי-ציון"־פּאַרטיי אין שטאָט (אויף מיין ברו־דערס איניציאַטיוו) האָב איך געטראָפן דאָרט וואווא גאָלדענפעלדן און מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט. אין 1977 האָב איך, זייענדיק אין ירושלים, טעלע־פאָנירט זיין זון, פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוני־ווערסיטעט — אַ וויכטיקער וויסנשאַפטמאַן אין קיעוו — וועלכער איז אַוועק פון סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט זיין משפחה, איינשליסנדיק זיין מוטער. דער פאָטער איז שוין נישטאָ.



קאָנטאַקטן מיט רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעזאָגט, אַז אונדזער מיליץ וועט לאַנג נישט עקזיסטירן. ס'האָט געהאַלטן ביים פאַרמירן אַ נאָר־מאַלע מיליץ. אונדזערע שטאַב-מיטגלידער האָבן געוווּסט וועגן פּאָזיציעס, וועלכע זיי האָבן געוואָלט האָבן פאַר זייערע פּאַרטייען. איינמאָל נאָך אַ זייער שפּעטער זיצונג, בין איך אַרויסגעגאַנגען פונעם אוניווערסיטעט אין דער באַגלייטונג פון צוויי שטאַב־מיטגלידער. פון זייער האַלטן זיך איז געווען קענ־טיק, אַז זיי זענען סיי פּאָליטיש, סיי פּערזענלעכע פריינט. זיי ווילן זיך נענטער באַקענען מיט מיר, האָט איינער פון זיי געזאָגט. דאָס איז געווען דאָװ־נאַרזאַפּאָלסקי, דער זון פון אַ באַקאַנטן רעאַקציאָ־נער, דירעקטאָר פונעם קאָמערץ־אינסטיטוט אין קיעוו. אָבער דער אַנדערער? ער האָט געהאַט אַ פרייען, היימישן, גוט-ברודערישן אופן פון האַלטן זיך. ער האָט געלאַכט פריינטלעך און גערעדט רוסיש מיט אַן אוקראַינישן אַקצענט: „מיר ווייסן, אַז איר זענט אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי „פּועלי-ציון", ווי איר האָט פריער געזאָגט אויף דער זיצונג, זענט איר אַ ייד. נו, און איך?" כ'האָב געענטפערט: „איר זענט אַן אוקראַינער; האמארניק איז אַן אוקראַי־נישער נאָמען"...

אַ הילכיק געלעכטער האָט זיך געהערט אויף דער וואָלאַדימירסקאַיאַ גאַס: „איך וועל אייך זאָגן, ווער מיין שוואָגער איז, וועט איר שוין וויסן, ווער איך בין. מיין שוואָגער איז חיים נחמן ביאַליק". איך בין געשטאַנען אַ דערשטוינטער. זיין נאָמען איז גאָר גאַמאַרניק! שפּעטער האָב איך דערטראַכט זיך, אַז דער נאָמען איז אפשר אַמאָל געווען גמרא׳ניק.

### די רויטע רוסישע רעוואָלוציע אין אַסטראַהאַ

ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן מיין געבוירן־שטאָט אַסטראַהאַ, וואָלין, אין פרילינג 1917, זע איך אויפרעגונג און באַגייסטערונג אויף די פּנימער פון דער באַפעלקערונג, איך זע אויך נייע האָפענונגען אויף יידישע פּנימער. די שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 20 טויזנט; 70 פּראָצענט פון זיי יידן. אין דער געשיכטע פון דער אוקראַאינישער, יידישער, רוסישער און פּוילישער קולטור האָט די שטאָט געשפּילט אַ ראָלע; און דאָס האָט איצט, עטלעכע חדשים נאָכן אָנהויב פון דער רעוואָלוציע, פאַרטיפט די האָפענונג.

ווען איך בין אַהיימגעקומען פון קיעוו, האָב איך באַמערקט אַן אונטערשיד אין די באַציִונגען צו דער רעוואָלוציע צווישן דעם רוב יונגע יידן און די עלטערע, און צווישן דער יוגנט זענען געווען אַ סך, וועלכע זענען געווען באַקאַנט מיט די הויפּט-אידעען פון די „פאַרבאָטענע" באַוועגונגען. דאַקעגן די עלטערע יידן — בעיקר יענע, וועלכע האָבן איצט געקראָגן נייע באַגריפן מיט נייע געזעצן ווי אַ מבול, וועלכער איז געקומען מיט די צייטונגען יעדן טאָג.

אָבער די נעמען פון די נייע העלדן זענען גלייך געוואָרן היימיש, און אייניקע אַרויסטרעטונגען זייערע האָבן גלייך געמאַכט געשיכטע. די פאַראָרדענונג פונעם יוסטיץ-מיניסטער פון דער צייטווייליקער רעגירונג אַלעקסאַנדער קערענסקי — אַז אַלע באַגרענעצונגען פון יידישע רעכט זענען פּסול; אַז יידן מעגן פון איצט וווינען אומעטום און זיך באַשעפטיקן מיט יעדער אַרבעט, איינגעשלאָסן רעגירונגס־שטעלעס — האָט זיך געמאַכט פאַר אַ יידן־פריינט. ס׳האָבן זיך צוריקגעקערט קיין אַסטראַהאַ עטלעכע רעוואָלוציאָנערן, דריי ברידער בונדיסטן פון אַמעריקע. עס ווערט באַנייט די בונדישע פּאַרטיי. מיט מיין צוריקקומען ווערט געשאַפן אַ „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי; און די אַרויסטרעטונגען פון מיין עלטערן ברודער העלפן פיל צו. ער איז אין שטאָט בלויז אויף אַ קורצן אורלויב, ווי אַ ניי־גראַדואירטער דאָקטאָר, וועלכער ווערט געשיקט אויפן מלחמה־פראָנט.

די „צעירי-ציון" ציען צו אַ טייל פון דער יידישער יוגנט; און זיי רעדן אָפּט וועגן זייערע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע נייגונגען. דער קאַמף צווישן די יידישע פּאַרטייען ווערט פאַרשאַרפט. מיינע נייע פּאַרטיי־חברים, פיל פון זיי ערנסטע יונגעלייט, הערן אַמאָל פון אַ ניי־געוואָרענעם בונדיסט: „מיר, בונדיסטן זענען די איינציקע פאַרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט".

דער שטרייט צווישן אונדזערע פּאַרטייען שפּיגלט זיך אָפּ אין אונדזער ניי-געגרינדעטן סאָוועט, דעם ראָט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן אין אַסטראַהאַ, פּונקט ווי אומעטום, טוען מיר נאָך דעם ביישפּיל פון פּעטראָגראַד. דאָרט שליסט ער איין וויכטיקע פירער פון די ראַדיקאַלע פּאַרטייען. זייער פּרעסטיזש איז אַזוי גרויס, אַז דער סאָוועט נעמט זיך דאָס רעכט אַרויסצוגעבן געזעצן.

ס׳איז זייער שווער איבערצוגעבן איצט, די ענדערונגען פון האָפענונג אויף טיפער אַנטוישונג, וועלכע האָבן געווירקט אויף יידן אין אַסטראַהאַ יעדן טאָג אין שפּעטן זומער 1917 און אין אָנהויב 1918. זיי זענען דערוועקט געוואָרן דורכן שנעלן איבערבייט פון פּאַסירונגען, יידן האָבן געלייענט און געשמועסט מיט צופרידנהייט וועגן דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט שאַפן אַ דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע פאַר רוסלאַנד. די אַרבעט ווערט געפירט אין ספּעציעלע קאָמיטעטן, באַשטימט פון דער רעגירונג. נעמען פון באַרימטע יידיש-געזעלשאַפטלעכע טוער — ווי די באַרימטע אַדוואָקאַטן ווינאַווער, גרוזענבערג, דער פירער פון „בונד" ליבער — האָבן געווירקט ווי אַ רפואה קעגן די יידישע צרות. ס׳איז אויך באַקאַנט געוואָרן, אַז אין די פּראָ־

פאַרציאָנעלע וואַלן וועט יעדע אָרגאַניזירטע פּאַרטיי האָבן אַ צעטל קאַנדידאַטן אונטערן זעלבן נומער אין גאַנצן לאַנד. די „פּועלי-ציון"־פּאַרטיי קריגט דעם נומער 7. מען לאָזט אונדז אויך וויסן פון צענטראַל-קאָמיטעט אין קיעוו, אַז אין אונדזער וואָלינער באַצירק וועט דער ערשטער קאַנדידאַט זיין ש. אַנסקי, דער צווייטער — מיין ברודער ד״ר ש. טאַלפּין, וועלכער איז נאָך אויפן פראָנט. ש. אַנסקי האָט זיך דערקלערט אין סימפּאַטיע מיט אונדזער פּראָגראַם און וועט זיין אויף עטלעכע צעטלען פון אונדזערע קאַנדידאַטן. די יידישע פּאַרטייען האָבן, דורך אַזעלכע טעטיקייטן אויסגעבילדעט אין אָסטראָה געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע ווייזן אַרויס אין דער וואַל־קאַמפּאַניע בקיאות אין אונדזערע פּראָבלעמען.

אַ פיינעם סיורפּריז האָבן מיינע חברים געהאַט פאַר מיר, ווען איך בין אַהיימגעקומען אויף אַ שטיקל צייט. זיי האָבן געגרינדעט אָוונט־קורסן פאַר יונגע אַרבעטער, וועלכע זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אינטערעס פון דער יוגנט, און די קלאַסן זענען אָנגעפילט געוואָרן. שפּעטער, ווען ב. באָראָכאָוו איז געשטאָרבן, האָט מען די קורסן אַ נאָמען געגעבן נאָך אים. זיי האָבן עקזיסטירט עטלעכע יאָר ביז די געגנט איז אַריבער צו פּוילן און די קורסן זענען פאַראייניקט געוואָרן מיט אַנדערע שולן. אָבער אויך אַן אַנדער סיורפּריז, אַ זייער טרויעריקער, האָט אונדז דערוואַרט אינגיכן: דער ערשטער פּאָגראָם נאָך דער רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען אין אָסטראָה; צעטומלטע, אויפגערעגטע סאָלדאַטן, פון קיינעם נישט באַזאָרגט מיט נויטיקן, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף קראָמען און ראָבירט. מען האָט קיינעם נישט דערהרגעט; אָבער די מערהייט קראָמען זענען דאָך געווען יידישע. דאָס האָט דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ אונדזער אַלעמענס מאָראַל. יידן האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט: „ווּ איז אונדזער פרייהייט, אונדזער זיכערקייט?"...



אין די אַרומיקע דערפער האָבן פּויערים, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פונעם פראָנט מיט געווער אין די הענט, גענומען פאַרכאַפּן די ערד פון די פּריצים. דאָס פאַרכאַפּן די ערד איז איצט אָנגעגאַנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד פיל מער, ווי אַרום אונדז. אומעטום האָט זיך געפילט די ווירקונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. סוף אָקטאָבער 1917



הרחוב הראשי דובינסקה באוסטראה

פילט זיך די באַלשעוויסטישע פּאַרטיי שטאַרק גענוג צו פאַרכאַפּן די מאַכט. מיט דער הילף פון אירע באַוואָפנטע אָנהענגער, טיילווייז מיליטער־אָפּטיי־לונגען, פאַרכאַפּט זי די מאַכט איבער גאַנץ רוס־לאַנד און צעטרייבט די צייטווייליקע רעגירונג. די אויפטרייסלונג איז גרויס. אָבער יידן פרעגן: וועלן זיי קענען פאַרווירקלעכן זייער צוזאָג פון שלום? זיי פּרווון. מען לייענט וועגן די אונטערהאַנדלונגען מיט דער דייטשישער הויפּט־קאָמאַנדע אין בריסק אין משך פון פיל חדשים; און אַט קלינגט אָפּ איבער גאַנץ רוסלאַנד דער אויסרוף פון לעאָן טראָצקי, דער פירער פון דער סאָוועטישער שלום־דעלעגאַציע: „מיר שרייבן אונטער אייער שלום־אָפּמאַך, וואָס איר גיט אונדז, נישט לייענענדיק אים. איבעראַיאָר וועלן מיר שליסן אַן אמתן שלום מיט די דייטשע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער!" אַ יאָר שפּעטער איז דער אָפּמאַך בטל געוואָרן, ווייל די דייטשישע מאָ־נאַרכיע איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן אונטערן דרוק פון זייער רעוואָלוציע.

אויף אַ מאָמענט האָט מען לייכטער אָפּגעאָטעמט. אָבער איצט, ווען רוסלאַנד האָט פאָרמעל פאַרלאָרן אוקראַינע, לויטן געצוווּנגענעם אָפּמאַך, האָבן מיר דערפילט ווי פאַלש עס איז געווען די שטעלונג פון יענע יונגע פירער פון דער אוקראַינישער ראַדע, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט דאָס אָפּרייסן זיך פון רוס־לאַנד תיכף־ומיד. דייטשלאַנד האָט זיי געשטיצט, אָבער מיט אירע אייגענע כוונות.

שוין עטלעכע חדשים, ווי די ראַדע אין קיעוו האָט איינגעפירט איר אייגענע אָרדענונג. ס'איז געווען אַ פּלאַן צו באַפרידיקן די קולטור־באַדערפענישן פון די באַדייטנדיקע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, שאַפן זייערע מיניסטעריומס, וועלכע זאָלן פאַרוואַלטן מיט זייערע ענינים. עס איז טאַקע געשאַפן געוואָרן אַ יידישער מיניסטעריום מיט ז. זילבערפאַרבן, דעם פירער פון דער פאַראייניקטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי מיניסטער. אָרטיקע קהילה־פאַרוואַלטונ־גען האָבן זיך געשאַפן אין יידישע שטעט, אויך אין אָסטראָה, פאַרשטייט זיך.

גלייכצייטיק האָבן יידן דערפילט אַ נייע, וויכטיקע באַוועגונג: די אויפגעוועקט־נאַציאָנאַליסטישע גע־פילן פון אוקראַינער האָבן צוריק געבראַכט געשיכט־לער־באַקאַנטע און טרויעריקע אין דער יידישער געשיכטע, קאָזאַקישע אָרגאַניזאַציעס. מיטאַמאָל האָבן באַקאַנטע אוקראַינישע יונגעלייט זיך אָפּגע־קערט פון זייערע יידישע חברים; פיל פון זיי זענען אַרומגעגאַנגען אין נאַציאָנאַל־קאָזאַקישע בגדים. דאָ און דאָרט זענען פאָרגעקומען געשלעגן איבער אַ וואָרט, מען האָט געשפּירט אַ פּאָגראָם־שטימונג. די בגדים פון „סיטשעוויקעס" און „היידאַמאַקעס" האָבן אָפּגעשראָקן יידן. שוין דער נאָמען „היידע־מאַק" אַליין האָט דערמאָנט אין צרות פון כמעל־ניצקיס צייטן; און דער האַס קעגן רוסלאַנד, וואָס האָט פאַרגוואַלדיקט די אוקראַינישע קולטור, האָט זיך אָפטמאָל אויסגעגאָסן קעגן יידן, ווייל יידן האָבן גערעדט רוסיש, זייער זעלטן אוקראַיניש. די דיי־טשישע אַרמיי, תיכף נאָכן בריסקער שלום־אָפּמאַך, האָט אַריינמאַרשירט אין גאַנץ אוקראַינע.

✶

דעם ערשטן מאַי 1918 בין איך ווידער געווען אין אָסטראָה, און אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע פאַר אונדזערע חברים. די פאַרזאַמלונג איז געווען נעבן דער גרעסטער געביידע אין שטאָט, וווּ אַ דייטשיש־מיליטערישע אָפּטיילונג האָט זיך באַזעצט. ווען איך האָב געענדיקט רעדן פון באַלקאָן און זיך אומגע־קערט, זענען הינטער מיר געשטאַנען עטלעכע דיי־טשישע סאָלדאַטן מיט מאַשין־ביקסן. די צייטונגען האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אין קיעוו איז פאָר־געקומען אַן איבערקערעניש. מ'האָט אַראָפּגעזעצט די אוקראַינישע רעגירונג מיט דער הילף פון דער דייטשישער אַרמיי און אַרויפגעזעצט אַ הערשער מיטן טיטל „העטמאַן". דאָס איז געווען אַ רוסישער גענעראַל סקאָראָפּאַדסקי, פון אַן אַסימילירטער אוקראַינישער משפּחה.

במשך פון אַ צייט איז דער דרוק אויף דער יידי־שער שטאָט געוואָרן קלענער; דאַקעגן אין דאָרף האָבן די דייטשן געהאַנדלט גאָר אַנדערש. מען האָט גערויבט אָן אַ שיעור. אַ פּויער, וועלכער האָט נישט צוגעשטעלט וואָס מען האָט געהייסן, האָט איינגע־

שטעלט מיטן לעבן, און יעדן טאָג האָט מען אין אוקראַינע געשאָסן און געהאַנגען פּויערים. די ערד איז אומגעקערט געוואָרן צו די פריערדיקע בעלי־בתים. די יונגע פּויערים, וועלכע האָבן זיך געהאַט אומגעקערט פונעם פראָנט מיט געווער אין די הענט, האָבן גענומען קעמפן קעגן די דייטשן, באַפאַלן באַנען, געצונדן וואָס מען קען. זייערע באַנדעס זיינען געווען פול מיט האַס קעגן אַלעמען, וועלכע האָבן ווייניקער געליטן; זיי האָבן אויך גענומען אויסלאָזן דעם כעס אויף דער שטאָט, דאָס הייסט, אויף יידן...

אין שטאָט פילט זיך אַ דוחק אין שפּייז. יעדער ריר פאַרגרעסערט דעם חשד פון די דייטשן. אויף אַ זיצונג פון דעם אָסטראָהער יידישן קהילה־ראַט מאַרשירט אַריין אַן אָפּטיילונג פון דייטשישן מיליטער, באַפעלט אַז די קהילה ווערט געשלאָסן און אַרעסטירט דעם פאַרזיצער. דער ראש־הקהל פון דער קהילה איז גראָד נישט געווען, און די זיצונג האָט געפירט מיין ברודער, דער וויצע־פאַרזיצער; נישט לאַנג פאַר דעם איז ער אַהיים געקומען פונעם צעפאַלענעם עסטרייכישן פראָנט צופוס. נאָך עטלעכע טעג אַרעסט ווערט ער באַפרייט; אָבער גוטע פריינד עצה'נען אים אַוועקצופאָרן.

מיטאַמאָל — אַ גרויסע סענסאַציע: אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד! דער דייטשישער פראָנט ברעכט צוזאַמען און דייטשן לויפן פון אוקראַינע. זיי ווילן בלויז פאָרן אַהיים, גיבן אָפּ זייער געווער אוקראַינער, וועלכע באַפאַלן זיי. די ווייסע אַרמייען טראָגן זיך אויך אָפּ. דער „העטמאַן" אַנטלויפט קיין דייטשלאַנד. יידן זענען שטאַרק צעשראָקן. נאָך אין אָנהויב יאָר 1918, און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פּאָדערט איצט: „די גאַנצע מאַכט — די סאָוועטן".

אין קיעוו, הערן מיר, גרינדעט זיך אַ נייע אוקראַינישע רעגירונג. די יידישע געזעלשאַפט איז איצט פאַר דער זעלבסטשטענדיקער אוקראַינישער רעגירונג, וועלכע שטעלט צוריק אויף די אויטאָנאָמע אינסטיטוציע פון מינדערהייטן. א. רעוווצקי, דער פאַרשטייער פון „פּועלי־ציון", איז דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים. ער קריגט גלייך פאַרזיכערונגען פון דער נייער רעגירונג, אַז יידן וועלן באַשיצט ווערן. אָבער דער מענטש מיט דער גרעסטער דעה אין דער רעגירונג ווערט גלייך סעמיאָן פּעטלורא. ער רופט זיך הויפּט־אַטאַמאַן, זיינע געהילפן זענען אַטאַמאַנען און זיין אַרמיי פון פּויערים, נעכטיקע סאָלדאַטן, שאָוויניסטיש געשטימטע, זענען בייז אויף אַלעמען. אָבער די יידן פילן אָט דעם כעס מער ווי אַנדערע.

די שרעקלעכע צייט פון פּאָגראָמען, הריגות אָן שום סיבה קומט אויף אונדז. חוץ דער אַרמיי גייען אומעטום אַרום באַנדעס מיט פאַרשידענע „אַטאַמאַנען" בראש. זיי אַרבעטן אין זייערע געגנטן, און יידן זענען קרבנות. אייניקע טענהן: „איר קענט נישט קעמפן אין אונדזערע רייען, מיר געטרויען אייך נישט, אָבער יידן האָבן געלט, איר מוזט אונדז צושטעלן אַזוי פיל און אַזוי פיל ווי „קאָנטריבוציע", אויב נישט"... און מען הערט אומעטום וועגן פּאָגראָמען.

צוויי יונגעלייט פאָרן צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע פון אָסטראָה, בכדי אָפּצונעמען זייער סחורה, שטייט דאָרט עפּעס אַן „אַרמיי" און דער אַטאַמאַן זאָגט: „זיי זענען מסתמא שפּיאָנען. דערשיסט מען זיי. אַ בעל־עגלה פירט יידן אויף דער סטאַנציע און קערט זיך אום פון האַלב וועג: עפּעס אַ באַנדע האָט אָראָפּגענומען זיינע פּאַסאַזשירן — קיינער בלייבט נישט לעבן... טיילמאָל ווייסט מען גאָרנישט מיט וועמען מען האָט צו טאָן.

אָט רופט מען אין איילעניש אַ זיצונג פון אָסטראָהער שטאָטראָט. אין זאַל פון דער זיצונג שטייט אַ מיליטערמאַן און איך ווייס נישט צו וואָס פאַר אַן אַרמיי ער געהערט. נישט ער, נישט זיין באַגלייטער זענען אוקראַינער, מען וויל אים פאַרגיטיקן. זיין רעגימענט, זאָגט ער, דאַרף האָבן וועש, שטיוול, עסנוואַרג און נאָך און נאָך... „מיר וועלן עס נעמען ביי אייך מאָרגן אין דער צייט", זאָגט ער. ס'ווערט אַלעמען פינצטער אין די אויגן. „איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז מיינע סאָלדאַטן זאָלן עס אַליין נעמען"... זאָגט ער, אַוועקגייענדיק. און אָט קומט אָן די שרעקלעכע בשורה: דריי טויזנט יידן קאַלטבלוטיק אומגעבראַכט אין פּראָסקוראָוו.

אַט איז דורכגעגאַנגען אַן אַפּטיילונג פון דער „רויטער גוואַרדיע" דורך אַסטראַהאַ אַ שטיקל צייט פריער, אויפן וועג צו העלפן דער רויטער אַרמיי, וועלכע רוקט זיך אויף קיעוו. אַן אומבאַקאַנט יינגל קומט אַריין צו אונדז אין הויז, גיט מיר אַ בריוול און גייט אַוועק. דאָס בריוול איז פון בן־ציון מלמדס זון, מיין געטרייער תלמיד אין דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי. שרייבט ער:

„ביי אייך האָב איך זיך געלערנט סאָציאַליזם; און איצט זע איך, אַז איר זענט נאָך נישט מיט אונדז, נאָך נישט צוגעשטאַנען צו דער אמתער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ווי קומט עס?"...

*

איך בין צוריק אין אַסטראַהאַ פיל שפּעטער, נאָכן גראַדואירן פונעם אוניווערסיטעט. איין מאָכט באַזיגט אַ צווייטע, שטויסט זי אַרויס פון אונדזער געגנט און ווערט מיט דער צייט אַליין פאַרשטויסן. די שטאָט איז שוין געווען ביי דער רויטער אַרמיי אין די הענט, איבערגעגאַנגען צו דער פּוילישער אַרמיי, איז איצט צוריק אין די הענט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד... קרבנות, אומשולדיקע קרבנות פאַלן אַלע מאָל, אָבער קיין גרויסע ענדערונג קומט נישט אין דער זיכערקייט מיטן מאָרגן. אָט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ מערקווירדיק בילד פון מלחמה — אַ באַגעגעניש מיט דער קאַוואַלעריע־אַרמיי פונעם קאָזאַקישן גענעראַל בודיאָני. ווי אַ ריזיקער שטורעם האָט זי זיך דורכגעריסן דורך דער שטאָט מיט געשרייען פון צעהיצטע קאָזאַקן: „גיב אַפּ וואַרשע!" פערד מיט רייטער־קאָזאַקן, וועלכע זענען שוין יאָרן צוזאַמען און פאַרשטייען זיך אַזוי גוט, לויפן צוגלייך מיט פערד, וועלכע זענען קיין מאָל נישט געלאָפן אין קיין מלחמה, אפשר לוקסוסדיקע רייזעפערד, אַנדערע אַרבעטס־פערד, אייניקע אַן זאַטלען, רייטער מיט קאָזאַקישן געווער, אַנדערע מיט יאַגד־ביקסן — און מיט די קאָזאַקן פאַרן אַנדערע, אייניקע מיט טאַטערישע פּנימער — און דער דראַנג אויף דער פּוילישער אַרמיי איז, דוכט זיך, נישט אָפּצושטעלן. אָבער ס'גייט נישט אַוועק קיין וואָך — און דער לויף איז צוריקוועגס; פון הינטער וואַרשע...

אין אַסטראַהאַ באַווייזט זיך דער שטאָב פון דער סאָוועטישער דיוויזיע, אין וועמענס רשות עס איז איבערגעגעבן געוואָרן אונדזער טייל אוקראַינע. מיט שרעק הערן יידן, אַז דאָס איז די 44טע אוקראַינישע דיוויזיע מיט די טרויעריק־באַרימטע פּאָלקן, וועלכע האָבן געמאַכט אַזוי פיל שוידערלעכע פּאָגראָמען אין יידישע שטעט: דער צווייטער באָגונסקי, דער טאַראַשטשאַנסקי און אַנדערע פּאָלקן, אין וועלכע ס'זענען דאָ פיל געוועזענע פּעטליוראָווצעס, וועלכע האָבן זיך באַקערט צום באָלשעוויזם נאָך אַ פּאָר־לווירענער שלאַכט. זיי האָט ווייניק אויסגעמאַכט, אין וועלכער אַרמיי זיי זענען איצט. פּאָגראָמען האָבן זיי געמאַכט, ווו זיי האָבן נאָר געקאָנט. אָבער מיין שרעק פאַר דער יידישער אַסטראַהאַ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איבערראַשונג, ווען איך האָב זיך באַקענט מיטן פּאָליטקאָם פון דער דיוויזיע. איך האָב דערזען אַ יידישן אינטעליגענט, אַן אויסגעמאַטערטן יונגנמאַן אין די דרייסיקער יאָרן, מיט צוויי שווערע רעוואָלווערן הענגענדיק פון זיין פּאַסיק, וועלכע האָבן אים איינגעבויגן. ער האָט רעדאַגירט די צייטונג פון דער דיוויזיע און האָט יעדן טאָג געשריבן לייט־אַרטיקלען צו פאַרשטאַרקן דעם קאָמוניסטישן גייסט פון די סאָלדאַטן. זיין נאָמען איז געווען ד״ר טשעסקיס. ער איז געווען פילאָזאָף פון סאָרבאָן און איז געקומען פון פּאַריז בכדי צו אַרבעטן פאַר דער רעוואָלוציע.

איך האָב געהאַט אַ מיסיע דורכצופירן מיט אים צוזאַמען, אונדזער קולטור־ליגע אין אַסטראַהאַ, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן איידער די סאָוועטישע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט, האָט אויסגעפּועלט ביי דעם בילדונגס־קאָמיסאַר די פּריווילעגיע צו פאַרוואַלטן מיט די יידישע שולן ווי פריער. דערווייל האָט מען אונדז געגעבן די פּריווילעגיע. דער פּאָליטקאָם האָט געהאָלפן רופן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע לערער פונעם אויעזד. נו, האָב איך מיט אים געדאַרפט מאַכן דעם פּלאַן און געבן טעכנישע אינפאָרמאַציע ווי דער אַרטיקער ראַטגעבער.

נאָכן צוזאַמענפאַר האָב איך אים נאָך געטראָפן עטלעכע מאָל און דערנאָך אים פאַרלוירן פון אויג. יאָרן שפּעטער האָב איך זיך — אין דער באָסטאָנער געגנט — באַקאַנט מיט זיינס אַן עלטערן ברודער, אַ פּראָפעסאָר פון פראַנצויזישער ליטעראַטור, וועלכער איז אַריבערגעקומען פון אייאָוואַ סטייט־אוניווערסיטעט קיין בראַנדיס־אוניווערסיטעט. יעדעס מאָל האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אים נאָך אַ מאָל דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן זיין ברודער, פון וועלכן ער האָט גאָרנישט געהערט. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גורל ער האָט געהאַט אין סטאַלינס צייטן ?...

מען האָט אין בילדונגס־קאָמיסאַריאַט מיר געגעבן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין זשיטאָמיר, בכדי צו זען ווי מען האָט איינגעאָרדנט די יידישע שולן אין דער גובערניע. מיין אמתע כוונה איז געווען צו זען דעם קבר פון מיין ברודער, וועלכער איז אומגעקומען פון די פּעטליוראָווצעס, בשעת ער האָט געדינט אין זייער אַרמיי ווי אַ מאָביליזירטער דאָקטאָר. זיין קבר איז געווען אין דערבייאיקן בערדיטשעוו. אויפן וועג אַהיים בין איך געגאַנגען צופוס אין אַ הייסן טאָג פון דער אייזנבאַן־סטאַנציע. אַ 7־8 מייל, מיט אַ שווערן זאַק ביכלער און פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, וועלכע מען האָט מיר שטאַרק אָנגעזאָגט איך זאָל מיטנעמען. איך בין געווען זייער מיד און הונ־

געריק. פון דער ווייטנס זע איך אין פעלד אַ טויטן קערפּער, באַלד נאָך איינעם. ווער ווייסט פאַרוואָס זיי האָבן געקעמפט. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין קינדהייט־חבר פון אָסטראָה נוסקע (נתן) פּערלמוטער, וועלכער איז אַ שטיקל צייט פאַר דעם אומגעקומען אין אַ דערבייאיקן דאָרף. ער האָט „געדינט ביי דער מאַכט”, נאָך דעם ווי ער איז אַהיימגעקומען פון עסטרייכישער געפענגעניש און האָט נישט געהאַט וווּהין זיך אַהינצוטאָן. מען האָט אים געשיקט מיט אַן אָפּטיילונג רויטע אַרמייער „רעקוויזירן” ברויט אין יענעם דאָרף פאַר דער אַרמיי. די פּויערים האָבן זיי אַלעמען צעהאַקט אויף שטיקער. זייער דאָרף האָט די אַרמיי צעשאָסן און פאַרברענט, אָבער נוסקע איז נישטאָ. כ'הער אַ פויגל זינגען הויך איבער מיר. נאָך אַ פויגל ענטפערט אים ערגעץ אין פעלד. שטעל איך זיך אָפּ, לייג אַוועק דעם שווערן זאַק, זעץ זיך אויף אים זיך אַ ביסל אָפּרוען, זיך באַטראַכטן: „איז נאָך דאָ ערגעץ אַ פּלאַץ אויף דער וועלט, וווּ מענטשן קענען הנאה האָבן ? מען קען זיצן מיט דער משפּחה, מיט פריינט און שמועסן, שמועסן אַפילו וועגן גאָר געוויינלעכע זאַכן ? זיך פרייען שטילערהייט ? איז דאָס פאַר מיר און פאַר מייניקע פאַרביי אויף אייביק ?”...

מיין גאַנץ לעבן, זינט יענעם נאָכמיטיק, איז באַהויכט פון דער שטימונג אין יענער שעה.

דער קאַמף פאַר דער שטאָט איז געווען אַ שרעק־לעכער ס'וועט געווען זיין צו זאָגן, אַז די דייטשן האָבן אין משך פון 22.6 ביזן 26.6 דורכגעריסן די הויפּט־ליניעס און דורכגעוואָרפן דעם פראָנט אויף הונדערטער קילאָמעטער, דאַן ווען דער קאַמף פאַר אוסטראה האָט געדויערט גאַנצע 6 טעג. פאַרוואָס דער קאַמף איז געווען אַזאַ שווערער, זענען דאָ פאַרשיידענע סיבות און השערות.

אין משך פון גאַנצע זעקס טעג האָט די שטאָט איבערגעלעבט אַטאַקעס פון ביידע זייטן, כמעט יעדער שעה אַ שרעקלעכער לופט־אַנגריף, סיי פון סאָוועטישן און סיי פון דייטשישן לופט־פלאָט יעדעס מאָל האָבן אויסגעבראָכן גוואַלדיקע שריפות פון צינד־באָמבעס, איינגעפאַלן קעלערס מיט צענ־דליקער פאַרשאָטענע קרבנות, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן, און אַזוי אָן אויפהער, מ'האָט נישט געקענט וויסן ווער ס'איז דער זיגער און ווער דער באַזיגטער אין די לעצטע טעג האָבן די סאָוויעטן געמאַכט אַ גוואַלדיקן אַנגריף; די סאָוויע־טישע טאַנקן זענען שוין געווען אין שטאָט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט קומט שוין די הילף, נאָר דאַן איז אָנגעקומען אַ פרישער דייטשישער כוח און דעם אַנגריף אָפּגעשטויסן. די דייטשן האָבן אַריבערגעוואָרפן דעם פראָנט איבער דער פאַרטי־פיקאַציע־ליניע און ענדלעך די שטאָט אָפּגענומען.

ערשט מיטוואָך, דעם צווייטן יולי, האָבן זיך אָנ־געהויבן אַרויסווייזן מענטשן, וועלכע זענען גיך דורכגעלאָפן די גאַס, ווער נאָך וואַסער און ווער נאָך ברויט. דאָס בילד פון דער שטאָט איז געווען איין חורבן: רויכעריקע שריפות, רואינען און הרוגים... אויפן צווייטן טאָג איז באַלד אַרויס אַ מעל־דונג פון צייטווייליקן אויף גיך געשאַפענעם שטאָט־קאָמיטעט אין באַוווּסטן נוסח, אַז יידן זאָלן אָנטאָן אויף די אַרבל פון דער רעכטער האַנט אַ ווייסן באַנד מיט אַ בלויען מגן־דוד, די גאַנצע באַפעל־קערונג קען גיין אין גאַס ביז ניין אַזייגער, יידן בלויז ביז זיבן מיט דער דאַזיקער מעלדונג הויבט זיך אָן די היטלער־ממשלה מיט אוקראַינישער מיט־הילף, איבער דער שטאָט אוסטראה.

באַלד אין די ערשטע טעג איז אַרויס די פאַר־אָרדענונג וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידן: אַז אַלע יידן, סיי מענער, סיי פרויען, אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר, ווערן אויפגעפאָדערט צו שטעלן זיך צו דער אַרבעט, פאַר נישט שטעלן זיך צו דער אַרבעט, וועט מען באַשטראָפט ווערן לויט די עקזיס־טירנדע מלחמה־געזעצן... אַכטונג צו געבן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך צו דער אַרבעט שטעלן, איז באַשטימט געוואָרן די אויף גיך געשאַפענע אוקראַינישע מיליץ, וואָס איז באַשטאַנען פון באַוווּסטע פאָגראָמשטשי־קעס, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט גענוג אָנ־זעטיקן מיט יידיש בלוט.

אין וואָס איז די אַרבעט באַשטאַנען?

ערשטנס האָט מען אָפּגערייניקט די שטאָט פון טרופּן. יאָ אַלץ הייסט טרופּן, נאָר ווער ס'האָט אַזוינע טרופּן נישט געזען, ווייסט בכלל נישט וואָס ס'הייסט מלחמה. טרופּן פאַרקוילטע, פאַרברענטע אין די שווידערלעכע פּאָזעס, וועלכע מ'קען זיך נאָר פאַרשטעלן, שוין לגמרי נישט ענלעך צו קיין מענטשן. צו אַ שטייגער אַזאַ מין אַרבעט ווי אַרויס־נעמען פון פאַרברענטע טאַנקען פאַרברענטע זעל־נער, ווען אַלעס איז אויסגעמישט, מוח מיט קער־פּער, קערפּער־טיילן מיט ברוכטיילן פון געווער א.א.וו. די צווייטע מין אַרבעט איז באַשטאַנען פון וואַשן די מיליטערישע אויטאָס. מילא וואַשן איז וואַשן, אָבער דאָס חוזק מאַכן און אָפּשפּאָטן. צו אַ שטייגער זען אַזאַ בילד, ווי אַ גרייז־גרויער ייד, מיט אַ שוואַרצער לאַנגער טוכענער קאַפּאָטע ליגט אויף דער ערד אַזוי אומגליקלעך און וואַשט אַ מיליטערישן אויטאָ. דער דייטשישער שאָפער רוקט אים די באַרשט צו שייערן דעם אויטאָ, און ער, דער אומגליקלעכער האָט אפילו נישט קיין באַגריף ווי מ'קריכט אַרויף אויף דעם אויטאָ. דאַן קומט אונטער אַ צווייטער דייטש און ווייזט דעם שאָפער ווי מיט יידן זיך צו באַגיין. ער הויבט אָן שלאָגן דעם גרייז־גרויען יידן אומברחמנותדיק און ווען דער קרבן פאַלט אַ פאַרחלשטער, נעמט ער מיט דער פּאָמפּע פון אויטאָ און שפּריצט אים אָפּ מיט וואַסער, און ווען יענער מונטערט זיך אויף, שלאָגט ער ווידער און אַזוי אָן אויפהער... שרעקלעך איז געווען צו זען ווי מ'האָט זיך נוקם געווען אין די

יידישע פרויען, וועלכע זענען געגאַנגען וואַשן און שייערן די פּאַדלאָגעס פאַר די קומענדיקע אַמטן. ווער איז דען בכוח איבערצוגעבן די פאַרשידענע פורעניותן, וועלכע די יידן זענען אויסגעשטאַנען ביי דער אַרבעט. נאָר דאָס איז נאָך אַלץ בלאָס קעגן דעם, וואָס יידן האָבן געליטן ערשט שפּעטער, ווען דאָס לעבן איז געוואָרן „נאָרמאַל"...

**דער ערשטער גרויסער אומגליק**
**פּאָפּולער גערופן „דער ערשטער מאָנטיק"**

...און אַזוי האָבן אוסטראַהער יידן אָנגעהויבן אַ לעבן פון שקלאַפן. אַ גאַנצן טאָג ביי דער פאַר-שאַלטענער צוואַנגס-אַרבעט, ביז מען האָט דער-לעבט דעם אָוונט, האָט מען זיך אין געהיים גע-זאַמלט און געטרייסט, אַז אפשר וועט פאַרט גאָט העלפן און די ישועה וועט דאָך קומען... אין אַזוינע שטימונגען האָבן די יידן אָפּגעלעבט 3 וואָכן, ביז, ביז... געווען איז עס י"א אב 1941 (דאָס יידישע יאָר געדענק איך נישט). תשעה באָב איז אויסגע-פאַלן שבת, אַזוי אַז מען האָט געפאַסט זונטיק. דאָס קינות זאָגן און פאַסטן זענען דאָס יאָר געווען זייער כאַראַקטעריסטיש. יעדער ייד, פריידענקער צו רע-ליגיעזער, זענען אַריין אין אַזאַ עקסטאַז, ווי קיין מאָל נישט. ערשט דאַן האָבן יידן פאַר זייער גאַנץ לעבן אַריינגעטראַכט אין דעם „איכה, ישבה"... און וואָס דאָס הייסט, אַז אַ פאָלק פאַרלירט אַן אייגן לאַנד, אַ קרוינשטאָט... אין אַזאַ אַטמאָספער און ביי אַזעלכע שטימונגען איז אַדורך דער גאַנצער זונטיק-דיקער טאָג. צייט צום טראַכטן איז געווען גענוג, ווייל זונטיק איז מען געווען פריי פון אַרבעט... מיט אַזוינע געדאַנקען איז יעדער צוגעפאַלן צו דער קישן און אויסגעווײנט זיין צובראָכן האַרץ...

צומאָרגנס, אַרום 4 אַזייגער פאַרטאָג האָט זיך דערהערט אַ שיסערייַ פון פאַרשידן געווער. מען איז אַראָפּ פון די געלעגערס און אָנגעהויבן אַרויס-קוקן דורך די שפּאַרונעס. מ'האָט דערזען ווי זעלנער פון „ס.ס." אין זייערע קאָלירטע שלענג-קאַסטיו-מען, לויפן אַרום איבערן שטאָט, ווער צו פוס און ווער אויף מאָטאָציקלען אָדער אין אויטאָס, אין פולער באַוואָפענונג. דער ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז אפשר שטעלט זיך ווידער אַ פראָנט און די דייטשן טרעטן אָפּ. לאַנג האָט עס נישט געדויערט און מען האָט ערשט דערזען וואָס עס טוט זיך. זעלנער האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער און אַרויסגעטריבן פון קליין ביז גרויס, אַלט און יונג, זיי לאָזן זיך נישט אָנטאָן, נאָר שרייען „לוס"... און „לוס"...

עס הויבן אָן צו פאַרפלייצן די גאַס אומגליקלעכע האַלב פאַרשלאָפענע יידן. עס הערן זיך געוויינען פון קינדער, קרעכצערייען פון אַלטע און קראַנקע, וועלכע מען שלעפּט מיט גוואַלד פון די שטובן. ווי-נישט-ווי שלעפּט מען צושלאָגענע צובלוטיקטע יידן, מיט ווייס-גרויע בערד, וועלכע זענען שוין באַפאַרבט מיט זייער אייגן בלוט. דער פעיקסטער כאַראַקטעריזאַטאָר וועט נישט אומשטאַנד זיין צו שאַפן אַזוינע שוידערליכע מאַסקעס ווי דאָס אויס-זען פון די צומימיתטע יידן. ווי נאָר די צעווילדע-וועטע „ס.ס."-לייט האָבן דערזען איין ייד מיט באָרד און פאות, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף אים ווי ווילדע חיות מיט אַ ברימערייַ: „איין טיפּישער יודע"... שוידערלעך איז געווען אָנצוקוקן דאָס אַרויסוואַרפן די קראַנקע פון יידישן שפּיטאָל, דאָס טרייבן פון מושב-זקנים. ווער ס'האָט נישט געקענט גיין פון די זקנים, האָט מען מערדערלעך געשלאָגן. ביי אַזעלכע און ענלעכע סצענעס האָט זיך פאַר-מירט דער גרויזאַמער צוג... אַלץ איז אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען אויף די טראָטואַרן, כדי נישט שטערן דעם פאַרקער פון „אַריער"... עס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען מחנות אוקראַינער, צו קוקן אויפן יידישן בייז-וווּנדער. ווער ס'האָט געקוקט מיט מיטלייד און ווער מיט שפּאָט און געלעכטער. די צושויער זענען באַלד באַלוינט געוואָרן מיט יידישע חפצים, מלבושים און געלט, וועלכע מען האָט גערויבט פריי. און אַזוי האָט גערירט דער צוג...

ווען איין גאַסן-צוג איז אַרויס אין צענטער פון שטאָט, איז באַלד צוגעקומען אַ צווייטע קאָלאָנע פון אומגליקלעכע יידן און אַלץ איז געשלאָסן גע-

ווארן אין אַ צוג פון יידישן פיין און לייד. דאָס גאַנצע אומגליקלעכע אוסטראה האָט אַלץ געצויגן אין דער ריכטונג פון דער ניי־שטאָט, אַלץ איז באַגלייט געוואָרן מיט קלעפּ און חוזק. פון די בריקן האָבן זיך די מערדער פאַרגינען אַריינצוואַרפן יידישע קראַנקע פרויען גלייך אין טייך, און די אומגליקלעכע זענען אויף די אויגן פון אַלע דער־טרונקען געוואָרן...

אויפן ראַנד פון שטאָט האָבן אָפּגעוואַרט דעם צוג אַ שפּאַליער פון יונגע צעווילדעוועטע אוקראַי־נער, וועלכע האָבן די יידן גרויזאַם צושלאָגן. ווען מען איז אָנגעקומען צום וואַלד זענען די גרעסטע טייל געווען צובלוטיקט. ביים וואַלד האָבן דעם צוג אויפגענומען „ס.ס."־לייט. ווער ס'האָט פּאַטאַגראַ־פירט און ווער ס'האָט געציילט די אומגליקלעכע און דער הויפּט פון דער באַנדע איז געשטאַנען און אָנטציקט זיך מיט זיין לעבעדיקן רויב. וויטער זענען געשטאַנען זעלנער, וועלכע האָבן גלייך „סאָרטירט", פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער, פרויען מיט קינדער באַזונדער, אַלטע און נישט אַרבעטספעאיקע ווידער באַזונדער אויף איין פּלאַץ. די אַלע אָפּטיילונגען האָבן געשאַפן איין פירעק און אַזוי האָט געאַמעטריש אויסגעזען דער „פּלאַץ".

אַז מען איז געקומען אויפן פּלאַץ איז שוין גע־ווען גרויסער טאָג, אַלע זענען געווען אָן היטלען, מ'האָט געמוזט שטיין אויף די פיס און די זון האָט שרעקלעך געברענט, פון וויטן האָט מען געזען אַ מחנה פון 150 אוקראַינער, שטעטישע, מיט לאַ־פּאַטעס אין די הענט, זיי זענען געשטאַנען און געוואַרט... אין דער זעלבער צייט איז מען געזעסן אין שטאָט אין פעלד־קאָמענדאַטור: דער הויפּט פון „ס.ס.", דער פעלד־קאָמענדאַנט און די שטאָט פאַרוואַלטונג און האָבן זיך איבער אונדז געדונגען און אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן, ווי אַזוי דורכצופירן די שחיטה, וויפל און וואָסער פאָרם.

דאָ אויפן פּלאַץ איז אויך געווען אומעטיק. נאָכן אויסשטעלן די אַרבעטס־פעיקע, לויט זייערע פּאָכן, האָבן זיי אַרויסגענומען די רבנים פון שטאָט, צווישן זיי איז געווען דער גרייז־גרויער אַלטער טריסקער רבי ז"ל מיטן זון און נאָך אַ צען מאָן, אויפן מיטן פּלאַץ און מען האָט זיך גענומען איבער זיי נוקם זיין. איינער פון די „ס.ס.", וועלכער האָט גערעדט פּויליש האָט זיך אָנגערופן צום אַלטן טריסקער רבי — „נו, כהן גדול: בענטש דיין פאָלק, ווייל ס'איז אַ גרויסע סכנה". דער רבי האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר ער איז געשטאַנען רויק ווי קיינ־מאָל גאָרנישט. און נישט ווי אים מיינט מען. דאָן האָט דער „ס.ס."־מאָן צו אים געזאָגט: „— נו אַלטער, זינג און טאַנץ!"... דאָן האָט דער רבי אָנגעהויבן צוערשט שטיל, דערנאָך אַלץ העכער און העכער זינגען אַ טייערן חסידישן ניגון, מיט התלהבות און ברען און טאַקע מיט אַ ריקודל. ווער ס'האָט דעם אויסדרוק פון זיינע אויגן נישט געזען, האָט קיין געטלעכעס נישט געזען. און אַזוי האָט דער אַלטיטשקער טריסקער געטאַנצט און גע־זונגען ביז צום סוף... דער עולם יידן איז אַלץ געשטאַנען און האָט נישט געוווסט וואָס ס'וועט זיין דער סוף פון דער בלוטיקער שפּיל, ווי ס'איז אָנ־געקומען דער הויפּט פון די „ס.ס."מיט דעם פעלד־קאָמענדאַנט. זיי האָבן געמאַכט אַן אינספּעקציע איבער די רייען, זיך אָנגעפרעגט וואָס פאַרא פאַכ־לייט עס שטייען, נאָכער געכאַפּט אַ בליק אויף דער מחנה קראַנקע און שוואַכע. ווען דער הויפּט פון די „ס.ס." האָט געזען אַז די מחנה פון קראַנקע איז צו קליין, איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום די פאַכלייט און גע־פרעגט אפשר איז עמעצער קראַנק זאָל מען אַרויס־גיין פון די רייען, יידן האָבן זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע פון דעם מערדער און מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע רייען, דאָן האָט זיך דער הויפּט־מערדער אָנגערופן צום פעלד־קאָמענדאַנט: „און אַט מיט די דאָזיקע פוילע יידן ווילסטו בויען אוסטראה?" און געהייסן בילדן פון די אַלע קראַנקע אַ באַזונדערע קאָלאָנע. איינער פון די „ס.ס."־זעלנער האָט זיך אָנגערופן אויף פויליש: „דאָס איז די קאָלאָנע פון טויט!"

ווען די אומגליקלעכע יידן האָבן עס דערהערט, האָבן זיי געוואָלט צוריק לויפן פון דער קראַנקן־קאָלאָנע, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט, קיין צוריק איז נישט געווען... נאָכן אָפּטיילן די קראַנקע

איז געקומען אַ באַפעל: פרויען מיט קינדער אָפּשיקן אין שטאָט. דאָס צושיידן זיך פון די מענער און פאָטערס איז אוממעגלעך צו איבערגעבן, ווייל ס'איז אַדורך איין קלאַנג, אַז אַלע מענער וועט מען אויסשיסן. די פרויען מיט קינדער האָט מען פאַרמירט אין רייען און דעם גאַנצן צוג האָט מען געפירט אין שטאָט, וווהין מען פירט די מחנה אומגליקלעכע האָט קיינער נישט געוווּסט.

נאָך די שרעקלעכע איבערלעבענישן איז שוין פאַר יעדן איינעם געווען גלייכגילטיק, נאָר צוקומענדיק נענטער צו דער שטאָט, האָבן די פעלדזשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן באַגלייט דעם צוג, געזאָגט צו אונדז: „שרעקט אייך נישט, מען פירט אייך אַ היים". און אַזוי איז עס געווען: ווען מען האָט אונדז אָפּגעלאָזט, האָט ערשט יעדער פון אונדז אַ טראַכט געטאָן: „נו, און וואָס איז מיט די, וועלכע זענען פאַרבליבן אויפן פּלאַץ"? נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל אין דער זעלבער צייט האָט מען אויפן פּלאַץ אויסגעפירט די בלוטיק־שווידערלעכע מאַסן־עקזעקוציע איבער טויזנטער אומגליקלעכע, עלטערע קראַנקע און שוואַכע יידן!...

אַ זייגער 7 פאַרנאַכט, י"א אב (תש"א), דעם 4־טן אויגוסט 1941, האָט זיך אָנגעהויבן די גרויזאַמע בלוטיקע עקזעקוציע אויפן פּלאַץ ביים וואַלד איבער 3.000 אַסטראָהער יידן. נאָכדעם ווי מען האָט אַרויסבאַגלייט די אַרבעטספּעיקע מענער און פרויען אין שטאָט, האָט מען געגעבן אַ באַפעל צו די שוין פון פריער צוגעגרייטע קברנים און זיי האָבן אויסגעגראָבן דעם ערשטן ראָוו פון אַ 100 מעטער די לענג, 2 טיף און 2 די ברייט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע וואַקכאַנאַליע.

ווער איז דען אומשטאַנד צו באַשרייבן די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט צווישן די קרבנות, ווען זיי האָבן דערזען, וואָס מען גייט טאָן מיט זיי. ווי נאָך דער קבר איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו די קרבנות. אָך און וויי איז געווען די, וועלכע האָבן דערלעבט אַזוינס צו זען און אפילו צו הערן. צוערשט האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו די מענער. „ס.ס."־זעלנער זענען אַרויסגעגאַנגען מיט שטעקנס פאַרבויגן ביי די הענטלער און אַזוי האָבן זיי דעם קרבן פאַרטשעפּעט מיט דעם שטעקן ביים האַלדז און געשלעפּט ביז צום גרוב.

יעדער אָפּטיילונג צו 20 מאַן האָט מען צוגעשלעפּט צום גרוב, אָוועקגעשטעלט צום גרוב, אָוועקגעשטעלט האַרט ביים ראַנד פון ראָוו און אונטן אַרום זיינען געשטאַנען זעלנער, ווער מיט מאַשין־געווער און ווער מיט אויטאָמאַטישע ביקסן. זיי האָבן די קרבנות אויסגעשאָסן אַזוי, אַז דער אומגליקלעכער איז אַריינגעפאַלן גלייך אין ראָוו אַריין. פאַרענדיקט מיט די 20 קרבנות אויף גיך, צו טויט אָדער בלויז פאַרוווּנדעט, זענען באַלד צוגעלאָפן די מקברים, פויערים מיט לאָפּאַטעס, און ווי ס'איז פאַרשאָטן, אַבי פון אויבן. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די ווייטערדיקע 20, און אַז ס'איז פול געוואָרן איין שיכט, האָט מען די דערשאָסענע אָוועקגעלייגט גלייך אויפן צווייטן שיכט און אַזוי אַן אַן אויפהער...

אין דער זעלבער צייט זענען די מיטהעלפערס, די אוקראַינישע מיליץ, אויך נישט געשטאַנען ליידיק. זיי זענען אַרומגעגאַנגען צווישן דער מחנה פאַרמשפטע און זיך איבער זיי שרעקלעך נוקם געווען. זיי האָבן אַראָפּגעריסן פון זיי די מלבושים, צוגענומען ביי וועמען געלט, ביי וועמען צירונג, אַרויסגעשלעפּט פּריצייטיק קרבנות, וועלכע האָבן זיך געוואָלט באַהאַלטן כאָטש אויף אַ ווייל ביי יענעם אונטער די פּלייצעס, כדי נישט צו זען דעם אומגליק און די יסורים וואָס האָבן זיי דערוואַרט. נאָך די אוקראַינישע תלינים האָבן דווקא אַזעלכע אַרויסגעשלעפּט און די ערשטע געשיקט צום גרוב. נישט געלאָזט אַפילו געזעגענען זיך אויף אייביק מענער מיט פרויען, עלטערן מיט קינדער א.א.וו. אַז ס'איז פול געוואָרן די ערשטע גרוב, האָט מען אויסגעגראָבן די צווייטע, פּאַראַלעל דער ערשטער, און די שחיטה איז אָנגעגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער...

ווער איז דען אומשטאַנד אַפילו אַ קלייניקייט איבערצוגעבן וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן און אָפּגעשפּילט דאָרט. אַ מאַמע האָט קוים אויסגעבעטן ביי די מערדער, אַז זי זאָל קענען איר דערוואַקסענעם זון פון אַ יאָר צוואַנציק אַליין צופירן צום גרוב, ווייל ער איז ערשט נאָך אַ לונגען־אָנצינדונג

און קען נישט גיין, זאָל מען אים נישט פייניקן און שלעפן. און די מאַמע האָט דעם זון אַליין צו־געפירט און די מערדער האָבן אים אומגעבראַכט און די מוטער איז געזעסן נישט ווייט פון גרוב און אַלעס צוגעזען, און געוואַרט אויף איר אייגענער ריי.

פון דער צווייטער זייט האָט מען געזען ווי פרויען, וועלכע האָבן געזען אַז מ׳נעמט שוין זייערע מענער, זענען זיי זעלבסט אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו די מערדער און געבעטן מען זאָל זיי דערלויבן שטאַרבן, און די מערדער זענען געווען בלויז אין איינצל פאַלן אַזוי „גרויסמוטיק״ און דערלויבט...

מען האָט געזען שפּרייזן מאַן און ווייב אונטער די אָרעמס צום גרוב אומגעבראַכט צו ווערן. מיין אייגענע מוטער, וועלכע מען האָט געוואָלט גענצליך אַ היים שיקן צוזאַמען מיט די אַרבעטספּעציקע, ווייל זי האָט נאָך גאָר יונג אויסגעזען, איז ווען זי האָט דערזען, אַז מען פירט מיין פאָטער צום גרוב, האָט זי גענומען מיין פאָטער אונטערן אָרעם און צוזאַמען זענען זיי אומגעקומען.

ביי אַזעלכע גיהנום־סצענעס האָט זיך געצויגן די עקזעקוציע ביז שפּעט אין אָוונט. אַ זייגער 9, ווען פון דער מחנה אומגליקלעכע זענען נאָך געבליבן אויפן פּלאַץ אַ 500 פרויען און אַ 100 מענער, איז אָנגעקומען דער הויפּט פון די ס.ס. און געגעבן אַ באַפעל, די מענער אומברענגען און די פרויען אַ היים שיקן.

צווישן די פרויען זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זענען שוין געווען אויסגעטאָן און געלעגן אין טויטן־גרוב און נאָר געוואַרט אויפן שאָס. אָט די האָט מען אויך פון גרוב אַרויסגעצויגן... די פרייד פון די „באַגנעדיקטע״ איז שווער איבערצוגעבן, ווייל געווען איז עס חיה׳שע פרייד און מענטשלעכע געפאַלנקייט. און ווען אָט די מחנה „באַגנעדיקטע״ זענען געקומען אין שטאָט, האָט מען זיך ערשט דערוווּסט וואָס מען האָט אָפּגעטאָן מיט די געבליבענע אויפן פּלאַץ, און וואָס פאַר אַן אומגליק ס׳איז געשען.

אַ שווידערלעכע נאַכט איז צוגעפאַלן. פון אַלע צוראַבירטע יידישע הייזער האָט מען געהערט אַ יאָמער און אַ געוויין, עס האָבן געקלאָגט יתומים און אלמנות, קרובים און פריינד, אַלץ האָט באַוויינט די 3000 קדושים.

אין דער זעלבער נאַכט זענען אַרומגעגאַנגען אוקראַינישע מיליץ־לייט, געקלאַפּט מיט די קאָלבעס אין די פאַרחושכטע יידישע טירן און געשריגן אַז מען טאָר נישט וויינען. יאָ, אַפילו וויינען האָט מען נישט געלאָזט, ווען אין האַרץ האָט געברענט אַ העלישער ווייטיק, ווען דאָס גאַנצע וועזן האָט געברענט מיט אומבאַהאָלפענעם צאָרן... אויפן צווייטן טאָג האָט מען אפילו מורא געהאַט הויך צו רעדן דערפון וואָס ס׳איז געשען.

באַגינען בין איך געווען אויפן „פּלאַץ״...

אַ פּלאַץ פאַרוואָרפן פיל מיט איינציקע שיך, טליתים מיט תפילין, דאָקומענטן פון נאָענטע מענטשן, אַ מענטעלע פון אַ ספר־תורה... און אַ ביסעלע ווייטער האָבן זיך געצייכנט 3 גרויסע שרעקלעכע גריבער, 3 קברים עטוואָס באַערדיקט פון אויבן מיט געלער זאַמד, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעשטעקט קוטשמעס פון פרויען־האָר, מענטשלעכע פאַרביילטע הענט און פון די זייטן פון די קברים האָבן אַרויסגעשטראָמט ריטשקעלעך מיט וואַרעם אומשולדיק יידיש בלוט פון קדושים.

אין די קברים זענען געלעגן איבער 3000 יידן פון אָסטראָה. דאָס זענען געווען די שענסטע און בעסטע פון שטאָט: רבנים, לערער, אינטעליגענץ, איבערהויפּט עלטערע מענטשן. מיט די 3 קברים איז פאַרענדיקט געוואָרן בלויז דאָס ערשטע קאַפּיטל פון אומברענגען אַ יידישן ישוב.

**שחיטה־געלט...**

**דאָרף נאָוואָקראַיעוו, דינסטיק, 17־טן נאָוועמבער 1942.**

נישט אַנדערש ווי דער טייוול אַליין האָט צוגעטראַכט פאַר די אָסטראָהער יידן אַזאַ „סורפּריז״, אַז פונקט 2 טעג פאַרן ערשטן בלוטיקן מאַנטיק, זאָל אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן מוזן אַריינטראָגן אין משך פון 3 טעג דער ווערמאַכט זייער גאַנץ גאָלד, זילבער, איידלשטיינער, אויסלענ־

דישע וואַליוטע א.א.וו. פּאַר געפינען ביי יידן עפּעס פון די אויבנדערמאָנטע זאַכן קומט טויט־שטראָף. אַזוי אַז נאָך דער שחיטה איז געבליבן בלויז איין טאָג אויסצופילן דעם באַפעל.

אָה! דו שרעקלעכער נקמה׳דיקער יידישער גורל: פונקט אויף צו מאָרגנס נאָך דער שחיטה, ווען די אויגן זענען נאָך געשוואָלן פון געוויין און יאָמער, אין דער צייט, ווען ביי די פרישע קברים שטייט אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע און באַשיט די גריבער פון די קדושים מיט זאַמד און קאַלך, ווייל דאָס אומשולדיקע בלוט זידט און זעצט אַדורך — גראָד דאַן מוזן די איבערגעבליבענע יידן אַריינטראָגן שחיטה־געלט פאַרן אומברענגען זייערע שענסטע און בעסטע, הייליקסטע און טייערסטע, קינדער און עלטערן!

ווער איז דען אומשטאַנד איבערצוגעבן וואָס עס האָט דאַן געפילט אַ צובלוטיקט יידיש האַרץ, צוזעענדיק ווי צוויי רייען יידן, איבערהויפּט פרויען (ווייל מענער האָבן געמוזט זיין ביי דער אַרבעט) שטייען מיט קוישן און מיט האַנט־זעק, גרייט אַריינטראָגן זייער פאַרמעגן, זייערע משפּחה־אוצרות־שחיטה־געלט פאַרן נעכטיקן אומגליק, פאַר דעם וואָס ערשט נעכטן זענען פרויען געוואָרן אלמנות און קינדער יתומים!

ביי די זייטן פון די רייען שטייען די תלינים פון נעכטן, ס.ס.־לייט, און מאַכן אָרדענונג, מען זאָל זיך חלילה נישט שטופּן. דאָס איז אַלץ אויף דער הויפּט־גאַס פאַר דער פעלד־קאָמענדאַטור. עס גייען דורך נישט־יידן, שטעלן זיך אויף אַ ווײלע אָפּ און קוקן... און קוקן... שווער צו זאָגן וואָס די קריסטן האָבן דאַן וועגן אונדז געטראַכט. ס׳איז שווער צו קריסטאַליזירן אפילו אונדזערע דאַמאָלסטיקע געדאַנקען וועגן אונדז זעלבסט, וואָס זענען אין די רייען געשטאַנען.

וואָלט נישט פיל שענער און מוטיקער געווען, ווען יעדע יידישע פרוי וואָלט געהאַלטן אין איר קויש אַ שטיק געווער און וואָלט זיך געוואָרפן אָפּצורעכענען מיט די מערדער פאַרן נעכטיקן אומשולדיקן פאַרגאָסענעם בלוט? צי האָט זיך ווער פון זיי פאַרטראַכט, אַז ווען זיי זאָלן געווען שפּענדן נאָר אַ טייל פון זייער פאַרמעגן, וואָס זיי טראָגן יעצט שחיטה־געלט, פאַרן אויפבוי פון אונדזער נאַציאָנאַלער היים, וואָלט זיכער נעכטן געווען אויפן פּלאַץ וויניקער כאָטש מיט טויזנט יידישע קרבנות...

דערווייל רוקן זיך די רייען פרויען אַלץ נענטער און נענטער צום אַריינגאַנג און מען גיט אָפּ נישט בלויז ווערטפולע זאַכן, נאָר פאַמיליען־אוצרות פון גאַנצע דורות, טייערע האַרציקע ספּעציפישע יידישע חפצים! אמת, אַסטראַהאַן איז נישט געווען קיין רייכע יידישע שטאָט, אַסטראַהאַן איז געווען איין אָפּגעקומענע נגידות׳טע, און דערפאַר האָט מען צווישן די חפצים נישט געזען קיין מאָדערנע צירונג און בּיזשוטעריע, נאָר אַלץ איז געווען פון צוריק מיט דורות, כאַראַקטעריסטישע יידישן זאַכן.

ווען די זאַכן זענען צוגעקומען צו די אָפּנעמער (ד״ר בער ס.ס.־פירער, ד״ר פילאָזאָפיע, שפּעטערדיקער געביטס־קאָמיסאַר פון ראָוונע, וועלכער האָט אויף זיין געוויסן דאָס אומברענגען פון העכער 20.000 ראָוונער יידן), האָט ער אַלס הויפּט מיט נאָך 4 ראַסיסטן פון דער בלאָנדער ראַסע, פון דער בעסטיע מיט זייערע בלוטיקע פינגער אַרומגעטאַפּט יעדן חפץ און אַלס מבינים און „קולטור־קענער״ באַצייכנט און אָפּגעשאַצט פון וועלכן יאָרהונדערט דער חפץ שטאַמט...

אַה! וויי צו די אויגן, וועלכע האָבן צוגעזען ווי עס רוקן זיך צו די פרויען צום טיש, און יעדע נעמט אַרויס, פון זעקעלע און ווער פון טאַשן־טיכעלע איר צירונג, אירע בענטש־לייכטער. געוויס אַ ירושה פון אַן עלטער־באָבען, וועלכע פלעגט פאַר ליכטבענטשן אַריינוויינען אין די ליכט איר גאַנץ יידיש פרום האַרץ. אָט די לייכטער האָט איר אייניקל געבראַכט שחיטה־געלט! אָט שטייען פיל קידושבעכערס, שיינע גראַווירטע, פון וויפל שמחות און קידושן קענען זיי דערציילן, און דאָ וואַרפט מען זיי אַזוי ברוטאַל אין די קאַסטנס... אָט שפּיגלען זיך די מערדער אין אַ יידישער חתונה־קייט, אפשר דריי מעטער די לענג און לאַכן אַזוי ציניש...

אָה! דו טייערע יידישע גאָלדענע קייט! ווען דו וואָלסט געקענט רעדן, וואָס וואָלסטו דערציילט די גזלנים? ס׳וואָלט גענוג געווען ווען דו דערציילסט פון דער חתונה, ווען מען האָט דיך אַלס מתנה

געגעבן צוריק מיט דורות, אפשר וואָלטן די רוצחים אַזוי נישט געלאַכט, און אפשר וואָלטן זיי פאַרשטאַנען אַז אָט די קייט ווייסט צו דערציילן פון פיל, פיל יידישע איבערגאַנגען, סיי אין ליידן און סיי אין פריידן, און יידן זענען דאָך געבליבן אַ פאָלק נאָר אַלע פורעניותן און נאָך אַלע שחיטות!

אָט וואַלגערט זיך אויפן טיש אַ זילבערן בשמים־ביקסעל, אַזוי פאַרשעמט און אַזוי עלנט. די מערדער קוקן דערויף ווילד און וויסן נישט וואָס דאָס איז פאַר אַ יידיש שטיק „געווער". אויך דאָס „ביקסל" וואָלט דערציילט פון טייערע יידישע שבת־צונאַכטסן, פון הייליקע מלוה־מלכות, ביי וועלכע מען האָט דערציילט פון בעל־שם־טוב, גוטע יידן און סתם דברי־תורה, זיכער שענער און קולטורעלער ווי די שאַפונג פון אַ נאַריש בלוטיקער „ראַסן־טעאָריע" אומצוברענגען די מענטשהייט...

פון ווייטנס קוקט אַרויס אַ זילבערנע פסחדיקע „קערה" מיטן אויפשריפט פון גאַנצן סדר. וויפל צענדליקער „סדרים" האָט די „קערה" איבערגעלעבט! ביי וועלכע מ'האָט דערציילט וועגן יציאת־מצרים, און דאַכט זיך, אַז אויך יעצט, ווען זי ליגט שוין די „קערה" אַזוי פאַרשעמט אין אַ ווינקל פון קאַסטן, שרייט זי אַרויס: „יידן, זייט נישט געפאַלן ביי זיך! עם ישראל חי! איר וועט נאָך די בלוטיקע פורעניות אויך איבערקומען! וויפל מושלים זענען שוין אין משך פון יאָרהונדערטער געווען און זענען אָפגעמעקט געוואָרן פון דער וועלט, אָבער יידן זענען געווען און וועלן זיין!"...

אָט אַזוי, דאַכט זיך, רעדט יעדער יידישער חפץ אַרויס באַזונדער, און דאַן קומט ערשט פון די שולן, בתי־מדרשים און קלויזן. דאָס טייערסטע און הייליקסטע שול־זילבער האָט מען אויך געמוזט ברענגען, פאַרן דערמאָרדן אויף אַ שרעקלעכן אופן די אָסטראָהער רבנים, דיינים, רביים, שוחטים און סתם טויזנטער פרומע יידן.

ווער ס'האָט נישט געזען ווי די תליינים האָבן ממש געגאַפט, ווען זיי האָבן דערזען די „כתר־ס" פון די ספרי־תורות פון דער אַלטער אָסטראָהער גרויסער שול, וועלכע זענען אַלט געווען העכער 500 יאָר. זיי האָבן געגלאַנצט מיט די גזלנישע אויגן און נישט געוווּסט וואָס דאָס איז... זיי האָבן אַלץ געשאַצט אַלס אַלטערטימלעכקייטן, און דאַכט זיך, אַז אַפילו זייערע פאַרשטיינערטע הערצער האָבן זיך אויך אַ ריר געטאָן, ווען זיי האָבן געוואָרפן די „כתר־ס" אין די קאַסטנס און יעדער „כתר" האָט זיך צוקלונגען מיט די פיל איידעלע גאָלדענע גלעקלעך, ווי ער וואָלט דערציילט, אַז קרוינען האָבן געטראָגן די יידישע מלכים.

מיט אַזאַ קרוין איז באַצירט געווען דער קאָפּ פון יידישן דוד המלך, וועלכער האָט אַזוי געשיקט אומגעבראַכט גליתן, און ווי דער „כתר" וואָלט געזאָגט: „גרויסט זיך נישט נאַרישע גזלנים, מיט אייער צייטווייליקן זיג איבער מיין אומשולדיקן פאָלק, עס וועט נאָך ווידער קומען אַ צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט נאָך ווידער געבן דער וועלט און דער גאַנצער מענטשהייט גרויסע גייסטיקע אוצרות, און אַלע וועלן נאָך מיט פאַראַכטונג דערמאָנען דעם אומווירדיקן נאָמען פון אייער פאַרשאָלטן פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען דאָס אייביק לעבנדע פאָלק ישראל!"

אָט האָלטן די גולמס עץ־חיים־ס, קוקן און שטוינען, זיי קענען זיך נישט פאַרשטעלן, אַז ווען דאָס זילבער איז געגעבן געוואָרן אין אַ מקום־קדוש און בעת מען פלעגט עס באַנוצן איז די יידישע שמחה געווען אַזוי גרויס, אַז לעבערלעך זעט אויס די פרייד פון די גזלנים בעתן מאָרדן יידן!...

און אַזוי רוקן זיך אָן אויפהער די רייען מיט פאַרשידענע יידישע און רעליגיעזע חפצים. גאַנצע 6 גרויסע קאַסטנס אָנגעלאָדענע מיט יידישע טייערע הייליקע חפצים. די קאַסטנס זענען ספּעציעל באַשטעלט געוואָרן צו דעם צוועק. מען האָט זיי אָנגעפילט פול מיט אונדזערע טייערע חפצים (חוץ דעם וואָס די בעלי מתעסקים האָבן צוגעלקחנט פאַר זיך). ס'איז פאַרפאָרן אַ גאַר גרויסער לאַסט־אויטאָ אויף וועלכן מ'האָט אויפגעלאָדן די 6 קאַסטנס מיט יידישע און רעליגיעזע חפצים... און אויפן „פּלאַץ" זענען איבערגעבליבן 3 גרויסע שווייגנדיקע קברים פון אונדזערע אָסטראָהער קדושים!

אָט אַזוי האָבן מיר באַצאָלט אונדזער שחיטה־געלט!

שפעטער האָט מען זיך ערשט דערוווּסט, אַז פּראָ־פּאָרציאָנעל האָט אַסטראָהע אַריינגעטראָגן פּיל מער פון אַלע אַנדערע שטעט.

## די צווייטע גרויסע „שטילע" שחיטה גערופן „דער צווייטער מאַנטיק"

דאַרף נאָוואָקראַיִעוו, 18טן נאָוועמבער 1942.

נאָכדעם ווי די יידן האָבן שוין באַצאָלט פאַרן ערשטן פּאָגראָם, פלעגט מען זיך אויסשטעלן יעדן פרימאָרגן פאַר דער פעלד־קאָמענדאַטור אין די רייען לויט די פאַכן, און ס'פלעגט אַרויסגיין דער האַר און הערשער איוף לעבן און טויט, איבערציילן די „קעפּ" פון די שקלאַפן און זיי פאַנאַנדערטיילן צו דער שווערער אַרבעט... אין יענע טעג, ווען מענטשן מיט שוואַכן כאַראַקטער האָבן זיך געוואָלט ווי עס איז איינרעדן און טרייסטן מיט נעכטיקע טעג, ווי למשל אַז ס'איז געשען אַ טעות, וואָס מ'האָט אַסטראָהע אָנגענומען פאַר איין סאָוויעטישער שטאָט און דערפאַר האָט מען זיך אַזוי בלוטיק אָפּגערעכנט מיט די יידן.

אָט, אין יענע טעג, פונקט צו די שלושים פון דער ערשטער שחיטה, איז אומגעריכט געקומען די צווייטע „שטילע" שחיטה. נישט געקוקט דערויף, וואָס קריסטן, וועלכע פלעגן קומען אין קאָנטאַקט מיט זעלנער פון דער פעלד־קאָמענדאַטור, פלעגן צווישן זיך מורמלען און וואָרענען די יידן, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צווייטער מאָנטיק, האָבן זיך אַסטראָהער יידן גאָרניט געמאַכט דערפון און קיין אַכט נישט געלייגט.

דער 8טער סעפּטעמבער 1941 איז געווען אַ טריבער האַרבסטיקער מאָנטיק. דער זייגער איז געווען 6 אינדערפרי, ווען יידן זענען שוין געווען גרייט אַרויסגיין ווי יעדן טאָג צו דער אַרבעט, האָט מען דערזען ווי איבער די גאַסן גייען אַרום זעלנער פון „ס.א" (זאָנדער־אָפּטיילונג) אין גומענע רעגן־מאַנטלען מיט שטאָלענע העלמען, גייען אַרום שטיל. נאָר אין די יידישע שטובן גייען אַריין אוקראַיִנישע מיליץ־לייט און שיקן אַלע יידן, חוץ פרויען מיט קינדער, צו דער אַרבעט אויפן טאַרטאַק. אַלץ איז צוגעגאַנגען שטיל, אָן געשריי, אָן שיסעריי אָדער שלאָגן, די יידן האָט מען נישט געפירט, נאָר מען האָט זיי געהייסן אַליין גיין אויפן טאַרטאַק... איבער די גאַסן האָבן פאַטראָלירט זעלנער פון „ס.א.", יידן זענען שוין געווען פסיכיש און פיזיש אַזוי דערשלאָגן, אַז ווען מען האָט געזאָגט גיין, איז מען געגאַנגען...

קיינער האָט זיך אַפילו נישט געפרוּווט פאַר־טראַכטן, וואָס הייסט אַ גאַנצע שטאָט מענטשן זאָלן גיין אַרבעטן אויפן טאַרטאַק!? וואָס קענען דאָרט טאָן אַזויפיל מענטשן? אַלזאָ, נישט טראַכטנדיק, אָן חקירות, האָבן אַלע געשטראָמט צום טאַרטאַק. ערשט אין די שפעטערע שעה'ן האָבן זיך מענטשן געכאַפּט, אַז עפעס איז נישט אַלץ אַזוי אומשולדיק. יידן האָבן זיך געפרוּווט באַהאַלטן און נישט וועלן גיין, דאַן האָט מען שוין אָנגעהויבן צו שיסן, נאָר אַלץ אין לופטן, און קיין קרבנות זענען נישט געווען.

ווען מען איז געקומען אויפן פּלאַץ, האָט מען דערזען, אַז מען איז גאָר נישט אויפן טאַרטאַק, נאָר אויף אַ דערבייאיקן פּלאַץ פון אַ גאַרבערייַ, וועלכע האָט געהערט צו דער פאַמיליע לייבעל. אַ פיר־קאַנטיקער פּלאַץ אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פאַר־קאָן און אַרומגעשטעלט געדיכט מיט מיליץ, וועלכע האָט אַכטונג געגעבן אַז קיינער פון די יידן זאָל נישט אַנטלויפן. מען האָט באַלד געקענט זען, אַז אַלע יידן זענען אויפן פּלאַץ נישטאָ, געווען זענען נאָר אַ 3000 יידן, מענער און פרויען און יוגנט אין עלטער פון 15 ביז 20 יאָר. די איבעריקע זענען אויפן פּלאַץ נישט געווען, זיי האָבן זיך ווי עס איז באַהאַלטן, ווייל מען האָט נישט שטרענג געזוכט.

ווען דער עולם יידן איז שוין געווען פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ, און מער איז שוין קיינער נישט גע־קומען, האָט דער הויפּט פון „ס.א." געמאָלדן, אַז אַלע וועלן אָפּגעשיקט ווערן אויף 10 טעג אויף אַרבעט. די יידן האָבן אויך דאָס אָנגענומען פאַר איין גוטער מטבע, אַבי מען זאָל נאָר נישט הרגע־נען... איינער פון די יידן האָט זיך אָנגערופן, אַז זיי האָבן נישט מיטגענומען מיט זיך קיין שפּייז, דאַן האָט אַ זעלנער זיך אָנגערופן: „זאָרגט נישט, איר וועט דאָרט באַקומען אַזאַ שפּייז, וואָס איר האָט

אין אייער לעבן נישט געגעסן"... די ווערטער פונעם זעלנער זענען געוואָרן אויפפּאַלנד, נאָר ליידער איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל מען איז שוין געווען ליידער אין „פּולאַפּקע" און קיין צוריק איז נישט געווען.

אויפן פּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ צערעמאָניע פון סאָרטירן אויף גרופּן און גרופּקעלער: לויט פּאַכן און עלטער, פּאַרהייראַטע און פרייע, לויט וויפל קינדער א.א.וו. און אַז אַלעס איז שוין געווען גרופּירט האָבן אויפן פּלאַץ אָנגעהויבן אַריינפּאָרן גרויסע שוואַרצע לאַסט־אויטאָס, פּונקט ווי ריזיקע בית־הקברות עגלות...

מען האָט אָנגעהויבן אַריינפּאַקן צו 30 מאַן אין יעדער אויטאָ. ביים אַריינגאַנג זענען שוין געשטאַנען באַוואָפנטע זעלנער און קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון אויטאָ. ווען עמעצער האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט אַן אייגענעם, אָדער נאָענטן האָבן די זעלנער געזאָגט אַז ס'איז איבעריק... „ווייל אַלע וועלן זיך טרעפן אויף דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע"... ווען איין קאַלאָנע אויטאָס איז אָפּגעפאָרן, האָט שוין לאַנג נישט געדויערט און דורך אַ מינוט 40 האָבן זיי זיך צוריקגעקערט נאָך פרישע מענטשן. און אַזוי אָן אויפהער...

אין שטאָט האָבן די קריסטלעכע דירעקטאָרן זיך געכאַפּט וואָס עס טוט זיך, אַז מען נעמט צו אַלע יידישע אַרבעטער און פאַכלייט פון די פאַבריקן און אונטערנעמונגען און אַלעס וועט בלייבן שטיין, זענען זיי אַוועק צום שטאָט־קאָמענדאַנט און אינטערוועניִרט, אַז מען זאָל איבערלאָזן כאָטש די נויטיקע פאַכלייט. די אינטערווענץ האָט געווירקט. כאָטש ס'איז שוין געווען אַביסל צו שפּעט, ווייל דער גרעסטער טייל פאַכלייט זענען שוין געווען אַוועקגעפאָרן. דאָך האָט מען אַ טייל, וועלכע זענען נאָך געווען אויפן פּלאַץ, באַפרייט און געלאָזן אין שטאָט, און אויף אַזאַ אופן זענען דאַן ניצל געוואָרן אַ 500 יידן. ווען מען האָט די גליקלעכע אָפּגעשיקט אין שטאָט איז אויף דעם פּלאַץ ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס עקספּאָרטירן.

די „אַקציע" איז געגאַנגען זייער שנעל אַזוי אַז אַזייגער 2 נ.מ. ווען דער הויפּט פון די „ס.א." האָט געמאַכט דעם חשבון וויפל ער האָט אָפּגעשיקט אויטאָס און געזען, אַז ס'איז שוין דאָ די „נויטיקע צאָל", האָט ער די רעשט געהייסן גיין אַ היים. די איבערגעבליבענע זענען געווען אַממערסטן פרויען און עלטערע מענער. אַ היים געגאַנגען זענען פון פּלאַץ אומגעפער אַ 300 יידן.

ווען מען איז געקומען אין שטאָט האָט מען ערשט דאַן באַטראַכט וואָס פאַר אַ פריש אומגליק ס'איז געשען. מען האָט דאַן ערשט פאַרשטאַנען ווי געשיקט די מערדער האָבן צוגעגרייט די „שטילע שחיטה", אַז די יידן האָבן זיך שטיל, אָן רעש און אָן פּחד איבערגעגעבן די מערדער זעלבסט אין די הענט אַריין. די דאָזיקע בלוטיקע שפּיל האָבן דורכגעפירט נישט מער ווי אפשר 25 זעלנער פון „ס.א." מיט דער מיטהילף פון דער שטאָטישער מיליץ...

אויפן צווייטן טאָג האָבן די יידן אָנגעהויבן נאָכגיין נאָך די שפּורן פון די אויטאָס, און נאָכגעפרעגט ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, אפשר האָט ווער פון זיי געזען ווו מען האָט געפירט די יידן? אָבער נישט אַלע האָבן געוואָלט זאָגן דעם אמת, און גענוי האָט טאָקע קיינער פון זיי נישט געוווּסט, נאָר פּויערים וואָס האָבן געוווינט נישט ווייט פון וואַלד ביים דאָרף ניטישין, 12 קילאָמעטער פון אָסטראָה, האָבן דערציילט, אַז דעם גאַנצן טאָג האָט מען געהערט אַ שיסעריי אין וואַלד...

דאַן האָט מען געשיקט ספּעציעלע שליחים על־טערע פּויערים, צו וועלכע מען האָט דאָך געקענט האָבן אַביסל צוטרוי, וועלכע זענען געקומען און האָבן דערציילט, שווערנדיק זיך ביי זייער לעבן און קריסטלעכער אמונה, אַז אין מיטן וואַלד שטייען פאַרשיט 2 גרויסע גריבער, ווו מען זעט די שפּורן פון פריש־דערמאָרדעטע קרבנות. וויפל ס'זענען דאָרט באַגראָבן מענטשן האָט מען נישט געקענט דערגיין דעם אמת. עס האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן עפּעס זיך צו דערוויסן, נאָך אַלץ אומזיסט. אויף אַזאַ אופן האָבן די היטלערס גזלנים דורכגעפירט די צווייטע „שטילע שחיטה".

אַ גרויזאַם אומגליק, וואָס איז אַפילו נישט באַוויינט געוואָרן. שאַ, שטיל, מיט קאַלטער גזלנישער אויסגערעכנטקייט, האָבן די דייטשן צום צווייטן מאָל

אומגעבראַכט אַ דריטל פון די יידן פון אָסטראָה. מיט דער צווייטער שחיטה האָט אָסטראָה פאַרלוירן די בעסטע און שענסטע יוגנט און דערוואַקסענע. געבליבן איז אַ קיבוץ פון קליינע קינדער און פרויען, מיט בלויז 300 אַרבעטספעיקע מענער. פונקט צו די „שלושים" פון דער ערשטער שחיטה, איז אַדורך דער צווייטער בלוטיקער שניט פון דער „שטילער שחיטה".

## „כל־נדרי"

**דאָנערשטיק, 19־טן נאָוועמבער 1942**

דער לוח האָט געטאָן זיינס... אין שרעקלעכע צרות און ליידן איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, ביז ס'האָבן זיך אָנגערוקט די „ימים־נוראים". וועגן די דאָזיקע „ימים־נוראים" וואָלט מען געקענט שאַפן גאַנצע ווערק, נאָר ווער איז עס בכוח שוין יעצט דאָס צו טאָן, ווען די וווּנדן בלוטיקן אַזוי פריש... און דער־פאַר וויל איך דערמאָנען בלויז דעם „כל־נדרי". מען האָט ווי עס איז אָפּגעשטופּט דעם ראש־השנה, יעדער ביי זיין שווערער אַרבעט. ווער ניט־ווער האָט געדאַוונט אין דער שטיל ביי זיך אין שטוב און אָפּגעקומען מיט זאָגן „אַ גוט יאָר!". ס'האָבן זיך אונטערגערוקט די עשרת ימי־תשובה, כאָטש אויף וואָס יידן האָבן אייגנטלעך געדאַרפט תשובה טאָן היינטיקן יאָר ווייסט אפשר נאָר איין גאָט אין הימל. ביז עס האָט זיך דערנענטערט דער ערב יום־כיפּור...

חוץ דער יידישער צעבראָכענער אַלגעמיינער שטימונג פון צרות און ליידן, האָט זיך דער דאָזיקער ערב יום־כיפּור בכלל אויסגעצייכנט מיט אַן אַל־געמיינער געדריקטער שטימונג אין דער גאַנצער שטאָט. אויף דעם טאָג איז געווען באַשטימט אַן איבערבליק פון פערד און וועגן פון גאַנצן ראַיאָן. פונקט דאָן ווען די שטאָט איז געווען פול מיט פויערים פון די אַרומיקע דערפער און דער רעש פון פערד און וועגענער איז געווען אין לשער, האָבן זיך איבערן שטאָט פלוצלינג צופליגן נערוועז פיל דייטשישע אַעראָפּלאַנען און האָבן דורכאַנאַנד געקרייזט איבער דער שטאָט.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קנאַלן פון אויפרייסן. די שטימונג איז געוואָרן אָנגעשטרענגטער און פול מיט פחד. די פויערים האָבן זיך אָנגעהויבן צולויפן פון שטאָט און ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק. ווען מען האָט אָנגעפרעגט ביי דער מאַכט, האָבן זיי אויסמיידנדיק געענטפערט, אַז ס'איז גאָרנישט, מען רייסט אויף סאָוויעטישע בעטאָן־פאַרטיפיקאַציעס. די שטאָט האָט דעם ענטפער אָנגענומען נישט מיט קיין איבעריקן צוטרוי און יעדער האָט זיך געטייטשט ווי אים איז געפעלן. און באמת האָט זיך טאַקע שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז נישט ווייט פון אָסטראָה האָבן דאָן סאָוויעטישע פּאַראַשוטיסטן דורכגעפירט זייער דיווערסיע־אַרבעט.

אָט ביי דער שטימונג איז אָנגעקומען דער ערב יום־כיפּור. נישט געקוקט דערויף איז אַ פאַרשטייער פון יודנראַט, ה' זאַפּראַן, אַוועק צום אָרטס־קאָמענ־דאַנט און געבעטן, אַז מ'זאָל באַפרייען אויף דעם מאָרגנדיקן טאָג די יידן פון דער אַרבעט. דער אָרטס־קאָמענדאַנט האָט אויף דעם קלאָר נישט גע־ענטפערט און גוזאָגט: „טוט ווי איר ווילט!"...

די יידן האָבן דערהערט דעם ענטפער, איז יעדער דערשטוינט געוואָרן. נישט אַנדערש, נאָר אונדזער גורל איז שוין געחתמעט געוואָרן, אַז וואָס מיר זאָלן נישט טאָן, איז שוין אַלץ איינס... נאָר נישט געקוקט אויף אַלעמען, איז ווען ס'האָט זיך אָנ־גערוקט דער פאַרנאַכט, האָט קיינער ביי זיך נישט געקענט פועלן. אַז ער וועט זאָגן „כל־נדרי" אין שטוב אָן אַ מנין. עס מעג זיין וואָס ס'וויל זיך, און „כל־נדרי" איז „כל־נדרי"...

ס'האָבן זיך געפונען פיל יידן, וועלכע האָבן מסכים געווען דערלויבן איינצואָרדענען מנינים ביי זיך אין די הייזער אויף אָפּצוריכטן „כל־נדרי", און מיט וויפל מסירות־נפש איז געווען פאַרבונדן אין יענע טעג איינצואָרדענען אַ מנין איז לייכט זיך צו פאַר־שטעלן.

אויך איך בין אַוועק צו אַזאַ מנין צו „כל־נדרי". דער מנין איז געווען אין אַ קליין הייזעלע פאַררוקט אין אַ אונטער־געסל, צווישן אַ לאַבירינט פון צעש־טערטע מלחמה־חורבות. אין אַ שטיבל פאַרקלאַפּט די פענצטער און טירן מיט ברעטער און פאַרשטעקט

די רעשטלעך שויבן מיט בעטגעוואַנט, האָבן זיך שטיל און בגניבה אַריינגעשלייכט אַ דריי מנינים יידן און אייניקע פרויען פון די נאָענטע הייזער. אין דרויסן איז ארומגעגאַנגען אַ וואַך און אַכטונג געגעבן אויף אַלע זייטן, אַז קיינער זאָל חלילה נישט אַנקומען.

אַזוי ווי ס׳איז נאָר פינצטער געוואָרן, האט מען אָנגעצונדן ליכט, מענער האָבן אָנגעטאָן טליתים, דער חזן דעם קיטל, און מען האָט זיך גענומען אָפּריכטן „כל־נדרי״־תפילה, און ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן מיטן ימים־נוראים׳דיקן נוסח „על דעת המקום ועל דעת הקהל״... האָבן זיך די פרויען נישט געקענט איינהאַלטן און האָבן אנגעהויבן צו וויינען, נאָר באַלד האָט מען זיי האַסטיק איבערגעריסן: „שא, שטיל! דאַכט זיך אַז מען גייט״...

ווי מען האָט זיך עטוואָס באַרואיקט, האָט מען פאַרגעסן אין דער געפאַר, וואָס לויערט פון דרויסן, און אין גאַנג פון דער תפילה איז מען ביסלעכווייז אַריין אין אַ מיסטיש רעליגיעזן עקסטאַז און מען האָט אָנגעהויבן אונטערהאַלטן דעם חזן אַלץ העכער און שטאַרקער. מיט אַזויפיל אויפריכטיקער אמונה און התלהבות... נאָר פון צייט צו צייט איז איבער־געריסן געוואָרן די תפילה דורך וואָרענונגען פון דער דרויסן וואַך. און אַזוי ביז גאָט האָט געהאָלפן און מען האָט פאַרענדיקט דעם „כל־נדרי״. צו איז דען עמעצער אומשטאַנד איבערצוגעבן ווי יעדער פון אונדז האָט זיך געפילט נאָך דעם דאָזיקן „כל־נדרי״ ?...

און זאָלן זיך די אומות העולם טראַכטן פון אונדז וואָס זיי ווילן, נאָר דאָס וועלן זיי מודה זיין, אַז קיין שום פאָלק אין דער וועלט וואָלט נישט געגאַנגען אָפּריכטן תפילות צו זיין גאָט, ווען נאָר מיט שעהען צוריק האָט מען געזען וואָס ס׳איז געטאָן געוואָרן מיט זיינע רביים, רבנים און כלי־קודש! נאָר מיר יידן זענען אַפילו דורך דעם אויך נישט צובראָכן געוואָרן! און אפשר איז דאָס אונדזער סוד און יסוד צוליב וואָס מיר עקזיסטירן. ווייל דער יידישער פאָלקס־קיום איז געגליכן צו דעם גוף פון אַ וואָ־רעם, וואָס ווען מען ברענגט אום איין טייל, דאַן לעבט דער צווייטער... נישט געקוקט דערויף, וואָס אין משך פון געציילטע טעג איז פון אָסטראָהער יידישן ישוב געבליבן אַ דריטל, דאָך האָבן זיי זיך אין דער אמונה זייערער נישט געבראָכן, באַוויזן האָבן עס יידן מיט אָפּריכטן דעם הייליקן „כל־נדרי״...

## ערב דעם אומקום

(דער „יודענראַט״ און זיינע מיטגלידער)

**דאָנערשטיק, דעם 19־טן נאָוועמבער 1942**

ווען דאָס לעבן האָט זיך נאָך די ערשטע 2 שחי־טות עטוואָס „נאָרמאַליזירט״, איז לויט דער פאַר־אָרדענונג פון דער מאַכט געשאַפן געוואָרן דער „יודענראַט״.

איך וועל פאַרצייכענען בלויז דעם לעצטן „יודענ־ראַט״, ווייל די פריערדיקע זענען צוליב די שחיטות געווען אַזוי קורץ, אַז זיי קענען אפילו נישט באַ־צייכנט ווערן און מען קען גאָר ווייניק זאָגן וועגן זיי.

דער „יודענראַט״ איז געווען פאַר די מאַכטהאָ־בער דער יידישער אַדרעס פאַר אַלע מיני אָנגעלעגנ־הייטן. די מאַכט, די דייטשישע און די שטעטיש־אוקראַינישע, האָבן נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן יידישן יחיד, נאָר וועגן וואָס ס׳האָט זיך נישט געהאַנדלט, איז מען באַלד געקומען צום „יודענ־ראַט״. נאָך איבערהויפּט איז דער „יודענראַט״ גע־ווען די עקספּאָזיטור פאַר דער מאַכט, צושטעלן אַלץ וואָס זיי האָבן געפאָדערט פון די יידן. און צו־שטעלן האָבן יידן געדאַרפט פון אַ שאַכטל שוועב־פאַסטע ביז אַ קאַראַקולנעם מאַנטל. און פאַר יעדער קלייניקייט איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דער „יו־דענראַט״. אַז אַ יידישער שוסטער, אָדער שניידער האָט נישט געמאַכט וועלכע עס איז באַשטעלונג, האָט מען דעם „יודענראַט״ געשלעפּט אַלס „זאַ־לאָזשניקעס״. היינט די קאָנטריבוציעס און קאָפּ־שטייער, וואָס יידן האָבן געצאָלט, דאָס האָט שוין אַלץ געמוזט צושטעלן דער „יודענראַט״.

ווען די ליידן פון אַלע יידן זענען געווען גענוג גרויס, איז עס פאַר די „יודענראַט״־מיטגלידער,

געווען פיל טיפער און טראַגישער. ווען יעדער ייד איז אָפּגעקומען מיט דעם וואָס ער זעלבסט האָט באַצאָלט זיין שטייער אָדער ער האָט אָפּגעגעבן זיין חפץ, האָבן נאָר די „יודענראַט"־מיטגלידער גע־מוזט עס אַלץ צוטראָגן און שטיין פּנים־אל־פּנים מיט די מערדער...

אין דער צייט, ווען ס'איז געווען „רואיק" און יעדער ייד האָט געטראַכט עפּעס פאַר זיך, דאַן האָבן די 'יודענראַט'־מיטגלידער אָפּגעהאַלטן זיצונ־גען און געטראַכט ווי צו זאַמלען און ביי ווען די שטענדיק פרישע באַשטעלונגען. היינט אין דער צייט, ווען אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק, און דאָס זייער אָפּט, ווען יעדער האָט געכאַפּט זיין נאָענטן און געלאָפן ווי עס איז זיך באַהאַלטן, זע־נען די „יודענראַט"־מיטגלידער אַרומגעלאָפן צו די „מאַסגעבנדע פאַקטאָרן" זיך נאָכפרעגן, און ווען זיי האָבן זיך עפּעס דערוווּסט, האָבן זיי עס באַלד צו־וויסן געגעבן די יידן.

מיט וויפל מסירות־נפש איז געווען פאַרבונדן זייער יעדער אַרויספאָר אין געביטס־שטאָט זדאָל־בונאָוו! ווער קען דען וויסן וואָס ס'האָט געהייסן איין אַרויספאָר אויסער דער שטאָט, אַפילו ווען מ'האָט געהאָט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש? ווען די וועגן זענען געווען פול מיט דייטשן און אוקראַיני־שער מיליץ, וואָס ווען נאָר זיי האָבן געזען אַ יידן האָבן זיי זיך אין אים שרעקלעך נוקם געווען.

און וויפל האָט מען זיך איינגעשטעלט צוליב דעם, וואָס מען האָט געפירט טריפה זאַכן, ווי למשל, גאָלד פוטערס א.א.וו. באַשטעלונגען פאַר די מאַכט־האָבער, וועלכע פלעגן פאַר דעם באַוויליקן צו זאָגן ווי עס האָלט מיטן גורל פון די רעשט אַסטראָהער יידן. היינט וויפל מאָל זענען זיי געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן צוליב דער קינאה פון איין „גדול" צום צווייטן, ווייל ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער באַ־קומט ווייניקער „כאַבאַר" פון יענעם! אָט פאַר די „חטאים" איז אַלץ געווען שולדיק דער „יודענראַט"... און ווער איז דען אומשטאַנד אַלץ אויסצורעכענען, וואָס די „יודענראַט"־מיטגלידער האָבן געהאָט אויסצושטיין סיי פון דער מאַכט און סיי פון די יידן אַליין!...

**אַסטראָהער געטאָ**

ווען די ווינטער־חדשים פון יאָר 1942—1941 זע־נען אַוועק, זענען צוזאַמען מיט אַלע גוטע „פרילינגס בשורות" אָנגעקומען די בשורה, אַז מען טרייבט אונדז אין געטאָ. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַ גאַנצן ווינטער האָט מען געלעבט אין שרעק, ווייל „גוטע פריינד" פלעגן יעדעס מאָל קומען זאָגן, אַז אָט־אָט וועט מען אונדז פאַרשפּאַרן אין געטאָ, און געטאָן האָבן זיי עס כדי צו קענען אויסנאַרן ביי יידן וואָס מער יידיש גוטס.

וואָס דאָס הייסט טרייבן אין געטאָ האָט יעדער ייד גוט געוווּסט. געהייסן האָט עס, אַז מען רינגלט אַרום יידישע הייזער און אין משך פון 10 מינוט מוז מען זיין אין געטאָ, און וואָס מען באַוויזט מיט־צונעמען אין די 10 מינוט, נאָר אויף זיך און מיט זיך, אָט דאָס איז אַלץ, און אין איינינקע מינוט איז מען פאַרבליבן אָן גאָרניט און אָן שום שפּייז אַפילו אויף די ערשטע טעג.

נאָך לאַנגע באַמיונגען און אָפּצאָלן מיליאָנען „כאַבאַר", האָט דער יודנראַט געפּועלט, אַז דאָס אַריין אין געטאָ פון די אַסטראָהער יידן זאָל אויס־פאַלן ווי אַמבעסטן. אַז מען זאָל כאָטש האָבן די מינימאַלע מעגלעכקייט מיט זיך עפּעס פאַרנעמען. און אָט ביי דער אַטמאָספער איז די אַסטראָהער יידן געגעבן געוואָרן אין חודש יוני 1942 איין עכטע געטאָ.

אויסגעפאַלן איז עס אין ערגסטן שטאָט־קוואַרטאַל, וועלכער האָט אַממערסטן געליטן פון מלחמה־פייער און חורבן, ווייט אָפּגעריסן פון שטאָט־מאַרק, אַז יידן זאָלן נישט קענען חלילה „אַריינשמוגלען" קיין שפּייז. די הייזער זענען אויסגערעכנט געוואָרן אויף מער ווי 10 מענטשן אין איין צימער. די גאַנצע געגנט איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ הויכן שטעכיקן דראָט און פון אַלע זייטן וואָרנונג־שילדן מיט אויפשריפטן אין דער אוקראַינישער שפּראַך:

„פאַר פאַרלאָזן די געטאָ, ווערט מען מיטן טויט באַשטראָפט".

„ספּעציעל געביט".

דער „יודענראַט" האָט דורכגעפירט דאָס באַזעצן די יידן אין געטאָ.

און אַזוי האָבן 3000 אָסטראָהער יידן אָנגעהויבן צו לעבן אַ לעבן פון געטאָ. דאָס ערשטע מאָל האָט מען באַלד אָנגעהויבן צו ליידן הונגער, ווייל קיין שום שפּייז האָט מען נישט געקאָנט אַריינפירן.

אָבער ערגער פון אַלעמען זענען געווען די מאַראַ־לישע ליידן. אַ געטאָ אין אַ גרויסער שטאָט איז גע־ווען אַ שטאָט־קוואַרטאַל אַרומגערינגלט מיט אַ גאַר הויכן שטיינערנעם פּאַרקאַן און נישט די געטאָ־מענטשן האָבן געזען וואָס עס טוט זיך אין דער אויסערלעכער וועלט, און נישט די אויסערלעכע וועלט האָט געקענט זען וואָס עס טוט זיך אין געטאָ. דאַקעגן אין אָסטראָה איז עס געווען מער ווי שרעק־לער, ווען דורכן פּלויט האָט מען געקענט זען אַלעס וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן. די געטאָ איז געווען ווי צוטיילט אויף צוויי חלקים און אין מיטן איז געלאָפן אַ שאָסיי מיט אַ הויפּט־גאַס, דורך וועלכער ס׳זענען אַלע געפאָרן און געגאַנגען, און אָט די אַלע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צוקוקן דאָס לעבן אין געטאָ.

אַה! ווי נידעריק און שפּלדיק האָט מען זיך גע־פילט, ווען מען איז געשטאַנען ביים געטאָ־פּלויט, אַרומגערינגלט און אָפּגעזונדערט ווי חיות, און אויסגעקוקט פון דער פאַרשפּאַרעניש ווי אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ איז דאָס לעבן זיך געפלאָסן נאָרמאַל אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט... ווי שרעקלעך האָט מען זיך געפילט, ווען מען האָט געזען דורכ־פאָרן איין היימישן פויער פון דאָרף, דער זעלבער פויער פאַר וועלכן ס׳איז געווען אַ כבוד ערשט מיט טעג צוריק ווען דו האָסט מיט אים גערעדט אַ וואָרט, און היינט פאָרט ער דורך און וויל אַפילו נישט געבן קיין קוק אין דיין זייט, ווייל דו ביזט דער פאַרשאָלטענער געטאָ־יודע און ער דער „אַריער" פון היטלערס גנאָד. אָט די איבערלעבענישן זענען געווען ערגער פון פיל אַנדערע ליידן, וועלכע מען האָט אין געטאָ געליטן.

### יידישע מיליץ

צוגלייך מיט דער יידישער אויטאָנאָמיע אין דער פאָרם פון אַ געטאָ, האָט מען אויך באַשאַנקען די יידן מיט אַן אייגענער מיליץ. אָסטראה האָט פאַר־מאָגט 5 מיליץ־לייט, אַפילו מיט אַ ספּעציעלער אוניפאָרם: שוואַרצע היטלען מיט געלע ראַנדן, אויף וועלכע ס׳איז געווען אַן אויפשריפט אין דער דייטשישער שפּראַך: „יודישער אָרדנונגס־דיענסט" און מיט אַ געלן באַנד אויפן אָרעם. די יונגעלייט האָבן זיך גלענצנד צוגעפּאַסט צו זייער אויפגאַבע, און ווען ס׳איז נאָר נויטיק געווען, האָבן זיי געקענט מקיים פּסק זיין, אַפילו דעם חשובסטן בעל־הבית פון שטאָט. ערשטנס האָבן זיי אַכטונג געגעבן אַז יידן זאָלן נישט עובר זיין אויף די „געזעצן", ווי צום ביישפּיל: נישט גיין אויפן טראָטואַר, נישט אַרויס חלילה פון געטאָ, נישט גיין אין מאַרק פאַר דער באַשטימטער צייט, אָפּגעהיט אַז מען זאָל זיך צושטעלן צו דער אַרבעט ווער ס׳האָט באַקומען אַ „נאַריאַד" א.אַ.וו. היינט דורכפירן רעוויזיעס ביי יידן, כדי צושטעלן די נוטיקע זאַכן פאַר די באַשטע־לונגען. און דאָס איז נישט אָנגעקומען גרינג.

נישט איינמאָל האָבן זיי געמוזט אָנקומען צו גוואַלט־מיטלען, כדי אַרויסבאַקומען ביי אַ יידישער פרוי אַ שראַנק, אַ בעט און דאָס גלייכן, וואָס נישט קוקנדיק אויף אַלץ האָבן יידן זיך נישט געוואָלט צושיידן מיט די „חפצים". אויך האָבן די מיליץ־לייט געמוזט איינמאַנען קאָפּ־שטייער, און בכלל פאַרשידענע קאָנטריבוציעס, וועלכע מען האָט אויף יעדן אַרויפגעלייגט.

טאָג ווי נאַכט פלעגן אָט די מיליץ־לייט אַרום־לויפן און זיין באַשעפטיקט, און ס׳איז זיי גאָרנישט געווען וואָס מקנא צו זיין אויף זייער אַרבעט... היינט וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון קללות און בזיונות, נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט קעגן די מאַראַלישע ליידן, ווען זיי האָבן געמוזט גיין ברענגען יידן אַלס „זאַלאָזשניקעס", וועלכע מען האָט געמוזט צושטעלן אין זשאַנדאַרמעריע, און מ׳האָט קיינמאָל נישט געוווסט צו וועלן זיך אומ־קערן. ווי עס זאָל נישט געווען זיין, זענען זיי געווען „העלדן", ווען זיי האָבן געקענט האַלטן אַ עדה יידן פון 3000 מענטשן, אין אַזאַ שרעקלעכער צייט אין וועלכער ס׳איז אָרדענונג.

מ׳האָט זיי געדאַרפט באַוווּנדערן, ווען מ׳האָט גע־זען גיין אַ מיליץ־מאַן און פירן אַן אַלטיטשקן בלינדן יידן פון אַ יאָר 80 פון „מושב־זקנים", אַלס „זאַ־

לאַזשניק". דער זקן גייט און בעט זיך: „איך וויל זיין אַ קרבן פאַר דער גאַנצער שטאָט, אַבי ס'זאָל שוין קיינער מער נישט ליידן"... און דער שומר זיינער גייט און וויינט... ווער איז דען אומשטאַנד אויסצו־רעכענען, וואָס אָט די „יידישע גזלנים" האָבן אַלץ אויסצושטיין פון די יידן און פון די דייטשן צו־זאַמען.

### אברהם דער „בעל־מופת" און זיין ספר'ל

נאָך די ערשטע צוויי שחיטות מיט די 5.500 קרב־נות, ווען די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען אַזוי געדריקט און דערשיטערט, ווען דאָס לעבן אין שטענדיקער פּאַניק און דערוואַרטונג פון טויט איז געווען מער ווי גרויזאַם, האָט זיך ביים פאָלק דער־וועקט אַ פּסיכאָלאָגישער דראַנג צו עפּעס הויכעס און איבערנאַטירלעכעס. יעדער איז געוואָרן נישט נאָר גלויביק נאָר אַבערגלויביק, און מען האָט גע־וואָלט מיט גוואַלט אַראָפּרייסן פון הימל אַ נס, וואָס זאָל רעטן! און דאַן האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן צו זוכן אַ „נביא", זאָל זיין ווער ס'איז, אַבי ער זאָל קענען עפּעס זאָגן און מיט עפּעס טרייסטן!...

אין יענע טעג האָט מען אַנטדעקט אברהם דעם שוחט פישל דעם רב'ס זון. מעגלעך אַז ס'איז געווען קעגן זיין אייגענעם ווילן, אָבער וואָס האָט ער געקענט טאָן. ווען אַ עדה פון איבער 3000 יידן זע־נען צו אים געקומען און געפּאָדערט: דו מוזט ווערן אונדזער מנהיג און ברענגען אַ נס! איז פון זיך זעלבסט האָט ער אָנגעהויבן אַרויסשווימען אויף דער אויבערפלאַך פון זיין פרישן „באַרוף" אַלס בעל־מופת... אָט אַזוי האָט זיך געשאַפן אַרום אים אַ קרייז פון אָנהענגער, וועלכע פלעגן מפרסם זיין אַלע זיינע אויסווייזן און אויספירן, אַז אָט־אָט און ס'וועט קומען די ישועה. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער האַלטן גאַנץ גוטע דרשות, פון וועלכע מען פלעגט לעקן די פינגער, ווייל אַלץ איז געווען דורכגעוועבט מיט גלויבן און האָפענונג.

איינער פון די „הויפּט־וואָפנס" פון אברהם דעם שוחט איז געווען איין אַלט קבלה־ספר'ל, אין וועלכן ס'זענען געווען אויסגערעכנט אַ 60 פאַרשידענע פראַגן, ווי למשל, צו וועל איך בלייבן לעבן? וואָס טראַכט יענער וועגן מיר? ווו געפינט זיך מיין קרוב? א.א.וו. און לויט אַ געוויסן אופן, ווי דאָס ספר'ל האָט געוויזן, האָט מען אויף די פראַגן געקענט געפינען אַ תשובה. ס'איז כדאי געווען צו זען ווי אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען איבערן קאָפּ זענען געפלויגן פליענדע טורעמס און ווען דער שונא האָט אונדז אומגעבראַכט נישט מיט קיין „שם המפורש", נאָר דווקא מיט עכטע מאָדערנע אויטאָ־מאַטיש געווער און קוילן, זענען מיר יידן געגאַנגען זוכן אַ תשובה און רעטונג אין אַ פּאַרצייטיק קליין קבלה־ספרל...

ווער איז דען אומשטאַנד איבערצוגעבן די סצע־נעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בעת מען איז גע־גאַנגען זיך „טרעפן". מען האָט געקענט זען ווי עס שטייען לאַנגע רייען פון יידן, אַלט און יונג, מענער און פרויען, מיט אַ הייליק און מיסטיש פייער אין זייערע אויגן און וואַרטן מיט אומגעדולד, מען זאָל קענען אַריינקומען און באַקומען אַ תשובה פון ספרל. און וועמען האָט מען דען דאָ נישט געזען צווישן די וואַרטנדע? אָנהויבנדיק פון דער פאַרבליבענער אינטעליגענץ, ווי דאָקטוירים, אַפּטיי־קערס ביז בית־הקברות יידענעס פון אַ יאָר 90. אויב דער ענטפער איז געווען אַ באַפרידיקנדער, איז מען פון שטוב אַרויס אַ צושטראַלטער, אַ צופרידענער, פול מיט האָפענונג, אַז אָט ווערט מען שוין גע־האָלפן. טאָמער איז די תשובה נישט געווען קיין פאָלקאָם קלאָרע, האָט מען געהייסן קומען אין 3 טעג אַרום, זיך ווידער טרעפן. היינט קוים איז גע־פאַלן חלילה גאָר נישט קיין גוטע תשובה, איז דער מענטש אַרויס אַ רעזיגנירטער און אַ פאַרצווייפלטער, גלייך צום אונטערגאַנג. ס'האָט נישט געהאָלפן פאַר יענעם קיין שום אויפקלערונג און קיין טרייסט, אַלץ איז געווען גאָרנישט קעגן דעם ספרל!...

און מען האָט דווקא געפרעגט דאָס ספרל נישט נאָר אין פריוואַטע אָנגעלעגנהייטן, נאָר אויך וועגן אַלגעמיין יידישע פראַגן. אַז ס'איז אָנגעקומען אין שטאָט אַ נייער מושל, איז מען באַלד אַוועק צו אברהם דעם שוחט און געהייסן פרעגן ביים ספרל, וואָס טראַכט דער רשע וועגן אונדז? און צו וועט

ער גוט באַהאַנדלען די יידן? איז אין שטאָט געוואָרן אַזאַ פּאַניק, אַז עמעצער האָט דערציילט, אַז מען גייט שוין גראָבן גריבער פאַר אונדז, איז מען באַלד געלאָפן אַנפרעגן ביים ספרל, און דאָס האָט אויף אַלעס געענטפערט און געטרייסט. אָט אַזוי האָבן יידן געהאָפט אויף אַ ישועה פון אַ קליין קבלה־ספרל... אַלץ האָט דאָס ספר׳ל געטראָפן, נאָר וועגן דעם גרעסטן אומגליק, וואָס איז נאָך פאַרגעשטאַנען, וועגן דעם האָט דאָס ספר׳ל געשוויגן...

**דער פולשטענדיקער סוף פון דער יידישער אַסטראַה**

**פרייטיק דעם 20־טן נאָוועמבער 1942**

ווען ס׳זענען אַריבער די ווינטער־חדשים פון יאָר 1941־42 און ס׳האָט זיך אַ ווייז געטאָן די פרילינג־זון, האָבן זיך יידן גאָרנישט געפרייט. ווי דער ווינטער איז געווען שווער צוליב מאַנגל אין עסן, קליידונג און באַהייצונג, דאָך האָבן יידן זיך ווי עס איז אַביסל באַרואיקט נאָך די אומגליקן, נישט רעדנדיק פון די זייער אָפטע טויט־שרעקן און פּאַניקעס.

דער שניי מיטן פראָסט האָבן אַלעס פאַרגליווערט, אַסטראַה איז געווען אָפּגעריסן פון דער אַרומיקער וועלט און דאָס האָט באַרואיקט. יידן האָבן געהאָפט, אַז אפשר וועט דער ווינטער פאַרט ברענגען עפּעס גוטע ענדערונגען? אפשר וועט דאָך דער שונא געבראָכן ווערן!?... און ווען דער ווינטער איז אַדורך מיט גאָרנישט און מען איז אַרויס נאָך אָפּגעשוואַכטע זענען באַלד געקומען נייעס פון פרישע „יידן־אַקציעס און ליקווידאַציעס.

אין חודש מאַי 1942 האָט דערעפנט דעם „סעזאָן" דאָס שטעטל האָשטש, 30 קילאָמעטער פון אַסטראַה, ווו מען האָט אויפן ערשטן מאָל אומגעבראַכט 1.200 יידן. אַסטראַה איז אויפגעציטערט געוואָרן און מען איז באַלד אַוועק אין קרייז קיין זדאָלבונאָוו אָנפרעגן ווי עס האַלט. דאָרט פלעגט מען שטענדיק ענטפערן בלויז אויף טערמינען, ווי למשל, אַז „פאַר דעם חודש גאַראַנטירט מען"... און אַזוי כסדר...

נאָכער איז געקומען אַ ידיעה, אַז ראָוונע האָט מען שוין אויך אויסגעשאָכטן און אַזוי האָט מען אויסגעשאָכטן קרעמעניצער קרייז, נאָכער לוצקער קרייז, ביז ס׳זענען נאָך פאַרבליבן ווי אַן אינדזל דובנער און זדאָלבונאָווער קרייזן. אויף אַלע אָנפראַגן פון אונדזערע „גוטע פריינד" איז געקומען די תשובה, אַז אַסטראַה מיינט מען נישט... ביז אין חודש סעפּטעמבער האָט מען שוין אומגעבראַכט דובנער קרייז אויך. זדאָלבונאָווער קרייז איז געבליבן דער איינציקער אויף גאַנץ וואָלין און אוקראַינע.

די טראַגעדיע איז געווען שרעקלער, ס׳איז נישט געווען ווו צו לויפן, ווייל אומעטום איז געווען „יודען ריין", און יעדער טאָג האָט זיך דאַן געצויגן ווי גליענדיק בליי אויף די יידישע נשמות. מען איז שוין געווען רעזיגנירט און מען האָט געבעטן עס זאָל שוין קומען וואָס שנעלער, ווייל ס׳איז געווען אוממעגלער צו לעבן אין שטענדיקער דערוואַרטונג...

ממש אין די לעצטע טעג פאַרן אומגליק האָבן זיך געוויזן נישט קיין גוטע סימנים. די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים לאָדן קאַרטאָפל אויף דער סטאַנציע אָזשענין, האָבן איבערגעגעבן, אַז לעצטנס היט זיי שטרענג אָפּ די מיליץ. ביז מאָנטיק דעם 12־טן אָקטאָבער 1942 האָט איינער פון די צושטעל־אינספּעקטאָרן געזאָגט די אַרבעטער: „זייט וויסן, אַז היינטיקע וואָך וועט מען אומברענגען אַסטראַה. פאַרנאַכט דעם זעלבן טאָג זענען צום יודענראַט צוגעפאָרן אין זייער קאַטש דער קרייז־לאַנדווירט, דער הויפּט זשאַנדאַרמעריע־קאָמענדאַנט קאַמאַראָווסקי און דער אוקראַינישער קאָמענדאַנט טקאַטשענקאָ.

זיי האָבן אַרויסגערופן דעם פּרעזעס פון יודענראַט ה׳קאָמענדאַנט, האָבן אָפּגעשמועסט אַ פּאָר „לויפנדיקע יידישע פראַגן". געגעבן פרישע באַשטעלונגען צו שאַפן מעבל און געהייסן אַלעס צוגרייטן ביזן 15טן אָקטאָבער. אגב זענען זיי אַלע געווען אין זייער אַ געהויבענער שטימונג און דער לאַנדווירט האָט זיך אפילו געוויצלט און געזאָגט, אַז ער איז צופרידן פון די אַסטראַהער יידן, ווייל זיי האַלטן זיך רואיק און זענען נישט נערוועז...

דער וויזיט האָט זיך פאַרענדיקט און יידן האָבן זיך באַלד באַרואיקט, ווייל יעדער האָט דאָך געזען און געהערט ווי אַלעס איז „נאָרמאַל און אין בעסטן

אָרדענונג"... און דער עולם איז זיך צוגאַנגען רואיק שלאָפן... ס'איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דער גאַנצער וויזיט פון דער סוויטע איז געווען טייוולאָניש באַאַרבעט, אַז מען זאָל די יידן באַרואיקן און זיי זאָלן נישט וויסן וואָס עס הענגט איבער זייערע אומגליקלעכע קעפ און די אַרבעט איז די מערדער געלונגען.

ווען יידן זענען אויף צומאָרגנס אויפגעשטאַנען פרי כדי צו גיין ווי שטענדיק צו דער אַרבעט, זענען די ערשטע אַרויס יידישע פרויען פוצן די גאַסן. זיי האָבן גלייך דערזען, אַז די געטאָ איז אַרומגערינגלט דורך מיליץ, וועלכע האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. די פאַניק איז געוואָרן זייער גרויס: אַ לויפעניש, אַ באַהאַלטן זיך, נאָר די פאָליציי איז געשטאַנען רואיק אויף יענער זייט פון געטאָ־פלויט. פאַר יעדן איז שוין געווען קלאָר וואָס עס גרייט זיך, מען האָט שוין פאַרשטאַנען דעם נעכטיקן וויזיט און די זיסע רייד... ליידער איז שוין געווען שפעט צו טראַכטן, ווייל אַלע זענען שוין געווען פאַרשפאַרט אין געטאָ און אַרומגערינגלט דורך דער פאָליציי.

זייגער 8 איז צום יודענראַט צוגעפאָרן קאָמאַראָווסקי און האָט איבערגעגעבן דעם ה'קאָמענדאַנט, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך ביז 12 בייטאָג צושטעלן אויפן פלאַץ אונטערן טאַרטאַק און מען זאָל מיט זיך מיטנעמען אויף 2 טעג עסן און וועמען מען וועט געפינען באַהאַלטן, וועט מען שיסן אויפן אָרט...

נאָך אים איז צוגעפאָרן דער לאַנדווירט און זיך געהייסן אָפגעבן אַלע רשימות פון די יידישע אַרבעטער. פון דעם יודענראַט זענען די „געסט" אָפגעפאָרן באַטראַכטן דעם „פלאַץ". און יידן האָבן זעלבסט, אָן שום ווידערשטאַנד און אָן שום צוואַנג אָנגעהויבן צו גיין אויפן פלאַץ פון זייער אייגענער לויה... שרעקלעך איז געווען צו זען ווי די אומגליקלעכע האָבן געשטראָמט אויפן „פלאַץ", טאַטעס און מאַמעס האָבן געפירט זייערע קינדער ביי די הענטלעך צום אומברענגען. מען איז געגאַנגען און ביטער געוויינט אויפן גרויסן אומגליק...

אין שפיץ פון דעם שרעקלעכן טויט־צוג איז געגאַנגען דער יודענראַט מיטן פרעזעס ה'קאָמענדאַנט, און נאָך זיי האָבן געשטראָמט די עדה אָסטראָהער יידן. אָט אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס „פרייוויליקע" גיין ביז זייגער 12 בייטאָג. אייניקע יידן האָבן זיך נאָך געקערט אין דער צייט צוריק אין די שטובן נאָך שפייז, און מען האָט נישט געשטערט, אייניקע האָבן זיך באַרעכנט און באַהאַלטן. ערשט נאָך 12 האָט די אוקראַינישע מיליץ איבערגענומען די „אַקציע" אין אירע הענט. קודם איז די מיליץ, וועלכע איז ביז דאַן געשטאַנען אויסערן פלויט, אַריין אין געטאָ און אָנגעהויבן צו זוכן אין די שטובן, און וועמען זיי האָבן נאָר געפונען, האָבן זיי גלייך דערשאָסן, אָדער אין בעסטן פאַל אָפגעפירט אויפן „פלאַץ". פון „פלאַץ" האָט מען שוין קיינעם נישט צוריקגעלאָזט. און די, וועלכע האָבן נאָר געפרוווט צו אַנטלויפן זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן. און עס זענען שוין געווען די ערשטע קרבנות פון בלוטיקן שניט. אָט אַזוי איז אַדורך דער ערשטער טאָג דינסטיק ווי אויך די ערשטע נאַכט פון דערוואַרטן דעם טויט.

ווען ס'איז געקומען דער פרימאָרגן האָט יעדער געטראַכט און געפרעגט, אויף וואָס וואַרטן די תלינים? און ווי לאַנג וועט מען נאָך וואַרטן? און געוואַרט האָט מען צוליב דעם, וואָס די הויפט־תלינים זענען געווען פאַרנומען מיטן אויסמאָרדן די יידן אין די איבעריקע שטעט פון ראַיאָן. נאָכן אָפפאַרטיקן זיך דאָרט האָבן זיי לויטן פלאַן געדאַרפט קומען קיין אָסטראָה — די לעצטע. מען האָט ספעציעל צונויפגעזאַמלט די אָסטראָהער יידן מיט 3 טעג פריער, ווייל קוים וועט מען זיך דערוויסן וואָס עס טוט זיך אין אַנדערע שטעט, וועט מען זיך צולויפן.

יאָ! אין מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען מענטשן קלערן צוליב הומאַניטאַרע געפילן, ווי לייכטער אומצוברענגען בהמות, און ווי צו פאַרגרינגערן דעם טויט פאַר דעם ערגסטן מערדער און פאַרברעכער: אָט אין דער זעלבער צייט, האָט מען צונויפגעטריבן 3000 יידן, פרויען און קינדער, אַלטע און קראַנקע, פאַר וועלכע ס'איז נישט געווען קיין סוד, אַז זיי וואַרטן אויפן שרעקלעכן טויט, מיט גאַנצע 3 טעג פריער און געלאָזט זיי וואַרטן אין די ערגסטע ליידן אויפן טויט!...

2 טעג און 2 נעכט האָבן די אָסטראָהער 3000 יידן געוואַרט אויף זייער ביטערן סוף. ביז מיטוואָך, דעם 14 אָקטאָבער 1942 זענען ענדלעך אָנגעקומען די מערדער. זיי זענען צוגעפאָרן צום פּלאַץ, דער לאַנדווירט האָט אַ רוף געטאָן דעם ה׳קאָמענדאַנט און אים איבערגעגעבן אַז די יידן דאַרפן אַוועקגעבן דאָס וואָס זיי האָבן באַהאַלטן פון בעסערע זאַכן, ווי גוטע אָנצוגן, פּויליש לעדער אויף זוילן, פיינע מעבל א.אַז.וו. און דאַן האָבן די ס.ס.-לייט אָנגעוויזן, אַז מיר זאָלן אויפשרייבן, וואָס יעדער וועט אָנגעבן און מיר זאָלן עס זאַמלען. ווען די רשימה איז פאַרטיק געוואָרן זענען מיר 5 יידן אונטער דער באַגלייטונג פון זשאַנדאַרמען אַוועק אין געטאָ צו זאַמלען די זאַכן.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר אַרומגעגאַנגען און גע־זאַמלט די זאַכן. ווען מיר האָבן שוין פאַרנאַכט־צו געהאַט געענדיקט, האָט זיך ה׳קאָמענדאַנט געווענ־דעט צום לאַנדווירט, אַז מען זאָל אונדז אָפּפירן צוריק אויפן פּלאַץ צו אונדזערע אייגענע און דאָרט ווו אַלע יידן זענען פאַרבליבן. דער הויפּטמאַן פון די ס.ס.-לייט האָט אונדז געהייסן אַלעס פאַרפּאַקן און מיר האָבן אָנגעלאָדן 2 אויטאָס מיט די בעסטע און שענסטע זאַכן שוין נישט רעכענענדיק דאָס, וואָס די תלינים האָבן באַלד אויפן אָרט צוראַבירט און צוטיילט די אוקראַינער. און ווען אַלעס איז שוין פאַרטיק געווען צום אָפּפאָרן, האָט דאַן דער הויפּטמאַן אַ ווינק געטאָן צום לאַנדווירט אויף אונדזער אַדרעס, עפּעס אַ זאָג געטאָן, מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער גיט אַ באַפעל אַז מען זאָל אונדז דאָ, אויפן אָרט אומברענגען !...

די תליינים האָבן אונדז צוגעפירט צו דער וואַנט פון דער גרויסער מהרש״א-שול, אונדז אויסגע־שטעלט אין אַ ריי. געווען זענען מיר 4 יידן: אברהם קאָמענדאַנט; משה מאָס פון פאַר אַ שטע־פער, זיאָמע בראַנדזוליעס אַ דאָראָזשקאַזש, און איך. (איינעם פון די פינף האָט גראָד דאַן אַ זשאַנ־דאַרם אַוועקגערופן, ווען מען האָט אונדז געהייסן דערשיסן). מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסדרייען מיטן פנים צו דער וואַנט, און דער אָנפירער פון דער עקזעקוציע האָט אַ זאָג געטאָן: „איינס, צוויי״, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן „דריי״, האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פון דער וואַנט און בין אַנטלאָפן !...

נאָך די געשעענישן פון טאָג בין איך שוין מער אויפן פּלאַץ נישט געווען... איך האָב זיך נאָך שפּע־טער דערוווּסט פון אַ פּוילישער פרוי, וועלכע האָט געערעדט מיטן אינזשיניער קוליעשאַ, וועלכער האָט באַאַרבעט און געגראָבן די ברידער-קברים פון דער לעצטער ליקווידאַציע פון אָסטראָהער יידן. געווען זענען זיי אין וואַלד אויף דער נייער שטאָט. די עקזעקוציע האָט מען אויסגעפירט דאָנערשטיק דעם ד׳ מרחשון, תש״ג, 14-טן אָקטאָבער 1942.



כנס ניצולי אוסטראה ביום הזיכרון הרביעי לחיסול גיטו אוסטראה



קבוצת ניצולי השואה על יד הארובה של הקרמטוריום במחנה המוות מיידאַנק, ביניהם ניצולי אוסטראה אהרון ולדמן וז'ניה אייזנברג



ביקור במחנה המוות מיידאַנק על יד ערימות עצמות של קדושי אוסטראה
משמאל לימין, למטה: ז'ניה אייזנברג ואהרון ולדמן

**סימה קליפּאַץ׳**

# 17 חדשים אין א בונקער אין אַסטראַה

זונטיק דעם 22טן יוני 1941 האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז קלאַנגען, אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַ מלחמה קעגן די רוסן. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן ביי אונדז אַרויסגערופן אַ גרויסע בהלה, היות ווי מיר האָבן נאָך געדענקט דעם אָנהייב פון דער דייטש-פּוילישער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939. דאָן זיינען צו אונדז אין אַסטראַה אָנגעקומען פיל פּליטים פון מערב און צענטראַל-פּוילן און זיי האָבן שוין דערציילט, וואָס די דייטשן טוען מיט די יידן.

אויף די גאַסן אין אַסטראַה האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן גרופּן יידן און יעדער איינער האָט אָנגע־הויבן „קאָמענטירן" די לאַגע: אייניקע האָבן גע־זאָגט, אַז די רויטע אַרמיי איז שטאַרק און וועט גיך אָפּטרייבן די דייטשן צוריק, אַנדערע זיינען גע־ווען מער פּעסימיסטיש און זיינען געווען איבערגע־שראָקן. און ווירקלעך, האָט מען געזען די פאַר־זאָרגטע פּנימער פון די סאָוועטן, וועלכע זיינען גע־ווען ביי אונדז אין שטאָט און זיי האָבן זיך גענומען פּאַקן די זאַכן, גרייט זיין צו אַנטלויפן פון אַסטראַה.

בייטאָג האָט מען שוין געהערט די רעדע פון מאָלאָטאָוון, וואָס האָט גערעדט אין ראַדיאָ צום רוסישן פאָלק, אַז די דייטשן האָבן מצליח געווען צו פאַרנעמען אַ גרויסן שטח און אַז די רויטע אַרמיי פירט שווערע קאַמפן קעגן די דייטשישע אַגרע־סאָרן. די לעצטע ווערטער זיינען געווען, אַז היטלער וועט האָבן נאָפּאָלעאָנס מפּלה... אָבער פאַר די יידן איז דאָס געווען אַ קנאַפּע נחמה. מיר האָבן געוווּסט וואָס עס קען פּאַסירן מיט די יידן, אויב חס וחלילה זיי וועט זיך איינגעבן צו פאַרנעמען די שטאָט.

דערווייל האָט זיך אין שטאָט געשפּירט אַ גרוי־סער כאַאָס. די אוקראַאינער און די פּאָליאַקן האָבן אויסגעקוקט אויף דעם מאָמענט, ווען די דייטשן וועלן פאַרנעמען אַסטראַה און זיי וועלן זיך אָפּרע־כענען מיט די יידן. דערווייל האָבן שוואַרצע עלע־מענטן פון דער אונטערוועלט אָנגעהויבן צו ראַ־בירן די סאָוועטישע מאַגאַזינען און קראָמען. אין שטאָט זיינען שוין אָנגעקומען פיל פּויערים פון די דערפער מיט זעק גרייט צו ראַבירן דאָס יידישע האָב און גוטס. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן געזען ווי די ערשטע מאָטאָריזירטע דיי־טשישע מיליטער-טיילן זיינען אַריינגעטראָטן מיט גרויס פאַראַד קיין אַסטראַה. טאַנקען און האַרמאַטן האָבן זיך געצויגן אָן אויפהער. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ ריזיקער כוח וועט נישט לייכט זיין צוריק אַרויסצוטרייבן. מיט גרויס שרעק האָבן מיר געוואַרט וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענ־גען.

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג און נעכט ביז דער ערשטער אַקציע אין אויגוסט 1941. די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט אַלע יידן פון דער שטאָט אין וואַלד אַריין און זיי האָבן באַפוילן אַלע זאַכן איבערלאָזן. באַלד אויפן אָרט האָבן זיי געמאַכט אַ סעלעקציע: די אַלטע מענטשן האָבן זיי צוגענומען און די יונגע האָבן זיי איבערגעלאָזן.

אין אַ מאָנאַט אַרום, דעם צווייטן טאָג נאָך תשעה באָב איז פאָרגעקומען די צווייטע אַקציע. אין דער דאָזיקער אַקציע האָט מען שוין גענומען אַלע יונגע. מיר איז געלונגען זיך צו ראַטעווען בעת דער דאָ־זיקער אַקציע, היות ווי איך האָב געוווינט מיט אַ

קוזין וואס האט געהאַט אַ ראַוועך און די אוקראַי־נישע מיליץ האט געדאַרפט האָבן די ראַוועדן, האָבן זיי געזאָגט, אַז אונדז זאָל מען נישט נעמען און אַזוי זיינען מיר פאַרבליבן ביז נאָך דער צווייטער אַקציע.

מיר האָבן געוווינט אין אַ קוואַרטאַל, ווו מען האט אונדז פאַרשפאַרט. יעדן טאָג האט מען אונדז גע־פירט אויף שווערע אַרבעטן אונטער אַ שמירה אין שטאָט. אַלע טאָג פלעגן קומען דייטשן אין יודנראַט און פלעגן נעמען אַרבעטער אויף פאַרשיידענע אַרבעטן.

איך האָב געאַרבעט אַלס באַאַמטע אין יודענ־ראַט. דער פרעזעס איז געווען אַברהם קאָמענדאַנט. די לאַגע פון די יידן איז געווען זייער אַ שווערע. די שפייז־זאַפּאַסן האָבן זיך געענדיקט, און קויפן ביי פויערים שפייז־אַרטיקלען איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אין שטאָט האָבן געווילדעוועט די אוֹ־קראַינער, וואָס האָבן אָפּגעלאַכט פון די יידן און פאַראויסגעזאָגט די יידן אַ שוואַרצן סוף. מיר האָבן געלעבט אין גרויס שפּאַנונג נישט וויסנדיק וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען.

אין אָקטאָבער 1942 איז פּלוצים די געטאָ אַרום־גערינגלט געוואָרן פון פיל דייטשן און אוקראַיִנישע מיליץ. דאָס האט אָנגעזאָגט די ליקווידאַציע פון די אַסטראָהער יידן. אין דער נאַכט פון דער שרעקלע־כער אַקציע איז מיין מאַן געווען באַהאַלטן ביי זיי־נעם אַ חבר אין אַ באַהעלטעניש און אין דער זעל־בער נאַכט, איז ער געקומען צו מיר און געזאָגט, אַז מיר גייען צו אַ פּוילישער באַקאַנטער משפחה שטשאַווינסקי, וואָס לעבט הינטער דער שטאָט און אפשר וועט אונדז געלינגען ביי זיי זיך אויסבאַ־האַלטן. בעת דער דאָזיקער אַקציע איז אומגעקו־מען מיין מוטער.

מיר זיינען אָנגעקומען צו דער משפחה שטשאַ־ווינסקי שטאַרק באַזאָרגט. די פרוי שטשאַווינסקי האט אונדז אָנגעקוקט און האט אונדז זייער וואַרעם אויפגענומען. זי האט אונדז געטרייסט, אַז מיר גע־פינען זיך אין זיכערע הענט און זי מיט איר משפחה וועלן אַלץ טאָן כדי אונדז צו ראַטעווען פון טויט.

אירע טרייסט־ווערטער האָבן אונדז אַ ביסל באַ־רואיקט.

די ערשטע זאַך איז געווען אויסצוגראָבן פאַר אונדז אַ בונקער, ווו מיר זאָלן קענען זיין אַ לענגע־רע צייט. די זעלבע נאַכט האָבן מיר אַלע אָנגעהויבן צו גראָבן אַ באַהעלטעניש. נאָך אַן אינטענסיווער גראַבונג, איז די באַהעלטעניש געווען פאַרטיק. אין דער באַהעלטעניש איז געווען אויסגעבויט אַ פּרי־טשע אויף מיין לענג און אויף מיין מאַנס הויך. אַזוי אַז ווען ער האט זיך אויסגעגלייכט האט ער גע־האַלטן די פיס צונויפגעוויקלט און אויב ער האט געוואָלט אויסגלייכן די פיס, האט ער געמוזט אויפ־שטיין. אין רעזולטאַט פון לאַנגע חדשים ליגן און נישט קענען זיך באַוועגן, האט ער באַקומען אַ פוס־קראַנקהייט פון וועלכער ער ליידט ביזן היינטיקן טאָג.

די באַהעלטעניש איז געווען נישט קיין גרויסע און מיר האָבן געליטן פון אַ מאַנגל אין לופט. דאָס שטענדיקע ליגן און נישט קענען זיך באַוועגן, האט אונדז זייער באַשווערט. עסן פלעגט מען אונדז ברענגען נאָר דאַן, ווען די בעלי־בתים אונדזערע פלעגן גיין געבן עסן די בהמות. מיר האָבן נישט געוווּסט פון קיין טאָג און נישט פון קיין נאַכט. מיר האָבן נישט געקענט אַרויסגיין פון דער באַהעלטע־ניש צו כאַפּן פרישע לופט, ווייל די דינסט זייערע וואָס איז געווען אַן אוקראַיִנקע איז געווען פאַר־בונדן מיט די באַנדעראָווצעס און זי האט נישט גע־טאָרט וויסן אַז אירע בעלי־בתים באַהאַלטן אויס יידן ביי זיי. די דינסט האט אויך געהאַט קליינע קינ־דער פון וועלכע מיר האָבן זיך געדאַרפט היטן, אַז זיי זאָלן אונדז נישט באַמערקן.

יעדעס מאָל, ווען מען פלעגט אונדז ברענגען אין דער שטיל עסן, האט מען אונדז שטרענג פאַר־זאָגט, אַז מיר זאָלן ליגן שטילערהייט, נישט רעדן צווישן זיך אויפן קול, כדי די דינסט מיט אירע קינ־דער זאָלן אונדז נישט באַמערקן.

איינמאָל האָבן אונדז די בעלי־בתים אָנגעזאָגט, אַז די דייטשן גייען אַרום זוכן אין אַלע שטיבער. זיי האָבן מורא געהאַט טאָמער וועלן זיי אונדז אַנט־דעקן, דאַן וועלן די דייטשן אַלעמען אומברענגען.

טאַדעק, זייער זון, האָט אונדז אין דער שטיל ביי־נאַכט אַוועקגעפירט אין אַ סטאַדאָלע צו אַ פרעמדן גוי, מיר זאָלן ביי אים זיך אויסבאַהאַלטן ביז מען וועט אונדז קענען צוריק ברענגען צו זיי.

ליגנדיק אין דער באַהעלטעניש האָבן מיר שטענדיק געטראַכט וואָס וועט זיין דער סוף? צי וועלן מיר איבערלעבן די שווערע מלחמה־צייט און דערלעבן די באַפרייונג? די דאָזיקע האָפענונג אַז מיר וועלן ווען עס איז דאָך באַפרייט ווערן, האָט אונדז געגעבן מוט און כוח איבערצולעבן די שווערסטע צייט פון אונדזער לעבן. מיר האָבן געוווּסט, אַז אין אָסטראָה זיינען שוין מער קיין יידן נישטאָ, אַלץ איז פאַרברענט, אַ פולשטענדיקער חורבן.

עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר זיינען די לעצטע יידן פון אונדזער ליבער שטאָט.

אין משך פון די 17 חדשים, וואָס מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער פוילישער משפחה שטשאַווינסקי, האָבן מיר גענאָסן פון זייער אַ גוטער באַציאונג צו אונדז. דאָס זיינען געווען נאָבעלע מענטשן, אמתע חסידי אומות העולם, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן כדי אונדז צו ראַטעווען פון אומקום און מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אָנפאַנג 1944 האָבן אונדז די בעלי־בתים אָנגעזאָגט, אַז די דייטשן ליידן גרויסע מפלות אויף די פראָנטן און אַז די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אינגיכן וועלן מיר באַפרייט ווערן פון אונדזערע ליידן און פיין. און ענדלעך איז די צייט געקומען.

ליגנדיק אין דער באַהעלטעניש האָבן מיר געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי פון האַרמאַטן. די שיסעריי איז יעדעס מאָל געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און אין איין העלן פרימאָרגן, זיינען אַריין צו אונדז אונדזערע רעטער און האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז די דייטשן אַנטלויפן פון שטאָט אין גרויס פאַניק. אָבער נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, האָבן גענומען די מאַכט אין זייערע הענט די באַנדעראָווצעס. זיי האָבן שטאַרק גערודפט די פאָליאַקן און זיי האָבן צו זיי געשאָסן.

די באַנדעראָווצעס האָבן פאַרנומען די טורמע, אַלע פאָליאַקן האָט דער גלח פאַרנומען אין טורמע.

אונדזערע רעטער זיינען אַריין צו אונדז אין דער באַהעלטעניש און האָבן אונדז געזאָגט אַזוי: „מיר גייען אַוועק ווייל עס וועלן קומען די באַנדעראָווצעס און זיי וועלן אונדז אויסשיסן", מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, ווי אַוועקגיין פון שטוב און זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיטן גלח.

מיין מאַן איז אין דער שטיל אַרויס פון דער גרוב און אַז ער האָט געזען אַז עס איז שטיל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש, ווייל מיר זיינען פאַרבליבן אָן אונדזערע רעטערס און מיר וועלן אויסשטאַרבן פון הונגער. מיר זיינען אַרויס פון דער גרוב, דורכגעגאַנגען דורך דער שטאָט שטילערהייט, אַז קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן. אויפן גאַס האָבן מיר נישט געטראָפן קיין לעבעדיקן נפש, אַלץ איז געווען פאַרברענט. מיר האָבן געזען, אַז מיר האָבן נישט וווּהין צו גיין, זיינען מיר ווידער געגאַנגען צוריק אין אונדזער גרוב.

אונדזער שטוב איז געווען פאַרברענט, די שטאָט איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ביז עס זיינען אָנגעקומען די פאַרטיזאַנער. ערשט ווען די פאַרטיזאַנער האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט, האָבן מיר געקענט אַרויסגיין פון אונדזער גרוב. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט די פאַרטיזאַנער און מיר האָבן זיי דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבענישן בעת דער נאַצישער אָקופאַציע. איך מיט מיין מאַן האָבן נישט געקענט גיין, מיר זיינען שוין געווען אָפּגעוויינט פון שטעלן טריט, פונקט ווי דאָס בלוט אין די פיס איז פאַרגליווערט געוואָרן.

מען האָט מיך צוגענומען אין שטאָטישן שפיטאָל און מיין מאַן האָבן זיי אַוועקגעלייגט אויף אַ פור און מען האָט אים אַוועקגעפירט אין מיליטער אַ קראַנקן און צעבראָכענעם מענטש.

ביסלעכווייז זיינען מיר געקומען צו די כוחות. איך בין פאַרבליבן אין שפיטאָל. די דירעקטאָרין פון שפיטאָל איז געווען מיינע אַ חברטע, נינאַ סאַכאַלאַשווילי, אַ גרוזינקע, איך האָב צוזאַמען מיט איר פאַרענדיקט די מיטל־שול. זי האָט מיר געבראַכט אַ קליידל און האָט מיך איבערגעלאָזט אַרבעטן ביי איר אין שפיטאָל. נאָך דער באַפרייונג האָבן זיך אין

אָסטראָה צונויפגעקליבן אַ הייפעלע אָפּגעראַטע־וועטע יידן, אַלע האָבן פאַרלוירן זייערע משפחות. אין דער צייט איז פאָרגעקומען די רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן. שפּעטער איז געקומען מיין מאַן פון מי־ליטער און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג. דאָרט איז געוועזן מיין ברודער זיאַמע, וואָס איז גע־קומען פון רוסלאַנד. שפּעטער האָט מען אים אַרעס־טירט אונטער דער באַשולדיקונג אַז ער האָט אָרגאַ־ניזירט אַ ציוניסטישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אויפן לעמבערגער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט שטודירט און מען האָט אים פאַרשיקט אין אַ לאַ־גער אין קאָמי א.ס.ס.ר ווו ער איז געזעסן ביז 1956, ווען ער איז באַפרייט געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער אַמנעסטיע נאָך סטאַלינס טויט. אין דעם זעלבן יאָר איז ער געקומען קיין פּוילן און אין סעפּטעמ־בער 1956 איז ער אָנגעקומען אין לאַנד. אויך דער צווייטער ברודער איז געקומען פון רוסלאַנד קיין פּוילן און איז שפּעטער אָנגעקומען אין לאַנד מיט דער שיף „אַלטאַלענאַ”.

איך מיט מיין מאַן זיינען פון לעמבערג אַנטלאָפן קיין פּוילן אין 1956, ווייל אונדז האָט געדראָט אַז מען וועט אונדז אַרעסטירן, ווייל מיינער אַ ברודער איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נער. ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּוילן האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אונדזערע רעטער, די משפּחה שטשאַווינסקי, וואָס איז אויך אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן, אָבער אונדז איז נישט געלונגען צו געפינען זייער אַדרעס און מיר האָבן פאַרלוירן זייערע שפּורן.

איך וויל באַמערקן, אַז נאָך דעם ווי די רוסן זיי־נען אָנגעקומען קיין אָסטראָה, האָבן זיי אַרעסטירט דעם עלטערן זון פון דער משפּחה שטשאַווינסקי אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט געהערט צו דער פּוילישער א.ק. איך בין גלייך אַוועק אין דער נ.ק.וו.ד. און האָב זיי דערציילט, אַז ער און זיין משפּחה האָבן אונדז געראַטעוועט פון טויט, איינ־שטעלנדיק זייער לעבן אין סכנה. מיינע דערקלע־רונגען האָבן געהאָלפן און די נ.ק.וו.ד. האָט אים באַפרייט.

דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע סאַטיס־פאַקציע, וואָס מיר האָבן געקענט טאָן פאַר אונ־דזערע רעטער און אָפּצודאַנקען זיי פאַר דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר אונדז און אַ דאַנק זיי זיינען מיר געבליבן לעבן.

לעצטנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז איינער פון שטשאַווינסקיס זין געפינט זיך אין דייטשלאַנד און מיר באַמיען זיך אָנצובינדן מיט אים קאָנטאַקטן און מיר מאַכן אויך באַמיונגען אַז דער יד־ושם זאָל אָנערקענען די משפּחה שטשאַווינסקי אַלס חסידי אומות העולם.



**קבוצת נשים מאוסטראה בכנס של שארית הפליטה במינכן אחרי מלחמת העולם השניה**

**שורה למטה: סוניה ולדמן, בתיה ניסנגולץ־שטירנברג, פרומה נפחן־זייגרסון, דבורה זייגרסון־גריינימס, אשתו של סיומה ראשטיק, ברוניה ולדמן, דוציה רוסליבקר, פייגלמן, מינדל טייטלבוים — קופייקי, דורה באנד־סורוקה.**

שמואל קליפּאַץ'

# אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע אין אָסטראַה

אַ פּאָר חדשים פאַרן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. פון אָסטראַה בין איך געשיקט געוואָרן אין אַ מיליטערישער טייל, וואָס האָט זיך געפונען אויף מאַנעווערס ביי דער גרענעץ. מיר האָבן געפילט אַ גרויסע שפּאַנונג אויף דער גרענעץ, אָבער קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה.

זונטיק פאַרטאָג, דעם 22־טן יוני 1941, האָבן די דייטשן אויפגעעפנט אַ שטאַרקע שיסעריי אויף אונדז, באַגלייט מיט שווערע באָמבאַרדירונגען. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אָפּצוטרעטן. די דייטשן האָבן פאָרסירט פאָרויס און ביי אונדז איז געווען אַ גרויסע פּאַניק. אויף אונדזער פראָנט־אָפּשניט איז געווען אַ גרויסער כאַאָס, די אַרמיי איז זיך צעפאַלן.

איך האָב געזען, אַז איך קען אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, בין איך אַוועק צופוס פון וולאַדימיר־וואָלינסק אַהיים קיין אָסטראַה. ווען איך בין אָנגעקומען אין שטאָט, איז דאָס פּונקט געווען פאַר דער ערשטער אַקציע. איך בין אָנגעקומען אין אָוונט און פאַרטאָג האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע איינוווינער פון דער שטאָט און מען האָט צוזאַמענגענומען אַלעמען אויף אַ פּלאַץ הינטערן וואַלד. אַרום און אַרום זיינען געווען אויסגעשטעלט קוילנוואַרפערס און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן סעגרעגירן די יידן: די אַרבעטס־פעאיקע באַזונדער און די נישט אַרבעטס־פעאיקע באַזונדער. איין טייל האָט מען אַוועקגעפירט צוריק אין שטאָט אַריין און די צווייטע טייל איז געבליבן אויפן אָרט. דאָרט זיינען שוין געווען פאַרטיק אויסגעגראָבענע גריבער און אויפן אָרט האָט מען אויסגעשאָסן אַ 2000 יידן.

נאָך דער אַקציע האָט מען די איבערגעבליבענע יידן צעטיילט ווו יעדער איינער דאַרף אַרבעטן. מיך האָט מען געשיקט אַרבעטן אין דער שטאָטישער עלעקטראָווניע. דער דירעקטאָר פון דער עלעקטראָווניע איז געווען אַ פּאָליאַק שטשאַווינסקי. ער איז געווען אַ גאַנץ אָנשטענדיקער מענטש, אַ ליבעראַלער קריסט און צווישן אונדז האָבן זיך געשאַפן גאַנץ גוטע באַציאונגען. ער האָט געוווינט הינטער דער שטאָט. היות ווי איך בין פון פאַך אַ סטאָלער, האָט ער מיך געבעטן איך זאָל מאַכן פאַר אים אייניקע אַרבעט.

איך האָב געטראָגן אַ געלע לאַטע ווי אַלע יידן. אין יענער צייט האָבן די יידן זיך נאָך געקענט באַוועגן אין שטאָט, היות ווי דאָס איז נאָך געווען פאַר דער אַנטשטייונג פון געטאָ אין אָסטראַה.

ווען איך בין געקומען צו שטשאַווינסקין אין שטוב, האָט מיך זיין פרוי זייער גוט אויפגענומען. זי אַליין איז געוועזן אַ רוסישע, אַ גוטהאַרציקע, נישט קיין אַנטיסעמיטקע. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט, זי האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס מיר ליידן אַזוי פון די דייטשן. זי האָט מיר געזאָגט, אַז די צייטן פאַר יידן איז איצט זייער אַ שווערע און מען קען נישט וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. אַזוי אַז אויב עס וועט זיך שאַפן אַ שווערע סיטואַציע פאַר יידן, זאָל איך קומען צו זיי אין שטוב און זי וועט אונדז ראַטעווען.

איך האָב וועגן דעם דערציילט מיין פרוי סימאַ און מיר האָבן געהאַפט, אַז די משפּחה שטשאַווינ־

סקי וועט אונדז אפשר אַרויסהעלפן אין אַן עת־צרה. די גאַנצע צייט האָב איך געאַרבעט אין דער עלעקטראָווניע אַלס סטאָלער. מיר האָבן געליטן הונגער, אָבער מ׳האָט זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. די גויים זיינען געשטאַנען הינטער די פּלויטן און האָבן אין געהיים פאַרקויפט שפּייז־אַרטיקלען.

שפּעטער האָט מען אַריינגעטריבן אַלע יידן אין אַ געטאָ. די קריסטלעכע איינוווינער האָט מען אַרויסגעטריבן פון זייער ראַיאָן און אין זייערע שלעכטע הייזער האָט מען אַריינגעטריבן די יידן. אַרום און אַרום געטאָ האָט מען פאַרצוימט מיט אַ פּלויט און די געטאָ האָבן געהיט פּאָליציאַנטן פון דרויסן.

אַלעמען האָט מען געטריבן אויף אַרבעט. אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן מענער און פרויען. יעדן פרימאָרגן האָט מען געפירט צו דער אַרבעט אין שטאָט. די יידן האָבן געאַרבעט ביי די סאַמע שווערסטע פיזישע אַרבעטן, מען האָט צוזאַמענגעלייגט שטיינער, פאַנאַנדערגענומען צעשטערטע הייזער און געאַרבעט האָט מען אונטער אַ וואַך.

איך פלעג גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט אין עלעקטראָווניע און געאַרבעט ביי מיין פאַך אַלס סטאָלער. קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט קיין אילוזיעס וואָס די דייטשן קענען טאָן מיט די יידן. מיר האָבן געוווסט, אַז נאָך איין אַקציע וועט קומען אַ צווייטע און דער סוף וועט זיין פולשטענדיקע פאַרניכטונג. אָבער וואָס האָט מען געקענט טאָן? קיין רעטונג איז נישט געווען. מיר האָבן געלעבט מיטן איצטיקן טאָג און געוואַרט אויף ניסים.

אָבער יידן זענען נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. אייניקע יוגנטלעכע זיינען אַנטלאָפן אין וואַלד, אייניקע האָבן גענומען מאַכן באַהעלטענישן אין די הייזער כדי זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַן עת־צרה, ווען עס וועט זיין אַן אַקציע.

די אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן וואָס האָבן באַוואַכט די געטאָ האָבן געוואַרט אויף דער געלעגנהייט, ווען זיי וועלן באַקומען דעם סיגנאַל, ווען זיי וועלן נעמען אויסהרגענען די יידן. אָבער דערווייל האָבן זיי געראַבירט, געשלאָגן און זיך איזדעקעוועט איבער די אומגליקלעכע יידן אין געטאָ. זיי האָבן צוגענומען אַלץ וואָס עס פלעגט זיי געפעלן ווערן און בעת זיי פלעגן זוכן ווערטפולע חפצים און גאָלדזאַכן, וואָס זיי האָבן געמיינט אַז די יידן באַהאַלטן אויס, האָבן זיי אויך געפונען די באַהעלטענישן. די אוקראַיִנער האָבן די באַהעלטעניש גלייך צעשטערט און דערביי געשלאָגן מכות רצח.

אַמערסטען האָט געווילדעוועט דער סאַדיסט פּעטראָוו. ער האָט נישט געקאָנט רוען ווען ער האָט נישט געהרגעט קיין ייד. דאָס איז געווען אַ בלוט־דורשטיקער מערדער. פאַר די פּוילישע צייטן איז ער געווען דער פורמאַן פון מאַגיסטראַט, ער פלעגט פירן דעם בירגערמייסטער. אויף זיין געוויסן האָט ער געהאַט נישט איין דערהרגעטן ייד. נאָך דער מלחמה איז ער אַנטלאָפן צוזאַמען מיט טקאַטשענקאָ, דעם קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי אין אָסטראַה.

אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז דער דריטער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1942.

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס מען האָט פּלוצעם קיינעם נישט אַרויסגעלאָזן פון געטאָ. די וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, האָט מען נישט געפירט צו דער אַרבעט. אַלע זיינען פאַרבליבן אין געטאָ. דאָס האַרץ האָט אָנגעזאָגט, אַז עפּעס דאַרף פאָרקומען, אָבער וואָס האָט קיינער נישט געוווסט.

פון אַלע זייטן געטאָ איז געווען אַ פאַרשטאַרקטע וואַך פון דייטשן און אוקראַיִנישער פּאָליציי גרייט צו געבן אַ טויט־קלאַפּ די יידן אין געטאָ. יידן וואָס האָבן געהאַט צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש האָבן זיך גענומען אויסבאַהאַלטן. די דייטשן האָבן פּלוצלינג באַפוילן, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אויף אַ פּלאַץ, אָבער ביז אַלע יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, האָבן די דייטשן און אוקראַיִנער שוין גענומען שיסן. אייניקע האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן, אָבער מ׳האָט זיי דערשאָסן לויפנדיק אויפן וועג.

בעת ס׳איז פאָרגעקומען די דריטע אַקציע, בין איך שוין נישט געווען אין געטאָ. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין א באַהעלטעניש אונטער דער ערד. ביינאכט האָב איך גענומען מיין פרוי און מיר זיינען אַוועק צו שטשאַווינסקין. דאָרט ביי אים אין

שטאַל איז געווען היי, זיינען מיר אַריינגעקראָכן אין די היי. אָפּליגנדיק אַ שטיקל צייט אין די היי, האָב איך איבערגעלאָזט מיין פרוי און איך בין אַריין צו שטשאַווינסקין אין שטוב און איך האָב דערציילט זיין פרוי, אַז מען הרגעט אויס אַלע יידן אין געטאָ און איך האָב געבעטן אַז זי זאָל אונדז ראַטעווען. איך האָב איר דערמאָנט איר צוזאָג, אַז זי וועט גרייט זיין אונדז צו ראַטעווען אויב די דייטשן וועלן נעמען אומברענגען די יידן אין אָסטראָה.

די פרוי שטשאַווינסקי איז געווען זייער גערירט פון מיין שלעכטער בשורה, איך האָב באַמערקט טרערן אין אירע אויגן. איך האָב גלייך געזען, אַז זי וועט איר צוזאָג מקיים זיין. זי האָט גלייך צוגעגרייט עסן און גלייך האָט זי באַשלאָסן, אַז מען דאַרף בויען אַ באַהעלטעניש. דער פּאַסיקסטער פּלאַץ איז געווען אונטערן אויוון ווו מען באַקט ברויט. דער אַריינגאַנג אין דער באַהעלטעניש דאַרף זיין ווו די בהמות עסן, ווייל דאָרט איז דאָ פיל היי און שטרוי.

מיר זיינען גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. איך האָב געגראָבן און די פרוי שטשאַווינסקי האָט געטראָגן די ערד און עס צעשאָטן אַזוי, אַז מען זאָל נישט דערקענען, אַז מען גראָבט דאָ אַ בונקער. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געטראָגן די ערד ביז פאַרטאָג ווען די באַהעלטעניש איז שוין געווען פאַרטיק. זי האָט אונדז געגעבן ברעטער כדי מיר זאָלן מאַכן אַ פּריטשע אויף וועלכער מיר זאָלן קענען ליגן. אָבער דער געלעגער איז געווען קורץ פאַר מיר, האָב איך אַרויסגענומען שטיינער פון אויוון און דאָרט האָב איך געהאַלטן מיינע פיס. אָבער ליגנדיק האָב איך געפילט אַז מיין בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די פיס פון נישט באַוועגן זיך.

די פרוי שטשאַווינסקי פלעגט אונדז ברענגען עסן יעדן טאָג, ווען זי פלעגט גיין געבן עסן די בהמות. די באַהעלטעניש איז געווען זייער גוט פאַרמאַסקירט און אַ זייטיקער מענטש האָט איר נישט געקאָנט באַמערקן. דערווייל מוז איך באַטאָנען אַז דער בעל־הבית אַליין שטשאַווינסקי האָט וועגן אונדזער באַהעלטעניש נישט געוווּסט. זיין פרוי האָט דאָס געטאָן אויף איר אייגענער אחריות. אויך אירע קליינע קינדער האָבן נישט געוווּסט וועגן אונדז, נאָר אירע עלטערע זין האָבן געוווּסט און האָבן געשוויגן און קיינעם נישט דערציילט. ווען די פרוי שטשאַווינסקי פלעגט קראַנק ווערן, פלעגט אונדז ברענגען עסן איינער פון אירע עלטערע זין. זיי האָבן זיך שטענדיק אינטערעסירט ווי אַזוי מיר קומען אויס אין דער באַהעלטעניש, וואָס אונדז פעלט און מיט וואָס זיי קענען אונדז העלפן.

מיר פלעגן זיך וואַשן בלויז צוויי מאָל אין יאָר: אויף ניי־יאָר און אויף פּסח. זי פלעגט אונדז ברענגען וואַרעמע וואַסער און מיר פלעגן זיך אַרומוואַשן.

ביי איר אין שטוב איז געווען אַ דינסט, אַן אוקראַאינקע, אַ גרויסע אַנטיסעמיטקע און זי האָט געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט די באַנדעראָווצעס און פאַר איר האָבן מיר זיך אַלע געדאַרפט זייער שטאַרק היטן. ווען די פרוי שטשאַווינסקי האָט אונדז געדאַרפט אַריינטראָגן וואַרעמע וואַסער כדי מיר זאָלן זיך אַרומוואַשן, פלעגט זי אַוועקשיקן איר דינסט אויף זייער יום־טוב און דאַן האָבן מיר זיך געקענט אָן מורא וואַשן.

עסן פלעגן מיר באַקומען 3 מאָל אין טאָג. מיר האָבן געגעסן דאָס וואָס די משפּחה שטשאַווינסקי האָט געגעסן, אָן קיין שום אויסנאָם. זי האָט דאָס אַלץ געטאָן מיט גרויס ליבשאַפט, וויסנדיק אַז זי שטעלט איין איר לעבן און דאָס לעבן פון איר משפּחה אין סכנה, אָבער זי איז געווען גרייט אויף אַלץ, כדי אונדז צו ראַטעווען פון אומקום.

נישט איינמאָל פלעגן אַריינקומען צו איר אין שטוב דייטשן און אוקראַאינער. שטשאַווינסקי אַליין איז געווען אַ גוטער מעכאַניקער, פלעגן קומען צו אים דייטשן, ער זאָל צורעכט מאַכן אַ שרייב־מאַשינקע, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אַז ביי זיי באַהאַלטן זיך אויס צוויי יידן.

אַזוי האָבן מיר זיך געפונען אין דער באַהעלטעניש ביז די באַנדעראָווצעס זיינען געקומען. אין יענער צייט האָבן די באַנדעראָווצעס אויך געהרגעט פּאָליאַקן און בכדי זיך צו ראַטעווען, האָבן זיי געמוזט אַנטלויפן פון שטוב אין וואַלד. אַזוי זיינען מיר געבליבן אַ גאַנצע וואָר אָן עסן. ביינאַכט פלעג

איך אַרויסגיין אומבאַמערקטערהייט פון דער באַהעלטעניש און גיין צונויפקלייבן קוקורוזע, וואָס זיינען וואָס אַן אמת געווען אויסגעטריקנטע, אָבער פונדעסטוועגן האָבן מיר עס געהאַלטן אין מויל און מיט דעם זיך געקוויקט, אַנדערש וואָלטן מיר אויסגעגאַנגען פון הונגער.

איך האָב זייער געליטן אויף די פיס. פון נישט קענען באַוועגן זיך, האָב איך נישט געקענט רירן מיינע פיס. די גאַנצע צייט זיינען מיר געלעגן אָן קיין שום באַוועגונג.

ווען ס'איז פאַרגעקומען די באַפרייונג און די סאָוועטן זיינען אַריין קיין אָסטראָהּ, אין פעברואַר 1944, האָבן מיר לאַנג אין שטאָט נישט געקענט פאַרבלייבן. מען האָט מיך גלייך מאָביליזירט אין סאָוועטישן מיליטער און היות ווי איך האָב שוין אַמאָל געדינט אין מיליטער, האָט מען מיך לאַנג נישט געהאַלטן אויף איבונגען און מען האָט מיך אָוועקגעשיקט אויפן דריטן ווייסרוסישן פראָנט אין מזרח־פּרייסן. אין איינע פון די קאַמפן בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן. איך האָב געדינט אין אַרטילעריע, ביז איך האָב זיך דעמאָביליזירט סוף 1945 פון דער אַרמיי. פאַר דעם האָט מען מיך געשיקט אויף דער גרענעץ פון יאַפּאַן. דאָרטן זיינען מיר געשטאַנען ביז די מלחמה מיט יאַפּאַן האָט זיך געענדיקט.

נאָכן באַפרייען זיך פון מיליטער, בין איך געקומען צוריק קיין אָסטראָהּ, דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1945. איך בין לאַנג נישט פאַרבליבן אין שטאָט און איך מיט מיין פרוי סימאַ זיינען מיר אָוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, אָבער אין לעמבערג האָבן מיר מורא געהאַט צו זיין, ווייל די נ.ק.וו.ד האָט אַרעסטירט מיין פרויס ברודער פאַר אַנטי־סאָוועטישער טעטיקייט. עס האָט געדראָט אַ סכנה, אַז אויך אונדז זאָל מען אַרעסטירן, דעריבער האָט איר ברודער, וואָס איז געווען טעטיק אין דער „בריחה" געטאָן אַלץ, אַז מיר זאָלן וואָס שנעלער פאַרלאָזן רוסלאַנד. מיר זיינען געווען אַ שטיקל צייט אין פוילן, אין גליוויץ און אין יאָר 1956 זיינען מיר אָנגעקומען אין לאַנד.

זייענדיק אין פוילן האָבן מיר געפּרוּווט אויפזוכן די משפחה שטשאַווינסקי — אונדזערע רעטער, אָבער אָן דערפאָלג. מיר האָבן זיי געזוכט אין פוילן אין פאַרשיידענע ערטער, אָבער אונדז איז נישט געלונגען צו געפינען זייערע שפּורן.

אונדזער מענטשלעכער חוב איז געווען זיי צו געפינען און אָפּדאַנקען וואָס זיי האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און אונדז געראַטעוועט פון אומקום. דאָס זיינען אמתע חסידי אומות העולם, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן מענטשלעכקייט אין אַ צייט, ווען אַלץ אַרום איז געווען שוואַרץ און פאַרדאַרבן און יידיש לעבן איז געווען הפקר, זיי האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונדזער לעבן.

לעצטנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז איינער פון די עלטערע זין שטשאַווינסקיס געפינט זיך אין דייטשלאַנד און מיר האָפן אים צו געפינען און אָנבינדן מיט אים אַ קאָנטאַקט. אונדזער יידישער און מענטשלעכער חוב איז, אַז דער יד ושם זאָל זיי אָנערקענען אַלס חסידי אומות העולם און אונדזער האָפענונג און טרוים איז צו קענען זיי אָפּדאַנקען פאַר אַלעם גוטס וואָס די דאָזיקע נאָבעלע משפחה האָט געטאָן פאַר אונדז און אויסגעשטרעקט אַ מענטשלעך האַנט, געראַטעוועט פון טויט, נישט האָבנדיק פאַר דעם קיין שום מאַטעריעלע סאַטיספאַקציע.

בעטי אייזענשטיין־קשב

# די יידן אין וואָלין 1941 - 1944 *

## הקדמה

די דאָזיקע אַרבעט איז באַזירט כמעט הויפּטזאַכלעך אויף די דערקלערונגען פון עדות, פון יידן וואָס האָבן אליין מיטגעמאַכט די אַלע ניין און פערציק אָפּטיילונגען פון דייטש־אוקראַינישן גיהנום אין וואָלין. און דאָ דאַרף געזאָגט ווערן: אויך די דערקלערונגען פון אונדזערע אייגענע עדות גיבן נישט קיין קאָמפּלעט בילד פון דעם לעבן און אומקום פון די יידן אין דער היטלעריסטישער תקופה. וואָס מער צייט עס גייט אַוועק, אַלץ מער ווערן וויכטיקע פּרטים פאַרגעסן, פליען אַרויס פון זכרון. אָבער, אפילו אין דער צייט פון די געשעענישן גופא, האָבן נישט אַלע יידן פון אַ געטאָ געוווּסט, געקענט וויסן וועגן אַלע געשעענישן.

אייניקע ביישפּילן:

איך האָב אַליין געזען, ווי די דייטשן האָבן פאַרברענט די ספרי־תורה פון דער שול אויף טאַטאַרסקע־גאַס אין אָסטראַה. שפּעטער, אין אַ געניוג לאַנגער צייט אַרום, האָב איך וועגן דעם אויסגעפרעגט אָסטראָהער יידן, אָדער מענטשן וואָס זיינען צו יענער צייט געווען אין אָסטראָה. פון זעקס פּערזאָן, וועלכע איך האָב אויסגעפרעגט, האָבן בלויז דריי געוווּסט וועגן דער דאָזיקער טאַט, די אַנדערע דריי האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן איר. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז זיי האָבן וועגן דער זאַך קיינמאָל נישט געוווּסט, אַפילו נישט ווען זי איז פאָרגעקומען. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז זיי האָבן געוווּסט און האָבן שפּעטער פאַרגעסן.

אין דובנע האָט מען בשעת דער אקציע פון „יודען־ריין” געלאָזן 35 ספּעציאַליסטן. באַלד דערנאָך, אין פאַרלויף פון די נאָענטסטע 2 וואָכן, האָט מען פאַרניכטעט פינף און צוואַנציק. פון די געלאָזענע צען זיינען דריי אַנטלאָפן און די געבליבענע זיבן זיינען אויף צומאָרגנס נאָכן אַנטלויפן אומגעקומען. פון די דריי אַנטלאָפענע זיינען צוויי געבליבן לעבן. און בלויז די דאָזיקע צוויי האָבן געוווּסט אַלץ וואָס איז נוגע דעם גורל פון די ספּעציאַליסטן. די אַנדערע יידן, וואָס זיינען געבליבן לעבן, ווייל זיי זיינען אַנטלאָפן פון דובנע ביים אָנהויב פון דער אַקציע, האָבן געקענט גאָר נישט וויסן וועגן דעם, אַז אין אָנהויב האָט מען געלאָזן פינף און דרייסיק ספּעציאַליסטן, אַז מען האָט שפּעטער דערהרגעט דעם רוב און געלאָזן בלויז צען.

אין קאָוועל איז אויפן אומקום־פּלאַץ פאָרגעקומען אַן אינצידענט, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו אַן אַקט פון אַ געוויסן ווידערשטאַנד, אָבער פון קאָוועלער אומקום־פּלאַץ איז קיינער נישט ניצול געוואָרן אַחוץ איין עדות, און דער דאָזיקער אַקט וואָלט געבליבן אַבסאָלוט אומבאַקאַנט, ווען נישט שעיה פּאָטשאַר, וועלכער האָט גענייט מלבושים פאַר דעם געביטס־קאָמיסאַר — מאַנטאַל.

היות ווי מאַנטאַל האָט נאָך געהאַט אין דער אַרבעט ביי דעם יידישן שניידער פּאָטשאַר אייניקע מלבושים, האָט ער פּערזענלעך אַרויסגעפירט שעיה פּאָטשאַרן פון פּלאַץ, נאָך דעם ווי דער דערמאָנטער

* פון נאָענטן עבר, ניו־יאָרק 1957 (אויסצוגן פון אַ גרעסערער אַרבעט).

אינצידענט איז פאַרגעקומען. פּאַטשאַר איז געזעסן ביים קאָמיסאַר אין אַ פאַרמאַכטן צימער און האָט דאָרט גענייט פאַרן קאָמיסאַר ביז פעברואַר 1943. דעמאָלט ווען ער האָט שוין געוווסט, אַז די אַרבעט ענדיקט זיך, אַז זיין סוף דערנענטערט זיך, איז ער גליקלעך, און אין דער ריכטיקער צייט, אַנטלאָפן...

פון ראָוונע האָבן זיך אין דער צייט פון דער אַקציע, אין אויגוסט 1942, געטראָגן קלאַנגען, אַזוי אויך איבער אַ ריי שטעט און שטעטלעך אין דער סביבה, אַז אין ערשטן טאָג פון דער אַקציע האָט מען פון אַ שטאָק אין געטאָ אַראָפּגעוואָרפן אויף די דייטשן און אוקראַאינער גראַנאַטן און מען האָט זיי געשאָסן.

די קלאַנגען זיינען געקומען פון ראָוונער קריסטן, און לויט די דאָזיקע קלאַנגען זיינען פון די יידישע הענט אומגעקומען איין דייטש און צוויי אוקראַאינער־מיליציאָנערן. אייניקע דייטשן אָדער אוקראַאינער זיינען געוואָרן פאַרוואונדעט. יידן, עדות פון דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד־אַקט, זיינען נישט געבליבן. קיין ייד וואָס איז ניצול געוואָרן פון ראָוונע, קען וועגן דעם דערמאָנטן אַקט נישט וויסן.

אויב אַ ייד האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען פון געטאָ, האָט ער געקענט טראַכטן נאָר וועגן זיין אַנטלויפן, וועגן זיין אייגענער רעטונג. ער האָט גאָר נישט געהאַט די מעגלעכקייט נישט פסיכיש און נישט טעכניש, זיך צוצוקוקן צום אַרום. היות עס זיינען אָבער נישטאָ קיין עדות פון דעם אַקט, קען מען פאַרשטייט זיך גאָרנישט וויסן וועגן די הכנות צו אים, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער שטרענגער קאָנספּיראַציע.

ווער קען, בכן, וויסן וועגן די אַלע פאַרבערייטונגען, שוועריקייטן, אַקטן פון קליינעם ווידערשטאַנד, וואָס זיינען פאָרגעקומען און עס זיינען פון זיי נישט געבליבן קיין שום עדות?!

איך, ווי יעדער געראַטעוועטער ייד פון דעם לעצטן חורבן, האָב אין אָנהויב, נאָך דער רעטונג, פאַרבונדן מיין לעבן בלייבן מיט דער פליכט אויסצופילן די מיסיע פון דערציילן. אין האָב אָנגעהויבן פון שרייבן די געשיכטע פון מיין שטאָט אָסטראָה. אין 1945—1946 האָב איך אָנגעהויבן, אין אויפטראַג פון דער יידישער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן, צו זאַמלען מאַטעריאַלן, גביית־עדות, וועגן ווידערשטאַנד־אַקטן מצד יידן אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זיינען שפּעטער דערשינען אין אַ בוך אויף פוילישער שפּראַך אונטערן נאָמען „די אונטערערדישע באַוועגונג אין די געטאָס און אין לאַגערן".
מאַטעריאַלן צו דער אַרבעט, וואָס איז יעצט אין דעם לייענערס האַנט, האָב איך אָנגעהויבן צו זאַמלען נאָך אין 1946 אין פוילן. איך האָב די אַרבעט פאַרגעזעצט אין דייטשלאַנד אין די יאָרן 1947—1948 און האָב זי פאַרענדיקט שוין אין מדינת ישראל אין פאַרלויף פון יאָר 1949 ביז צום איבערגעבן מיין אַרבעט צום דרוק.

ווען איך בין צוגעטרעטן צו באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן, און דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען פאַר דעם רוב געראַטעוועטע פון דעם גרויסן שטורעם, איז זייער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ אין דער קאַטאַסטראָפע שוין געווען אַ האַלב־פאַרגעסענע און האַלב־פאַרלאָשענע זאַך, האָב איך ווידער אַ מאָל פון דאָס ניי איבערגעלעבט דאָס איבערגעלעבטע. קעגן מיין איינגענעם ווילן בין איך איבערגעטראָגן געוואָרן צוריק אין יענע צייטן, איך האָב זיך פאַראייניקט מיט די, וואָס זיינען שוין מער נישטאָ — איך האָב זיך פאַראייניקט אין דעם גרויזאַמען ווייטיק, אין דעם אומגעהויערן צער, פאַר וועלכן עס זיינען נאָך נישט געבוירן געוואָרן קיין ווערטער.

אָפט האָבן מיר בשעת דעם שרייבן און באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן אַרומגענומען ציטערן. זייער שווער איז עס געווען צו גראָבן זיך אין די זכרונות, צו באַשרייבן מיט פשוטע, טאָג־טעגלעכע מענטשלעכע ווערטער זאַכן, וואָס זיינען אַזוי כלל נישט פשוט, אַזוי נישט טאָג־טעגלעך.

טייל מאָל איז עס פאַר מיר פאָרגעקומען ווי אַ פראַפאַנאַציע צו וועגן, מעסטן, אָפּשאַצן, רואיק באַטראַכטן, קריטיקירן, שרייבן וועגן תהומותדיקע ליידן פון הונדערטער און טויזנטער וועלטן, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן חרוב געוואָרן. איך האָב זיך נישט איין מאָל געשטעלט די פראַגע: צי איז עס נישט קיין חוצפה, אַז אַ פשוטער בשר־ודם זאָל

זיך וואָגן צו מאָלן, צו באַשרייבן די קאָשמאַרן, דעם ווייַ, דעם ציטער פון אַ מענטש, וואָס איז פאַראור־טיילט געוואָרן צום אונטערגאַנג, פון הערצער, וואָס קוקן דורך אויגן אויסגעזעצטע פון שרעק צו זייער אייגענעם אומקום. צי דאַרפן נישט די הימלען אַראָפּשיקן אַ מעכטיקן מאַן, אַ נביא, אַ טרייסטער, וואָס זאָל זיין ביכולת צו געבן אַן אויסדרוק פאַר דעם תהומותדיקן ווייַ, דעם אומגעהויערן צער.

נישט איינמאָל האָב איך מיך שטאַרק און לאַנג פאַרטראַכט און געהאַט ספקות. אָבער ווען איך האָב אויפן וואָגשאָל געלייגט די שרעק פאַר מיין חוצפּה און אויף דער אַנדערער וואָגשאָל די אַבסאָלוט זיכערע מעגלעכקייט פון פאַרדרייען און פאַרטושן, פעלשן די געשיכטע פון אונדזער לעצטן חורבן, דאָס אויסקרימען דעם מענטשלעכן פּנים פון אונדזערע נאָענטסטע — אַ זאַך, וואָס איז אפשר נאָך ערגער ווי דאָס דערמאָרדן זיי — האָב איך פונדעסטוועגן דאָך באַשלאָסן מיין דאָזיקע אַרבעט צו דערפירן ביז צו אַ סוף. דער דאָזיקער באַשלוס איז אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן צו אַן אַבסאָלוטער נויטווענ־דיקייט, צו אַ מאָראַלישער פליכט, נאָך מיין געש־פּרעך מיט די אוקראַאינער אין אַ באַן־וואַגאָן אין דייטשלאַנד.

איך האַלט מיין דאָזיקע אַרבעט און אַזוי בעט איך זי באַטראַכטן פון יעדן לייענער, ווי אַ באַשיי־דענעם צושטייער צו דעם מאָנומענטאַלן ווערק וועגן אונדזער גרויסער טראַגעדיע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס וועט, וואָס מוז, פריער אָדער שפּעטער אַנטשטיין.

## דער אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשישער מלחמה

דעם 22־סטן יוני 1941 איז אויסגעבראָכן די רוסיש־דייטשישע מלחמה. גלייך אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־עוואַקואַציע פון די סאָוועטישע אַמטן, די מיליץ און אַלע מזרח־מענטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען וועלכע ס׳איז, אַמטן. אין וואָלין זיינען געווען — אין קעגנ־זאַץ צו אַנדערע ניי־באַזעצטע געביטן דורך די סאָוועטן — מעגלעכקייטן צו עוואַקואירן אויך די ציווילע באַפעלקערונג. אין די באַנען וואָס זיינען געגאַנגען אויף מזרח, האָט מען געגומען יעדן איי־נעם וואָס האָט זיך נאָר געמעלדעט. די גרענעצן זיינען ברייט צעעפנט געוואָרן פאַר אַלע. מען האָט געקאָנט זיך באַוועגן מיט דער הילף פון אַלע לאָקאָמאָציע־מיטלען.

ווער האָט זיך עוואַקואירט אַהוץ די סאָוועטישע מענטשן? די אוקראַאינער און פּאָליאַקן האָבן זיך נאַטירלעך נישט גערירט פון זייערע ערטער. פאַר זיי איז אָנגעקומען די געהאָפטע שעה. און מיט יידן? עס זיינען געלאָפן, אין דער ערשטער ריי מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגאַזשירט אין פּאָליטישער אַרבעט ביי די סאָוועטן, וואָס האָבן געדינט אין דער מיליץ און וואָס האָבן זיך באַוויזן איינצוהאַנדלען פּערזענלעכע שונאים ביי דער נישט־יידישער באַ־פעלקערונג און האָבן געהאַט געגוגנדיקע סיבות מורא צו האָבן פאַר נקמה. עס איז אויך געלאָפן אַ געוויסער פּראָצענט יונגע מענטשן, אין מיליטער־עלטער — צוליב די פאַרשיידנסטע אויסרעכענונ־גען — טייל מאָל קעגנזעצלעכע איינע צו דער אַנדערער. און עס זיינען אויך געלאָפן פּליטים פון דער דייטשישער זייט, וואָס האָבן געדענקט די דייטשן פון זייער באַזעצן פּוילן און וואָס זיינען שוין איין מאָל פאַר זיי אַנטלאָפן. די מערהייט יידן איז געבליבן אויפן פּלאַץ און דאָס צוליב די פאַר־שיידנסטע סיבות.

יידן האָבן זיך, נאָך אַלעם, נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג וואָס היטלער באַדייט פאַר זיי. אמת טאַקע, מיט צוויי יאָר צוריק האָבן די פּליטים פון דעם לינקן ברעג בוג זיך אָנדערציילט די גרויזאַמסטע זאַכן פון די דייטשן, זייערע שרעקלעכע אַכזריותן לגבי די יידן, אָבער מען האָט זיך איינגערעדט, אַז דאָס שלעכטע איז שוין פאַרביי. זיינען דאָך פיל פּליטים געפאָרן צוריק אין זייערע אַלטע מקומות, צום דייטש. הייסט עס, אַז זיי, וויסנדיק וואָס עס טוט זיך אונטער דער דייטשישער הערשאַפט, האָבן בעסער געוואָלט בלייבן אונטער דער דייטשישער הערשאַפט, האָבן בעסער געוואָלט בלייבן אונטער דעם דייטש, איידער זיך פּלאָגן אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט.

אין פֿאַרלויף פֿון די קאַרגע צוויי יאָר וואָס עס האָט געהערשט די פֿריינדשאַפֿט צווישן די באָלשע־וויקעס און די היטלעריסטן, האָבן די סאָוועטישע צייטונגען נישט דערמאָנט קיין איין שלעכט וואָרט וועגן די דייטשן, נישט געשריבן מכוח די גרויליקע מעשים, וואָס די דייטשן זיינען באַגאַנגען אין פּוילן, טשעכיען, לגבי דער באַפֿעלקערונג בכלל, און לגבי די יידן בפֿרט. זיך עוואַקויִרן האָט באַדייט אַ לעבן פֿון נע־ונד זיין, האָט באַדייט — הונגער און קעלט, אומגליק. אויפֿן נאָרמאַלן זיץ־פּלאַץ האָט יעדער, ווי עס זאָל נישט זיין, געהאַט אַ שטיקל דאַך איבער קאָפּ.

צו דעם אַלעם איז צוגעקומען די אויסרעכענונג, אַז די מלחמה וועט דאָך נישט דויערן אייביק. און מען האָט גערעכנט, אַז אַלס סאָוויעטישער בירגער וועט ער דאָך אויך נאָך דער מלחמה בלייבן איזאָלירט, אַזוי ווי ער איז געווען ביז דער מלחמה, וועט נישט האָבן קיין שום קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד, וועט קיין מאָל נישט האָבן די מעגלעכקייט זיך ארויסצורייסן פֿון זיין גיהנום און קומען אין דער וועלט אַריין; ער וועט האָבן פֿאַר זיך בלויז צוויי צילן און וועגן: בלייבן אַ לעבן־לאַנג, אַ גייסטיקער און פֿיזישער אַרעסטאַנט, אָדער — באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער ביי די דייטשן האָט מען געדרונגען, וועט מען נאָך דער מלחמה האָבן אַ מעגלעכקייט, ווי עס זאָל נישט זיין זיך אַרויסצובאַקומען פֿון זיי און אַוועק אין דער וועלט.

די דאָזיקע אַלע באַטראַכטונגען האָבן גורם געווען דערצו, אַז דער רוב יידן אין וואָלין האָט זיך נישט גערירט פֿון די פּלעצער.

### די אוקראַינער און די יידן

עס איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן די באַנדעראָווצעס פֿון דער אוקראַינישער באַפֿעלקערונג. מעגלעך און אפֿשר אויך וואַרשיינלעך, אַז צווישן די אוקראַינער זיינען געווען אויך נישט באַנדעראָוועצעס, אָבער זייער צאָל איז געווען זייער אַ קליינע און זי איז נישט געווען ביכולת צו ענדערן דאָס אַלגעמיינע בילד.

מען קען זאָגן מיט דער פֿולסטער אָביעקטיווקייט, אַז דאָס אוקראַינישע פֿאָלק איז באַשטאַנען פֿון באַנדעראָוועצעס און זייערע סימפּאַטיקער. אין יעדן פֿאַל, קיין אַקטיווע קעגנער האָבן די באַנדעראָוועצעס נישט געהאַט. די באַנדעראָוועצעס זיינען געווען די טאָן געבער אין גאַנצן אוקראַינישן לעבן, און זעלבס־פֿאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן — אין דער מאָס וואָס דאָס איז בכלל נויטיק געווען צווישן די טראַדיציאָנעל־אַנטיסעמיטישע אוקראַינישע מאַסן — פֿאַרמירט זייער באַציאונג צו די יידן, מיט די באַנדעראָוועצעס, וואָס זיינען געווען פֿריער טעטיק נאָר אין אונטערגרונט, האָבן זיך יידן געטראָפֿן צום ערשטן מאָל ערשט נאָך די ליקווידאַציע־אַקציעס. ביז דער דאָזיקער צייט האָבן יידן אין די געטאָס געזען די אוקראַינער אין דער אַדמיניסטראַציע אין מיליץ, אָדער אין דער מאַסע פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג. דעריבער קענען מיר דעם טערמין „באַנדעראָוועצעס" אין באַציאונג צו יידן באַנוצן ערשט נאָך די אַקציעס פֿון „יודען־ריין".



די קאַרגע צוויי יאָר פֿון דער סאָוועטישער הערשאַפֿט האָט צוגעגאָסן אייל צו דער טראַדיציאָנעלער שנאה, וואָס די אוקראַינער האָבן געפֿילט צו די יידן אין משך פֿון הונדערטער יאָרן, דאָס אידענטיפֿיצירן יידן מיט קאָמוניסטן האָט נישט געהאַט אין זיך קיין עלעמענטן פֿון נייעס.

אַ היפּשע צייט האָבן די יידן און ספּעציעל די וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער באַפֿעלקערונג, געפֿילט, אַז עס טראָגט זיך אַ שרעקלעכע לאַווע, אַ ווולקאַן־מאַסע, וואָס וואַרט אויף דער געלעגנהייט אויסצוברעכן און זייען אַרום זיך טויט און פֿאַרניכטונג. די יידן וואָס האָבן פֿאַרנומען אַרויסגערוקטע פּאָזיציעס אין סאָוועטישע אַמטן, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער באַפֿעלקערונג, ווי למשל, דער פֿינאַנס־אַמט, דער אַמט פֿון צושטעלן תבואה און בהמות — צושטעלונג און די אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס, האָבן זיך גלייך עוואַקויִרט צוגלייך מיט דער סאָוועטישער אַדמיניסטראַציע.

אויב זיי האָבן דאָס נישט געטאָן, זיינען זיי געווען

געצווּונגען זיך אַריבערטראָגן אין אַזוינע ערטער, ווּ מען האָט זיי נישט געקענט, אין קעגנפּאַל זיינען זיי געוואָרן די ערשטע קרבנות. אין די ערשטע טעג האָט מען זיי צוגענומען פון די הייזער און זייט דעמאָלט איז פאַרשווּנדן יעדער צייכן פון זיי. אָבער דער צאָרן פון די אוקראַאינער האָט זיך כּלל נישט באַגרענעצט בלויז אויף די דאָזיקע יידן, און אין די ערשטע טעג פון דעם באַזעצן דאָס לאַנד דורך די דייטשן איז דורך וואַלין אַריבער אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען.

דאָס אוקראַאינישע פאָלק איז געווען איבערפולט מיט שנאה צו די יידן און מיט אַ ווילן אין זיי נקמה צו נעמען. דער גרויער אוקראַאינישער מענטש, דער שכן, דער נעכטיקער מיטאַרבעטער, דער קונה, האָט זיך געענדערט נישט צו דערקענען אים. קיינער האָט זיך נישט מודה געווען אין זיין באַקאַנטשאַפט מיט אַ ייד, שוין אָפּגערעדט, אַז זיי האָבן נישט אָנערקענט קיין פריינדשאַפט. אַפילו די פריינדלעכסטע באַציאונגען, אין וועלכע זיי האָבן ערשט נעכטן פריער געלעבט מיט די יידן, האָבן זיך מיט איין מאָל אויסגעלאָזן.

זיי האָבן צו יידן אַרויסגעוויזן גרויס פאַראַכטונג, זיי האָבן אָפן מאַניפעסטירט זייער העכערקייט דורך נישט וועלן זיי אַפילו באַמערקן, אָפּט האָבן זיי אויף דער גאַס געשלאָגן יידן. אין די ערשטע פּאָר וואָכן, ווען דאָס גיין אויפן מאַרק איז פאַר יידן נאָך נישט געווען פאַרבאָטן, האָט די באַפעלקערונג נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין יידן קיין לעבנס־מיטל — פּראָדוקטן, יידן האָבן דעמאָלט, אין זייער נאַיוויטעט אינטערוועניִרט ביים אוקראַאינישן קלער און ביי די אוקראַאינישע אַמטן, בעטנדיק הילף. מען האָט גערעדט צו די געפילן פון די אוקראַאינישע איינפלוס־רייכע פּערזענלעכקייטן, אַז זיי זאָלן אַנזאָגן זייערע באַקאַנטע און זייערע מיטגלידער פון די רעליגיעזע קרייזן און זייערע גלויביקע, אין די אַמטן און אין צערקוועס, זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף די יידן, ווייל אין קעגנפאַל האָבן מאָטיווירט די יידישע פאַרשטייער און גערעדט צום געוויסן פון די אוקראַאינישע פירער, דראָט די יידן אַ הונגערטויט.

נאָך דער תקופה פון דעם ערשטן פאַרשיכּרן זיך מיט די דעמאָנסטראַציעס, האָט זיך די כוואַליע פון שנאה און פאַראַכטונג צו די יידן אויסערלעך גע־לינדערט. דאָס איז אָבער פאָרגעקומען נישט אונטער דעם איינפלוס פון דעם קלער און פון דער אוקראַאינישער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָבן פשוט אויסגעלאָכט די נאַיוויטעט פון די יידן צו קומען צו זיי מיט אַזעלכע אָנקלאָגעס און מיט בעטן הילף, נאָר אונטערן דרוק פון די געשעענישן, פון דער אַנטוויקלונג פון דער דייטשישער פּאָליטיק.

דער אוקראַאינער האָט אַלץ מער און מער אויפּ־געהערט זיך צו פילן ווי אַ פריץ, ווי דער הער פון דער לאַגע, פאַרקערט, אין דער מאָס ווי ס'האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן וואָס עס זיינען די כוונות פון דעם אמתן הער פון דער סיטואַציע — די דייטשן, האָט זיך דער גרויער אוקראַאינער אָנגעהויבן פילן אַ פאַרשעמטער און אָפּגענאַרטער און האָט אַליין אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן זיין הויך־אויפגעהויבענעם קאָפּ.

די געפילן פון זיין זעלבסט־זיכערקייט און הערשונג האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרלירן גלייך אין די ערשטע טעג, ווען זיי האָבן געזען ווי די דייטשן פייניקן די רוסישע קריגס־געפאַנגענע, ווי מען טרייבט זיי ווי די בהמות, הונגערן זיי אויס, דער־הרגענען אָן קיין שום רחמנות און געוויסנסביסן, אַז קיין שום חשבון. דאָס נישט האַלטן די פאַרזיכע־רונגען מכוח אַ זעלבסטשטענדיקער אוקראַאינע, דאָס אַרעסטירן באַנדעראַן, האָט פאַרענדיקט דעם פּראָ־צעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פריער. אָבער די דאָזיקע ענדערונג, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די אוקראַאינער און די דייטשן, האָט ווייניק־וואָס געענדערט אין דער פּרינציפּיעלער פראַגע און באַציאונג פון די אוק־ראַאינער צו די יידן. זיי האָבן בלויז אויפגעהערט אָפן בקול־רם זיך צו אַפּישירן מיט זייער האַס קעגן די יידן, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין דער ערשטער צייט, ווען זיי האָבן געוואָלט מיט אַלע מיטלען נאָכצוטאָנצן די דייטשן, זיי אַרויסווייזן ווי ווייט זיי זיינען מיט זיי, ווי שטאַרק זיי געפעלט דער דייטשי־שער דרך, ווי גרויס עס איז זייער סאָלידאַריטעט מיט זייערע באַפרייער.

## די באַציאונג פון דער באַפעלקערונג צום יידישן האָב און גוטס

די הויפט־פאַראינטערעסירונג פון דער באַפעלקערונג האָט זיך צענטראַליזירט אין דער ליידנשאַפט רייך צו ווערן פון די יידן. גלייך אין די ערשטע טעג נאָכן באַזעצן דאָס לאַנד פון די דייטשן, האָט די באַפעלקערונג, ווער אינגאַנצן בפרהסיה און ווער האַלבוועגס, פאַרשטעלט און שעמעוודיק, גערויבעוועט ביי יידן זייער האָב און גוטס און אפילו איבערגעשטיגן איינער דעם אַנדערן מיט רויבן.

די אינדיווידועלע רויבערייען זיינען פאָרגעקומען אומעטום און האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט די אָרגאַניזירטע רויבנפאַלן. די אָרגאַניזירטע, געמיינזאַמע רויבאַנפאַלן האָבן געטראָגן אויף זיך אַ צייכן פון אַן אידעע, די אינדיווידועלע אָנפאַלן האָבן כמעט תמיד געהאַט בלויז אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. אוקראַינער זיינען גאַנץ איינפאַך אַריינגעקומען אין אַ יידישער שטוב, האָבן געעפנט די שאַנק, קאַסטנס, קאָמאָדעס און זיך גענומען וואָס זיי האָבן געוואָלט און וואָס ס׳איז זיי געפעלן געוואָרן. דאָס זעלבע האָבן געטאָן אינדיווידועלע אוקראַינער־מיליציאַנערן. אַריינקומענדיק אין דער יידישער שטוב, האָבן זיי גלייך געפאָדערט זייגערלעך, מלבושים, וועש און דאָס גלייכן. אויך וועגן די רויבערייען האָבן יידישע פאַרשטייער אינטערווענירט ביי די אַמטן. אין דעם פאַל האָבן די אינטערווענצן געהאַט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די דייטשן זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין יידישן פאַרמעגן נישט ווייניקער ווי די אוקראַינער און זיי האָבן שאַרף פאַרבאָטן די באַפעלקערונג און די אוקראַינישע מיליציאַנערן צו „באַזוכן״ יידישע שטובן און עפּעס וואָס פון זיי נעמען. זיי האָבן אָנגעזאָגט, מען זאָל זיי מעלדן וועגן יעדן באַזונדערן פאַל. די רויבערייען זיינען טאַקע, אַלס כלל, אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ווי לאַנג דאָס צוראַבירן יידיש פאַרמעגן איז אָנגעגאַנגען אָן אַ שטראָף, ווי לאַנג מען האָט געקענט נעמען אָפן, ווי לאַנג די איינציקע דאגה איז געווען, אַז דער שכן זאָל נישט זיין געשיקטער און אויסכאַפּן דעם יידנס פאַרמעגן, ווי לאַנג דאָס וואָס עס האָט געהערט צום ייד, האָט געהערט צום נישט־ייד, אַזוי לאַנג איז פאַר יידן געווען כמעט אוממעגלעך צו קויפן לעבנס־מיטל ביי די נישט־יידן, אָדער אויסצובייטן זאַכן אויף לעבנס־מיטל. ערשט ווען דאָס קויפן לעבנס־מיטל ביי די נישט־ יידן, אָדער אויסצובייטן זאַכן אויף לעבנס־מיטל. ערשט ווען דאָס ראַבירן יידיש, פאַרמעגן איז געוואָרן אוממעגלעך, ערשט אַז די באַפעלקערונג האָט זיך איבערצייגט, אַז די אמתע בעלי־בתים זיינען די דייטשן און נאָר זיי זיינען „יורשים״ פון יידישן פאַרמעגן, זיינען ערשט דעמאָלט די אוקראַינער געקומען צום שכל, אַז זיי זיינען נאָך נישט די איינציקע בעלי־בתים און דעמאָלט האָבן זיי אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט יידן, דורכפירן טראַנזאַקציעס.

מ׳האָט אָנגעהויבן קויפן ביי יידן זאַכן, אויסבייטן און אויסנאַרן. אין רעזולטאַט פון דער געשאַפענער נייער סיטואַציע איז די באַפעלקערונג געוואָרן מער און מער פאַראינטערעסירט אין אָנהאַלטן קאָנטאַקטן מיט יידן, אָנהאַלטן מיט זיי באַציאונגען, האַנדלס־באַציאונגען, אַדאַנק דער ענדערונג, דעם פאַרבאָט פון די דייטשן צו ראַבעווען און זייער ווילן אַליין אַלץ אַריינצובאַקומען אין זייערע הענט אַריין זיינען די יידן, באַגרענעצטע ביז צו דער לעצטער מעגלעכקייט אין זייער פּערזענלעכער פרייהייט און אין דער מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן, פאַרמשפּטע דורך די דייטשן צום טויט, געווען אין דער לאַגע אויסצומיידן דעם הונגער־טויט, וואָס די דייטשן וואָלטן גערן אויף זיי געבראַכט.

דער אוקראַינישער פּויער האָט זיך קאָנטאַקטירט מיט דעם ייד צוליב איינע פון די פיר ווייטערדיקע סיבות :

1. קויפן און אויסבייטן זאַכן ;
2. אויסנאַרן זאַכן און געלט ;
3. פאַרקויפן זיינע פּראָדוקטן צו די העכסטע שוואַרצע פּרייזן ;
4. אויסנוצן די יידישע ספּעציאַליסטן, בעלי־מלאכות, אַז זיי זאָלן פאַר זיי מאַכן כלערליי נויטיקע אַרבעטן.

אין די מערסטע פאַלן פלעגט מען די האַנדלס טראַנזאַקציעס דורכפירן אויף די אַרבעט־פּלעצער, מחוץ דער געטאָ. יידן האָבן מיטגענומען אויף די

אַרבעט־פּלעצער זייערע חפצים, דערהויפּט בגדים, די אוקראַינער האָבן אַהין געבראַכט זייערע פּראָדוקטן. די זאַכן זענען שטענדיק, ביי אַלע טראַנזאַקציעס, אַוועקגעגעבן געוואָרן פאַר גאָר נישט, ממש בחינם, פאַר אַ קוואַנטום פּראָדוקטן וואָס איז נישט געשטאַנען אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דער אמתער ווערט פון דעם פאַרקויפטן חפץ.

עס האָט אויך זייער אָפט געטראָפן, אַז דער קויפער האָט כלל נישט באַצאָלט אפילו דעם בחינמדיקן פּרייז וואָס ער האָט זיך פאַרפליכטעט צו באַצאָלן דעם געקויפטן חפץ. אין דעם מערסטנטייל פאַלן, דערהויפּט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ ווערטפולן חפץ, איז צווישן די ביידע צדדים אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז די פּראָדוקטן וועלן דעם ייד איבערגעגעבן ווערן ראַטעסווייז.

פיל מאָל האָט דער קונה נישט געהאַט די גאַנצע פּראָדוקטן וואָס ער האָט געדאַרפט געבן, אָבער מער נאָך ווי דאָס, איז כמעט אין אַלע פאַלן דער פאַרקויפער נישט געווען ביכולת צו נעמען דעם גאַנצן קוואַנטום מיט איין מאָל. מען האָט נישט געקענט אַריינטראָגן מיט איין מאָל קיין סך פּראָדוקטן. עס איז תמיד געווען אַ סכנה, אַז ביים געטאָ־טויער וועט די וואַך די פּראָדוקטן אַוועקנעמען, שוין נישט ריידנדיק דערפון וואָס דאָס געפינען אַ גרעסערן קוואַנטום פּראָדוקטן האָט געדראָהט מיט טויט. אַז דאָס נישט האַלטן וואָרט מצד די אוקראַינער, אָפּנאַרן און נישט אָפּגעבן די צוגעזאָגטע פּראָדוקטן, איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשיינונג, האָבן יידן אָנגעהויבן בעסער פאַרקויפן זייערע זאַכן פאַר געלט, ברענגען דאָס געלט אין געטאָ אַריין און דאָרט קויפן פּראָדוקטן, אפילו פאַר העכערע פּרייזן.

דאָס האָט געווירקט אויף דעם וווקס פון שוואַרצן האַנדל אין די געטאָס גופא. די אוקראַינער האָבן אויפגעהערט זיך צו טרעפן מיט די יידן ביי דער אַרבעט און עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער שמוגל פון לעבנסמיטל־פּראָדוקטן אין געטא אַריין דורך די אוקראַינער און יידן. דערהויפּט איז געשמוגלט געוואָרן פלייש, מעל, סאַכאַרין, פעטס א.ד.ג.

אַ ספּעציעלע קונסט איז אַנטשטאַנען צווישן די אוקראַינער: אויסצונאַרן ביי יידן זאַכן. די דאָזיקע קונסט איז אויסגעפירט געוואָרן אונטער די פאַרשיידנסטע אויסריידן. יידן האָבן ספּעציעל אין דער ערשטער תקופה, געוואָלט פאַרזיכערן זייערע בעסערע זאַכן. אין געטאָ, האָבן זיי געדרונגען, זיינען די זאַכן נישט זיכער.

אין פאַל פון אַנטלויפן פון געטאָ, אָדער פון פאַרשטעקן זיך, האָט מען געמוזט איבערלאָזן אַלע זאַכן וואָס זיינען געווען אין געטאָ. אַנדערש האָט מען געטראַכט, איז מיט זאַכן וואָס געפינען זיך מחוץ דער געטאָ, ביי קריסטן, וואָס האָבן מסכים געווען צו באַהאַלטן ביי זיך יידיש אייגנטום. פון אַזעלכע זאַכן, האָט מען געגלויבט, וועט מען קענען געניסן ווען נאָר מען וועט וועלן. מען האָט אויך געגלויבט, אַז אַ זאַך וואָס וועט זיך געפינען מחוץ דער געטאָ וועט זיין לייכטער צו פאַרקויפן, איידער אַ זאַך וואָס מען וועט מוזן פון געטאָ אַרויסשמוגלען.

כדי צו לאַקירן ערגעץ ווו די בעסערע זאַכן, האָבן יידן זיך פאַרשטענדיקט מיט קריסטן, מיט געוועזענע שכנים, גוטע פריינד, באַקאַנטע. דערהויפּט זיינען דאָ געקומען אין באַטראַכט געוועזענע דינסטן, אַמען און קונים. יידן האָבן פאַרשטייט זיך, געזוכט די קריסטן, אָבער אויך די לעצטע האָבן שטאַרק געזוכט זיך צו קאָנטאַקטירן מיט די יידן. אין אַ גלייכער מאָס מיט די אוקראַינער האָבן אויך אַנדערע קריסטן, וואָס האָבן געלעבט אין וואָלין, אַרויסגעוויזן אַ גיריקייט צו יידישע זאַכן.

פונקט ווי יידן האָבן געוואָלט אַוועקגעבן זייערע זאַכן מיט דער האָפענונג זיי אַזוי־ערנאָך אָפּצוראַטעווען, אַזוי האָבן די קריסטן געזוכט צו באַקומען די זאַכן מיט דער כוונה זיי צוצונעמען פאַר זיך. יידן האָבן אָפּגעגעבן קאָסטבאַרע חפצים, זייער בעסער מעבל, פאָרטעפּיאַנען, אַנדערע מוזיק־אינסטרומענטן, בעסערע מלבושים, פוטערוואַרג און טייל מאָל בעסערע וועש; דאָקטוירים האָבן אָפּגעגעבן זייערע אינסטרומענטן און איינריכטונגען. די ערשטע פאַלן פון אָפּגעבן די זאַכן, און ספּעציעל מעבל, האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ווי עס איז קלאָר געוואָרן, אַז עס וועלן געשאַפן ווערן געטאָס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטעהאַנדלונגען מיט די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען מכוח די געטאָ־שטחים. אַנ־

דערע זאַכן האָט מען אָוועקגעגעבן די קריסטן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער געטאָ — כמעט ביז צו דער ליקווידאַציע.

נאָך אין דער געטאָ־צייט האָט שוין אָפט פּאַסירט, אַ ייד האָט נישט באַקומען צוריק פון „זיין" קריסט די זאַך וואָס ער האָט אים אָוועקגעגעבן אויף צו באַהאַלטן. ווען ער האָט זיי געבעטן צוריק, אין דעם רוב פאַלן איז די אָפּזאָג־תשובה געווען אַ דיפּלאָמאַטיש־אויסמיידנדיקע, ווי למשל, מען קען די זאַך איצט נישט אַרויסגעבן צוליב די שכנים, וואָס וועלן עס פּלוצעם דערזען; אַז מען מוז די שכנים פריער דערצו פאַרבערייטן; אַז מען דאַרף ערשט די זאַך אַרויסנעמען פון דער באַהעלטעניש און דאָס דאַרף נעמען אַ טאָג, צוויי דריי.

דאָס אָפּגעבן זאַכן קריסטן איז פאָרגעקומען אויך צוליב אַנדערע סיבות, יידן האָבן אָוועקגעגעבן טייערע זאַכן און געלט און אַזויערנאָך זיך פאַרזיכערט אַן עווענטועלע באַהעלטעניש אין אַ פינצטערער שעה. יידן האָבן געשלאָסן מיט קריסטן אָפּמאַכן, לויט וועלכע דער קריסט האָט געדאַרפט מאַכן ביי זיך אַ באַהעלטעניש און די יידן האָבן געדאַרפט קענען זיך דאָרט באַהאַלטן אין אַ נויט־פאַל.

דער אָפּצאָל פאַר אַן עווענטועלער באַהעלטעניש, אַזוי געראופענער בונקער, האָט בכלל נישט געהאַט קיין גרענעץ. מען האָט פאַר דער דאָזיקער באַהעלטעניש כסדר געצאָלט און געצאָלט, געגעבן זאַכן און געצאָלט מיט געלט ממש. נאָר אַ זייער קליינער פּראָצענט קריסטן, וואָס האָבן געשלאָסן די דאָזיקע אָפּמאַכן, האָט דאָס געמיינט אויף אַן אמת. מערסטנטייל האָבן זיי אָפּגענאַרט די יידן.

געווען נאָך אַן אַנדערער, זייער אָריגינעלער אופן ווי אַרויסצונאַרן זאַכן פון די יידן. אין די צייטן פון טיילווייזע ליקווידאַציעס, אָדער פון דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע, ווען עס האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן קלאַנגען וועגן באַפאַרשטייענדיקע אַקציעס, ווען די יידן האָבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זיך געפונען אין דער סאַמע גרעסטער נערוון־שפּאַנונג, האָבן קריסטן, אָפט מאָל אין גאַנצן אומבאַקאַנטע, זיך אַריינגעגנבעט אין יידישע הייזער, זיך אַרומגעקוקט, זיך אויסגעזוכט מיט די אויגן עפּעס אַ זאַך און האָבן פאַרגעשלאָגן דעם ייד, זיי די זאַך צו פאַרקויפן, אָדער גאָר שענקען.

זייערע פאַרשלאָגן האָבן זיי, ווי געוויינלעך, „מאָטיווירט" מיט לאָגישע אַרגומענטן: „אייך וועט מען דאָך סיי ווי סיי אויסשחטן, איר זעט דאָך, איז נישט בעסער, אַז מיר זאָלן דאָס האָבן, איידער עס זאָל אַריינפאַלן אין דייטשישע הענט?"

יידן האָבן געוויינלעך רעאַגירט אויף אַזעלכע פּראָפּאָזיציעס מיט דער גרעסטער אויפרעגונג. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז די זאַך, וואָס דער נישט־געבעטענער גאַסט האָט פאַרלאַנגט, האָט מען פאַרניכטעט אין זיין אַנוועזנהייט. אַנדערע האָבן מיט שטילשווייגן אָפּגעפּאַטערט די פאַרשלאָגן, טייל מאָל האָט מען די זאַך אָפּגעגעבן פאַר אַ ביסל שפּייז.

יעדע אַקציע איז פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אין דעם פאַל דערהויפּט פאַר דער אוקראַינישער, געווען אַ גוטע געלעגנהייט אַרויסצווייזן זייער ספּריטנעקייט און כיטרעקייט און אויסמיידן און אומגיין די פאַרשריפטן פון די דייטשישע אַמטן, וואָס זיינען נוגע דעם יידישן פאַרמעגן.

ווי באַקאַנט, איז געווען ווי צום שטרענגסטן פאַרבאָטן זיך צוצונעמען יידיש פאַרמעגן, און פאַר עובר זיין אויף דעם דאָזיקן פאַרבאָט האָבן געדראָט זייער האַרבע שטראָפן. נישט געקוקט אָבער דערויף, האָט די קריסטלעכע באַפעלקערונג זיך אַריינגעגנבעט אין די געטאָס, בשעת די פאַרשיידנסטע אַקציעס, ווען די יידישע שטובן זיינען געווען געלאָזן אויף הפקר, טיר און טויער זיינען געווען אָפן, און אַרויסגענעמען וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. בשעת די ליקווידאַציע־אַקציעס, ווען עס איז זיי געגעבן געוואָרן דער לעצטער שאַנס זיך אַנצוראַבעווען יידיש פאַרמעגן, האָבן זיי דאָס געטאָ איינשטעלנדיק זייער לעבן.

טאָג און נאַכט זיינען זיי אַרומגעגאַנגען אין די חרובע, פאַרלאָזענע געטאָס, נאָך דער ליקווידאַציע, טראָץ דעם וואָס די געטאָס זיינען געהיט געוואָרן דורך אוקראַינישער מיליץ. זיי האָבן דאָרט געזוכט באַהאַלטענע אוצרות, וואָס לויט די קלאַנגען וואָס

זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג, האָבן די יידן פאַרגראָבן, פאַרשטעקט אין זייערע הייזער. זיי האָבן אויפגעבראָכן שטיגן, דילן, איינגעוואָרפן אויוונס, דורכגעבראָכן הויפן. טייל מאָל האָבן זיי, זוכנדיק טויטע אוצרות, זיך אָנגעטראָפן אויף לעבעדיקע יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס.

זיי האָבן אַרויסגעגנבעט פון די הייזער בעטגעוואַנט, איבערצוג, מלבושים; אַרויסגעריסן פענצטער, טירן; צענומען ווענט און אַרויסגעטראָגן און אַהיימגענומען בוי-מאַטעריאַל. קיין זאַך האָט זיי ניט געקענט צוריקהאַלטן פון ראַבעווען, פון אַרויסטראָגן פון געטאָ; נישט די שטרענגע פאַראָרדענונגען פון די דייטשן, נישט די ספּעציעלע וואַך, וואָס האָט די געטאָ געהיט, און אפילו נישט די באַוואָפנטע דייטשן, וואָס פלעגן אַריינפאַלן אויף קאָנטראָל אין געטאָ און אויפכאַפּן די שולדיקע.

די דייטשן האָבן געשאָסן אויף די וואָס האָבן פּרובירט אַנטלויפן, נישט שטיין בלייבנדיק אויף זייער רוף. זיינען טאַקע צווישן די געטאָ-רויבער די „שאַבראַווניקעס", ווי מען האָט זיי גערופן, געווען פיל קרבנות, אָבער אויך דאָס האָט זיי נישט צוריקגעהאַלטן פון „שאַברעווען". די מיליץ און די דייטשן האָבן אין די געטאָס אַרעסטירט די „שאַבראַווניקעס". מען האָט זיי אַזוי לאַנג געהאַלטן אין אַרעסט ביז עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרעסערע צאָל. דעמאָלט האָט מען זיי אַרויסגעפירט, אין אַ זונטיקטאָג אָדער אין אַנדערע קריסטלעכע חגא'ס, אויסגעשטעלט אין רייען, געגעבן אין די הענט אַריין שטעקנס מיט גרויסע אויפשריפטן: „מיר זיינען גנבים — מיר האָבן באַגנבעט די געטאָ!, אַ שאַנד אונדז!" און נאָך אַזעלכע ענלעכע אויפשריפטן.

אַזוי האָבן זיי דעפּילירט איבער די גאַסן פון די שטעט. די דאָזיקע „דעפּילאַדעס" האָבן נישט דערוועקט אין דער באַפעלקערונג קיין געפיל פון חרפה. זיי זיינען נישט גרייט געווען צו רעזיגנירן צוליב חרפה פון די רייכטימער פון געטאָ, וואָס זייער פּוערישע, פּרימיטיווע פאַנטאַזיע האָט זיי אויסגעמאָלט אין די מיסטעריעזסטע פאַרבן.

אַלע שוועריקייטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף זייער וועג פון אויסראַבירן די געטאָס, האָט זיי געפירט בלויז צום באַשלוס, אַז מען מוז זיך אומגיין מיט מער ספּריטנעקייט און נישט אַריינפאַלן אין דער נעץ, וואָס די דייטשן און די אוקראַינישע מיליץ האָבן פאַר זיי צוגעגרייט. זיי פלעגן מאַכן אונטערגראָבונגען פון דער אויסערלעכער זייט פון געטאָ, און דורך די דאָזיקע אונטערגראָבונגען זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק. די גרעסטע באַוועגונג פלעגט זיך אַנהויבן ביינאַכט, ווען די דייטשן פלעגן נישט וואַגן אַריינצוגיין אין די געטאָס מחמת פינצטערקייט.

די שטאָטישע באַפעלקערונג פלעגט זוכן הויפּטזאַכלעך גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, און אַנדערע חפצים. די דאָרפישע מענטשן זיינען געווען נישט וויניקער גיריק אָבער וויניקער איבערקלייבעריש. זיי האָבן געזוכט זאַכן, מלבושים און אפילו בוי-מאַטעריאַלן.

אַ ספּעציעל גרויסן אָנטייל אין דעם „שאַברעווען" האָט געהאַט די יונגט — 12-16 יאָריקע. עס איז דערציילט געוואָרן, למשל, אַז אין ראָוונע האָט אַ גרופּע שטאַרק כיטרע און „אונטערנעמערישע" יונגעלייט פון דער דערמאַנטער עלטער זיך ספּעציאַליזירט אין אויסגעפינען באַהעלטענישן אין די ווענט, שענק, אויוונס און אַנדערע פּלעצער, ביז זיי זיינען געוואָרן הענדלערס פון גאָלד, וואַלוטע און קאָסטבאַרקייטן.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אויך געהאַט די מעגלעכקייט איינצוהאַנדלען די זאַכן וואָס זיינען דורך דער מאַכט אָפיציעל צוגענומען געוואָרן פון די יידישע הייזער, נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע. די זאַכן זיינען פאַרקויפט געוואָרן צו שפּאָט-ביליקע פּרייזן אין די ספּעציעלע פאַרטיילונג-קראָמען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר דעם צוועק.

אָבער אין די דאָזיקע קראָמען זיינען געווען הויפּטזאַכלעך אויסגעסאָרטירטע זאַכן, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן שוין איבערגעקליבן און די בעסערע זאַכן צוגענומען. און אַלס צוגאָב האָט מען דאָך נאָך געמוזט צאָלן פאַר די דאָזיקע זאַכן. אָבער נישט אַלע פון דער באַפעלקערונג האָבן געקענט געניג

„שאַברעוועו" אין די געטאָס. פּויערים פון ווייטערע דערפער, למשל, האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען ביינאַכט אין די געטאָס.

עס זיינען אויך געווען וויניקער דרייסטע און עס זיינען געווען אזעלכע, וואָס אַלץ איז זיי געווען צו ווייניק. זיינען דעריבער פאַר די פאַרטיילונג־קראָמען געשטאַנען טאָג און נאַכט לאַנגע רייען מענטשן. מען האָט געהאַלטן אין איין קויפן און נישט זאַט ווערן. אויך די מערק און יאַרידן זיינען געווען איבער־געפולט מיט יידישע זאַכן.

מען האָט זאַכן פאַרקויפט אָן אַ ברעקל חרפּה, מען האָט זיך נישט גערעכנט דערמיט, וואָס עס זיינען דאָרט אויך געווען זאַכן פון רעליגיעזן קולט. טלתים האָט מען פאַרקויפט אַלס מאַטעריאַל פאַר פרויען־קליידער, עס איז געוואָרן אַ מאָדע צו טראָגן קליידלעך פון דעם מאַטעריאַל. יריעות פון ספר־תורות האָט מען פאַרקויפט אויף זוילן און קלעצ־לעך; רעליגיעזע ספרים זיינען פאַרקויפט געוואָרן אויף פּאַק־פּאַפּיר; די בתים פון תפילין האָט מען פאַרקויפט אויף אַש־בעכערס...

אַ טייל פון יידישן אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן איז געבליבן אויסער די גרענעצן פון די געטאָס, ווי הייזער, קראָמען און דאָס גלייכן. דאָס דאָזיקע פאַרמעגן האָט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון די מוניציפּאַלע אינסטאַנצן און איז געווען באַזעצט דורך די דאָזיקע אינסטאַנצן, זייערע מיט־גלידער און דורך די פּאָליציאַנטן, דורך ציווילע אוקראַינער און דורך דייטשן.

די איינוווינער פון די דאָזיקע הייזער האָבן גע־וואָלט פאַרזיכערן זייערע רעכט אויף אייגנטום און אָפּקויפן עס ביי די מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען. נאָך דער אַקציע פון „יודען־ריין" זיינען די פאַר־וואַלטונגען צוגעטראָטן צו פאַרקויפן די יידישע אומ־באַוועגלעכע גיטער. אויך די אומבאַוועגלעכע גיי־טער, וואָס האָבן זיך געפונען אין תחום פון די געטאָס, זיינען נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע אַריבערגעגאַנגען אין רשות פון די הייזער פון געטאָ.

די „שאַבראָווניקעס" האָבן פיל הייזער דעמאָלירט אין דער צייט פון זייער „אַרבעט". און מען האָט אויך „געשאַברעוועט" מיט גאַנצע הייזער, אָדער אויף צו פאַרברייטערן די ווירטשאַפטן. מען האָט געשלעפּט פון די געטאָס פענצטער, טירן, דילן, דעכער און אין פיל פאַלן האָט מען גענומען אַפילו ציגל.

נאָך דער אַקציע פון „יודען־ריין". האָבן זיך פיל דערפער אין גאַנצן איבערגעבויט. אַנדערע האָבן זיך אויסגעברייטערט אויף גאָר אַ גרויסן אופן. פון בוי־מאַטעריאַל פון די געטאָ־הייזער זיינען אויפ־געקומען נייע, שיינע הייזלעך, אַרום זיי זיינען געש־טאַנען ווירטשאַפטלעכע בנינים.

די זעלבסטפאַרוואַלטונגען האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דעם פאַרניכטן פון „זייער" אומבאַוועגלעך פאַרמעגן. זיי האָבן געהאַלטן באַצאָלט שומרים, וואָס האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז די „שאַבראָווניקעס", זאָלן נישט אַ תל מאַכן פון די געטאָ־הייזער, אָבער די שומרים האָבן ווייניק וואָס געקענט העלפן. נישט קענענדיק זיך שיצן פון דער גיציקייט פון דער באַפעלקערונג האָבן זעלבסטפאַרוואַלטונגען אָנגעהויבן אַליין פאַרקויפן די הייזער פון די געטאָס, אויף צו וווינען אין זיי, אָדער אויף אַליין זיי פונאַנדערנעמען. ווער עס האָט געקויפט אַ הויז אויף צו וווינען אין אים, האָט עס געמוזט אַליין היטן, אַז עמעצער אַנדערש זאָל עס נישט פונאַנדערנעמען.

אין פרילינג 1943 זיינען די פּאָליאַקן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די דערפער, געגאַנגען אין די שטעט. די אוקראַינישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען האָבן, אונ־טערן דרוק פון די דייטשן, געמוזט זיי באַזעצן אין די האַלב־חרובע יידישע קוואַרטאַלן. מיט דעם אַליין האָבן זיי אויף אַ דירעקטן אופן אָפּגעהיט דאָס איבערגעבליבענע געטאָ־פאַרמעגן און ממילא גע־בראַכט נוצן די זעלבסטפאַרוואַלטונגען; זיי האָבן ווי עס איז רעפּאַרירט די האַלב־חרובע הייזער און זיי אָפּגעהיט פון אַ דעפיניטיוון חורבן.

אין וואָלין זיינען נישט געווען קיין מיליאָנערן, קיין יידישע גרויסע גבירים. עס איז געווען אַ געווי־סער פּראָצענט פאַרמעגלעכע מענטשן, דער גרעס־טער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלין איז באַשטאַנען פון מיטעלע און קליינע סוחרים. אַ

געגוג גרויסער טייל פון די יידן אין וואָלין איז אין די לעצטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער פּוילישער רעפּובליק געוואָרן פּאופּעראַזירט. ביים אויסברוך פון קריג איז אין וואָלין געווען אַ גרויסער רעזערוואָר פון יידן, וואָס האָבן זיך קוים־קוים געהאַלטן אויף דער מאַטעריעלער אויבערפלאַך.

און פּלוצעם, אין דער צייט פון דער דייטשישער הערשאַפט אין וואָלין, זענען די יידן אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג אויף גרויסע גבירים. און ווירקלעך, מ'האָט פון די יידן אומאויפהערלעך פאַרלאַנגט. זיי האָבן נישט נאָר געגעבן נאָר אויך אַליין פאַרגעלייגט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן: די רעזערוון זיינען גאָר אומאויסשעפּלעך. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען?

די יידישע ישובים אין וואָלין זיינען געווען זייער אַלטע. יידן זיינען דורות־לאַנג געזעסן אויף די ערטער. כמעט יעדער ייד האָט געהאַט אַ שטיקל הייזל, מעבל און איינריכטונגען פון פאַרשיידנסטן כאַראַקטער. אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן פון לעבן האָט זיך יעדער מענטש, ווי עס איז נישט געווען, זיך איינגעהאַנדלט וועש, מלבושים, מעבל, געפעס, געקומען צו עפּעס. זאַכן זיינען איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, פון טאַטע צו קינד. גאָלדענע און זילבערנע מטבעות און משפחה־צירונג זיינען פון ווייטע דורות אַריבער צו אייניקלעך און אוראייניקלעך.

יעדע נייע משפחה האָט צוגעגעבן עפּעס נייס צום משפחה־אוצר: אַ גאָלדן זייגערל, אַ פוטער, אַן אַלטע, מיוחסדיקע מטבע. אין אַ נאָרמאַלער צייט האָט קיין רייד נישט געקענט זיין וועגן פאַרקויפן משפחה־צירונג אָדער פּערזענלעכע זאַכן, טראָץ דעם וואָס אָביעקטיוו גענומען האָבן זיי טייל מאָל געהאַט אַ ווערט.

מען האָט די זאַכן אויסגעהיט צוליב סענטימענט. אין די מערסטע פאַלן וואָלט דאָס אפילו נישט געהאַט קיין ווערט, מען וואָלט דאָס געוואָלט פאַרקויפן. אַנדערש איז עס געוואָרן אין דער צייט פון דער מלחמה. אַלץ וואָס אַ ייד האָט נאָר געהאַט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקור אויפצוהאַלטן דאָס חיות.

פון דער אַנדערער זייט, איז יעדע זאַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַך, וואָס האָט געררייצט די גייציקייט און קנאה פון דעם נישט־ייד. יידן האָבן אַרויסגענומען פון די באַהעלטענישן די טייערסטע משפחה־אוצרות, צו וועלכע מען איז געווען צוגעבונדן. דאָס זעלבע מיט די פּערזענלעכע זאַכן.

מיט אַ רואיק, סטאָאישן געפיל, אַן סענטימענטן, האָט מען אַלץ געוואָרפן פאַר דער גיריקער מאַסע. מ'האָט גאָרנישט געלאָזן; גאָרנישט איז געווען טייער. מען האָט זיך געזאָגט: „וועלן מיר בלייבן לעבן, וועלן מיר ווידער צו וואָס קומען, וועלן מיר נישט איבערלעבן, ווער דאַרף דאָס האָבן?"

### די דייטשן און דאָס יידישע פאַרמעגן

די דייטשן האָבן, פון סאַמע אָנהייב, נישט צעטרענצלט דאָס יידישע האָב און גוטס. אין די ערשטע אַקציעס האָט מען די יידן דערלויבט צו שלעפּן פּעק מיט זיך, וואַליזקעס מיט זאַכן, אפילו אויב דאָס שלעפּן די פּעק האָט צערודערט די אָרדענונג, און די פּעק האָבן פאַרנומען צופיל פּלאַץ אין די אויסזידלונגס־אויטאָס.

אין פיל ערטער, אין די באַקאַנטמאַכונגען וועגן די ערשטע אַקציעס (צום ביישפּיל: אין ראָוונע, קאָסטאָפּאָל און אין אַנדערע שטעט), האָט מען יידן געעצהט מיטצונעמען ביז 15 קילאָ באַגאַזש. די יידן, האָפנדיק, אַז זיי גייען טאַקע אין אַנדערע מקומות, האָבן מיט זיך מיטגענומען די טייערסטע זאַכן, און די קלענסטע, כדי צו האָבן מיט זיך עפּעס אויף אַ שוואַרצער שעה.

אויף דעם אופן האָבן זיך די טייערע חפצים אריינבאַקומען אַן מי און אָן קיין שום ספּעציעלן אָנשטרענגונג אין די הענט פון די דייטשישע מערדער. אַ חוץ די דאָזיקע טייערע זאַכן, זיינען אויף די פאַרניכטונגס־פּלעצער געבליבן בערג קליידער און שיך. אַלע זאַכן האָבן די דייטשן נאָך די אַקציעס אויפגעלאָדעוועט אויף משא־אויטאָס און ערגעץ אַוועקגעפירט. אין די הענט פון דער אוקראַינער־מיליץ און פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג

איז אַריינגעפאַלן בלויז אַ מינימאַלער טייל פון די קופּעס מלבושים.

נאָך יעדער אַקציע איז געבליבן פיל גוטס פון די משפּחות, וואָס זיינען אין גאַנצן אומגעקומען. בנוגע דעם דאָזיקן פאַרמעגן האָבן זיך אַרויסגע־וויזן קעגנזעצלעכע טענדענצן מצד די אוקראַינער און דייטשן. די דייטשן האָבן געוואָלט לאָזן די זאַכן וואָס לענגער אונטער דער יידישער אויפזיכט. וואַר־שיינלעך, זעענדיק אין דעם אַ מיטל צו פאַרזיכערן פאַר זיך די זאַכן נאָך דער ענטגילטיקער ליקווי־דאַציע פון דעם געבליבענעם רעשט יידן (יידן איז, ווי דערמאָנט אויף אַנדערע ערטער, געווען אָפיציעל פאַרבאָטן אַרויסצוטראָגן עפּעס וואָס פון געטאָ, צו פאַרקויפן אָדער אויסבייטן). די אוקראַינער, דאָקעגן, די ציווילע אוקראַינישע פאַרוואַלטונגען האָבן געהאַט מער שאַנסן זיך צונעמען אַ טייל פון די זאַכן, ווען זיי האָבן געהאַט איבער זיי די אויפזיכט, ווען זיי האָבן פאַרוואַלטעט מיט דעם גוטס וואָס איז געבליבן אָן בעלי־בתים און אָן יורשים. פון די טענדענצן און איינפלוסן, וואָס עס האָבן געהערשט אין דעם אָדער אַנדערן אָרט, איז אָפּהענגיק געווען די אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצער ריי געשעענישן אין ייד׳שן לעבן.

דאָס זעלבע איז געשען ביים אַנטשטיין פון די געטאָס. די דערלויבעניש מיטצונעמען מיט זיך דאָס גאַנצע באַוועגלעכע פאַרמעגן, אָדער נאָר אַ טייל דערפון, אָדער בכלל גאָר נישט, איז אָפּהענגיק געווען פון ווילן און איינפלוס פון די אוקראַינישע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען. פון דעם יאָ — אָדער נישט דערלויבן מיטצונעמען מיט זיך די זאַכן אין געטאָ איז אויך אָפּהענגיק געווען דער טערמין, וואָס איז די יידן געגעבן געוואָרן אויף אַריבערצוגיין אין געטאָ. אין די לעצטע פאַזעס פון דער עקזיסטענץ פון די געטאָס, ווען מען האָט די יידן ענגער צו־זאַמענגעקוועטשט, ווען מען האָט אַריבערגעפירט יידן פון פאַרשיידענע געטאָס אין איין געטאָ אַריין, האָט מען זיי, אָפט, אויך אָנגעזאָגט מיטצונעמען מיט זיך זייער גאַנץ האָב און גוטס.

אָפט האָט מען פאַר אַן אַקציע די נישט גענוגנד־פאַרצוימטע געטאָס אויף דאָס ניי פאַרצוימט, — פעסטער זיי אַרומגערינגלט. מען דאַרף אָננעמען, אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן הויפּטזאַכלעך, כדי צו באַשווערן דאָס אַנטלויפן פון געטאָ, אָבער וואַר־שיינלעך, האָט אין דעם אויך געשטעקט דער ווילן אָפּצוהיטן דאָס קאָנצענטרירטע פאַרמעגן.

דאָס אַרומצוימען אויף ס׳ניי די געטאָס פאַר אַן אַקציע איז פאָרגעקומען הויפּטזאַכלעך אין די געטאָס וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אַלס רייכע (צום בייש־פּיל: קאָוועל, טוטשין), נאָך דעם ווי מ׳האָט די יידן אַרויסגעפירט פון די געטאָס האָט מען די געטאָס חדשים־לאַנג, ביז מען האָט זיי אַרויסגעפירט דאָס גאַנצע באַוועגלעכע פאַרמעגן. פון מאָמענט פון אָנ־הייבן די אַקציעס ביז צום פאַרענדיקן די עקזע־קוציעס פלעגן די געטאָס היטן די „שוואַרצע״ מי־ליציע, דאָס הייסט, די אוקראַינישע. זיי, אוקראַינער, געדענקענדיק די „עוולות״, וואָס די דייטשן זיינען לגבי זיי באַגאַנגען ביים פאַרטיילן דעם רוב פון די פריערדיקע טיילווייזע אַקציעס, זייענדיק זיכער אַז אויך דאָס מאָל וועט קיין שום בעסערע זאַך נישט אַריינפאַלן אין זייערע הענט אַריין, אויב זיי וועלן גיין מיטן „רעכטלעכן״ וועג און וואַרטן אויף דער חלוקה וואָס די דייטשן וועלן מאַכן, האָבן גענומען איבערטרייבן די דייטשן אין כיטרעקייט...

היות אין דער צייט פון די ליקווידאַציע־אַקציעס זיינען געווען די בעלי־בתים פון די געטאָס און פון די זאַמלפּונקטן, ווו מען האָט די יידן צוזאַמענ־געטריבן, האָבן זיי גלייך פון סאַמע אָנהייב, ווי נאָר זיי זיינען אַריינגעקומען אין די געטאָס, נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן אויספירן זייערע פליכטן צו טרייבן די יידן אויף די זאַמלפּונקטן, אָנגעהויבן ראַבירן און שלעפּן פאַר זיך וואָס איינער האָט געקענט.

מיטן חשבון אַרויסצובאַקומען פון די יידן וואָס מער ווערטפולע ווערט־זאַכן, וואָס זיינען נאָך פאַר־בליבן ביי די יידן. זיי האָבן צוגעזאָגט אַרויסצולאָזן אויף דער פריי פאַרן פרייז פון אָוועקגעבן זיי די זאַכן. די צוגערויבטע אָדער אויסגענאַרטע זאַכן האָבן די שוואַרצע פּאָליציאַנטן גלייך אָוועקגעגעבן צו מיטגלידער פון זייערע משפּחות, וועלכע האָבן שוין געוואַרט אויף דעם אויף דער דרויסנדיקער זייט פון די געטאָ־צוימען. אַפילו אויף די טויטפלעצער, דאָס

הייסט אויף די פּלעצער פון וואַנען מען האָט די קרבנות אָפּגעפירט צו דער עקזעקוציע, האָבן די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן נאָך אַלץ אויסגענאַרט פון יידן געלט, גאָלד, ווערטזאַכן, מלבושים און אַנדערע זאַכן פון די וואַליזקעס, וואָס יידן האָבן דאָך מיט זיך מיטגענומען. זיי האָבן אויך אָפּגעגעבן וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט פאַר אַ טרונק וואַסער, פאַר אַ ביסן ברויט.

דאָס וואָס די אוקראַינער זיינען געווען פאַרנומען מיטן אויסנאַרן און אַרויסטראָגן דאָס אַנגערויבטע פאַרמעגן, האָט אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעווענדעט זייער אויפמערקזאַמקייט פון די לעבעדיקע יידן, דעמאָלט האָט זיך געלאָזט באַמערקן די ריזיקע אַפּאַטיע פון די פאַרזאַמלטע יידן צו אַלעם אַרום און אייגענעם לעבן. אַ סך, אַ סך יידן האָבן נישט געוואַרט אויף דעם, אַז די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן זאָלן טרייבן, נאָר האָבן זיך אַליין, אויפן רואיקסטן אופן, גלייך עס וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך, אָן באַגלייטונג פון די צעווילדעוועטע אוקראַינער, אַוועק אויף די אַנגעוויזענע ערטער.

נאָכן אויסליידיקן די געטאָס פון די יידן, האָט די שווארצע מיליציע פאַרטראָטן אַנדערע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, פון ספּעציעלער פאָרמאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר דעם צוועק. די דאָזיקע פאַרמאַציע האָט געהיט די געטאָס אַזוי לאַנג ביז זיי זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון די מאַטעריעלע גיטער. דעמאָלט ערשט זיינען די געטאָס אַריבער צו דער פאַרוואַלטונג פון די אוקראַינישע מוניציפּאַלע אָרגאַנען.

דאָס גאַנצע באַוועגלעכע פאַרמעגן פון די יידן אין די געטאָס איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין ספּעציעלע סקלאַדן, וואָס זיינען פאַר דעם צוועק געשאַפן געוואָרן. אַ ספּעציעלער פּערסאָנאַל — פון אוקראַינער — איז געווען באַשעפטיקט ביים סאָרטירן, גלייכלייגן און פּאַקן די זאַכן. די בעסטע זאַכן, ווי וואַלוטע, בעסערע מעבל־זאַכן, די פאַרשיידנסטע אינסטרומענטן, גוטע מלבושים, קאַווע, טיי און דאָס גלייכן, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. און עס פאַרשטייט זיך, אַז אַנגענומען צו ווערן צו דער אַרבעט אין די דערמאָנטע סקלאַדן איז באַטראַכט געוואָרן צווישן די אוקראַינער אַלס די בעסטע קאַריערע, וואָס מען האָט נאָר געקענט מאַכן.

צוווייטראַנגיקע זאַכן האָבן די דייטשן פאַרטיילט צווישן דער אוקראַינישער מיליץ און צווישן די אוקראַינישע באַאַמטע. דריטראַנגיקע זאַכן זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די פאַרטיילונגס־קראָמען, ווו יעדער איינער האָט זיי געקענט קויפן.

טראָץ דער גוטער שמירה מצד די דייטשן, זיינען דאָך אין די הענט פון דער באַפעלקערונג אַריינגעפאַלן פאַרמעגנס. עס איז נישט באַוווסט אויף וואָס פאַרא אופן די בונקערס און די סקלאַדן פון די באַנדעראַווצעס זיינען פול געוואָרן מיט זאַכן פון די געטאָס. אויך די אוקראַינישע מיליציאַנטן, די אוקראַינישע דיגניטאַרן און זייערע חברים און משפחות, וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד פאַרן אַנקומען פון די סאָוועטן און האָבן זיך שפּעטער אַרומגעדרייט אויפן שטח פון באַזיגטן מערב־דייטשלאַנד אַלס אויסגעוואָרצלטע „די־פּי־ס״ („דיספּלעיסד פּוירסנס״) האָבן, לויט די רייד פון זייערע חברים און באַקאַנטע וואָס זיינען געבליבן אין דער היים, מיטגעפירט מיט זיך וואַליזעס מיט גאָלד און בריליאַנטן, וואָס זיי האָבן אַרויסבאַקומען פון די געטאָס בשעת זייער ליקווידאַציע.

### די אוקראַינער און די פאַרניכטונג פון יידן

אין די ערשטע עטלעכע חדשים נאָכן באַזעצן אוקראַינע דורך די דייטשן, ווען עס האָט זיך די אוקראַינער אויסגעוויזן, אַז זייערע אינטערעסן דעקן זיך מיט די אינטערעסן פון די דייטשן, זיינען זייערע כוונות און ווילן אין באַצוג צו די יידן געווען אין גאַנצן אידענטיש מיט די כוונות און ווילן פון די דייטשן. און נאָך מער ווי דאָס: די אַגרעסיווע, חוצפּהדיק־אַבסאָלוט־פיינטלעכע שטעלונג פון די אוקראַינער צו די יידן האָט זייער אָפט אַרויסגערופן ביי יידן דעם געדאַנק, אַז די אוקראַינישע באַפעלקערונג העצט די דייטשן קעגן די יידן און פירט זיי צו זייערע אַנטי־יידישע מעשים.

די פּאָגראָמען האָבן די אוקראַינער איינגעאָרדנט אין גאַנצן אויף אייגענער האַנט אָן דער באַטייליקונג פון די דייטשן. די ערשטע אַקציעס, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעפירט, זיינען פאָרגעקומען ביי דער פולער מיטאַרבעט פון די אוקראַינער. אָן דער אַקטיווער מיטהילף פון דער באַפעלקערונג וואָלטן זיי פאַר קיין שום פאַל נישט באַוויזן אַדורכצופירן די ערשטע אַקציעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען איידער די יידן זיינען נאָך געוואָרן איזאָלירט און פאַרשפאַרט אין די געטאָס.

עס האָבן זיך דערצו געמוזט געפינען מענטשן דאָרטיקע, וואָס האָבן די דייטשן אָנגעוויזן אויף יידישע הייזער און אויף יידן אליין. פאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן האָבן די יידן נישט דערקענט בלויז לויטן אויסערלעכן אויסזען. יידן אָן דער יידישער אָפּצייכענונג האָבן די דייטשן נישט דערקענט אפילו אין די צייטן פון די ליקווידאַציעס, ווען די איבערלעבונגען און די צייט האָבן שוין באַוויזן אַרויפצולייגן זייער חותם אויף דער יידישער פיזאָנאָמיע און אויף דעם יידס פאַרהאַלטן זיך.

דעם מגן־דוד האָט דער ייד נישט געקענט אַראָפּנעמען, נאָר צוליב מורא פאַר די אוקראַינער אַז זיי זאָלן אים נישט דערקענען און איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן אָדער אים אַליין אַרעסטירן, אָדער גאָר דערמאָרדן.

פון דער גאָר ערשטער צייט אָן האָבן די אוקראַינער מיט גרויס פלייסיקייט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. אין די ערשטע אַקציעס האָבן זיי נישט דערלאָזן, אַז אַ וועלכער ס'איז ייד זאָל זיך פאַרשטעקן, זאָל אויסמיידן די אַקציע. נאָך מיט מער פלייסיקייט ווי די דייטשן אַליין, האָבן זיי געטריבן די יידן אויף די זאַמלפונקטן, האָבן גענישטערט אין די קעלערן און אויף די בוידעמער.

אין די ערשטע אַקציעס האָבן זיי איבערגעשטיגן די דייטשן מיט זייער אַכזריות, מיט זייער סאַדיזם, עס זיינען געווען פאַלן, אַז דייטשן וואָס האָבן צוזאַמען מיט די אוקראַינער געטריבן יידן אויף די זאַמלפונקטן, האָבן זיך גאָר אָנגענומען פאַר די יידן, וועלכע די אוקראַינער האָבן געשלאָגן און מאַלטערירט.

בשעת די ערשטע אַקציעס פלעגן אוקראַינער אין ציוויל — די מיליץ איז צו יענער צייט נאָך נישט געווען מונדירט — זיך פריי באַוועגן, זיך אַרומדרייען צווישן די יידן. האָבן געבראַכט יידן און זיי צוגעשטעלט צו שוין פאַראַנענע גרופּעס, זיינען אַוועק זוכן נייע גרופּעס. זיינען אומגעגאַנגען אויף זאַמלפונקט, האָבן זיך אויסגעקוקט קרבנות צווישן די פאַרזאַמלטע יידן, האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון המון, זיי געשלאָגן ביז צום פאַרלירן דאָס באַוווּסטזיין, אָפּט ביז צום טויט. קאַטעווענדיק זייערע קרבנות, האָבן זיי געשריען: „דו פאַרפלוכטער יודע, אַט האָסטו פאַר דעם באַטקאַ פּעטלוראַ! פאַר „זאָל לעבן סטאַלין!" פאַר דער „ראַטנפאַרבאַנדישער אוקראַינע".

עס פאַרשטייט זיך, אַז די נאָמענטלעכע אַקציעס, איבער דער אינטעליגענץ און איבער יידישע קאָמוניסטן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין די ערשטע וואָכן, האָבן געקענט פאָרקומען איינציק און אַליין אונטערן באַדינג, אַז די אוקראַינישע באַפעלקערונג זאָל אָנווייזן נעמען. מיטן פאַרערגערן זיך פון די באַציאונגען צווישן די אוקראַינער און די דייטשן, מיטן אַראָפּגיין פון דער באַנדעראַ־אָרגאַניזאַציע אין אונטערגרונט, איז אין דער אוקראַינישער פּראָגראַם בנוגע די יידן נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונגען.

פון דער דאָזיקער צייט אָן, האָט די נאַציאָנאַלע אוקראַינישע אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן פאַרניכטן יידן אויף צוויי וועגן: ערשטנס האָבן זיי אין דעם פונקט ווייטער מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. (זייער מעגלעך, אַז אויסער דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטן איז די צוזאַמענאַרבעט ביי דער פאַרניכטונג פון די יידן געבליבן דער איינציקער שטח אויף וועלכן די אוקראַינער זיינען ווייטער געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די דייטשן). אומאָפּהענגיק פון דער דאָזיקער צוזאַמענאַרבעט, האָבן זיי, אָנהייבנדיק פון יאָר 1942 געהאַט אַן אייגענעם פּלאַן פון פאַרניכטן יידן.

אַזוי איז, בשעת די ערשטע אַקציעס, די גאַנצע אוקראַינישע באַפעלקערונג געווען אַקטיוו אין קאַמף מיט די יידן. בכל אופן — מיט זייער קליינע אויסנאַמען, זיי זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז אַ

ייד זאָל נישט אַראָפּנעמען די געלע לאַטע, זאָל נישט פאַרלאָזן די געטא; זיי האָבן געהאָלפן ביים אויסזוכן פאַרבאַהאַלטענע יידן.

אין דער צייט פון אַן אַקציע האָבן אַלע געפּלאָגט און געיאָגט יידן וואָס זיינען אַנטלאָפן. אין דער צייט פון „רו" אין געטאָ איז געווען אָך און וויי צו אַ ייד, וואָס האָט געוואָלט פאַרבלייבן אויסערן געטאָ. אָבער ווי לאַנג די געטאָס האָבן עקזיסטירט און יידן זיינען געזעסן, האָט די באַפעלקערונג טראָץ אַלעמען דאָך אָנגעהאַלטן קאָנטאַקטן, דאָס זיינען געווען אַמאָליקע און נייע באַקאַנטע. אַפילו מיליציאָנערן — הן די אָפיציעלע מאַכט און הן די נישט אָפיציעלע באַנדעראָוועצעס — האָבן געהאַט „זייערע" יידן אין די געטאָס, פון וועלכע זיי האָבן גענומען כאַבאַר און געצויגן זאַכן. נישט איין פאַרביסענער באַנדעראָוויעץ האָט זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ אַריין, כדי אָנצוהאַלטן מיט „זיינע" יידן האַנדלס־באַציאונגען.

דער אמת איז, אַז אַ סך יידן האָבן זיך איינגערעדט, אַז „זייער" גוי איז אַן אָרנטלעכער מענטש און אַז פאַר די אַלע מאַטעריעלע גיטער, מיט וועלכע זיי באַוואַרפן זייערע פריינד, וועלן זיי, די פריינד, זיי נישט פאַרראַטן, האַלטן וואָרט און פאַרשטעקן אין אַ צייט פון אַ גרויסער סכנה.

אָבער דער רוב יידן האָבן די זאַכן געזען אין זייער גאַנצן שוואַרצן ליכט און זיך אָפּגעגעבן אַ גענויעם חשבון דערפון, אַז עס איז נישט צו דערוואַרטן קיין שום גוטס פון די אוקראַינישע „פריינד" זייערע. די פאַקטן האָבן באַשטעטיקט די דאָזיקע פעסימיסטישע פאַרויסזאָגונגען. „פליטים" האָבן זיך נישט געקענט דורכקריגן דורך די דערפער און וועלדער; נאָך אַן אַקציע האָבן יידן זיך נישט געקענט אויפהאַלטן אין דער אומגעגנט קיין איין און איינציקן טאָג. דעריבער איז די אַלגעמיינע שטימונג אין די געטאָס געווען: נישט פאַראַנען זיך נאָך וואָס, צו וואָס און וווהין צו רירן, מען מוז זיצן און וואַרטן אויפן גורל צוזאַמען מיט אַלע.

אָבער, אין אָנבליק פון טויט, אויג־אויף־אויג מיט דער גרויסער שרעק, האָבן מענטשן זיך געריכט לויט די אינסטינקטן. יידן זיינען אַנטלאָפן, דער רוב יחידים, און אַפילו אַזעלכע מענטשן וואָס האָבן קיין מאָל פריער נישט געטראַכט וועגן אַנטלויפן. דאָרט, אין יענע ווייניקע געטאָס ווו עס איז נאָר געווען עפּעס אַן אָנרעגונג אויף צו אַנטלויפן, זיינען יידן אַנטלאָפן מאַסנווייז. וואָס איז געווען דער גורל פון די דאָזיקע אַנטלאָפענע?

אַ מענטש וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין דער געגנט, אַפילו נאָר איניקע טעג, האָט נישט געקענט אויסהאַלטן אָן אַ וועלכן ס'איז קאָנטאַקט מיט דער באַפעלקערונג, אַפילו ער האָט געהאַט אַ זאַפּאַס שפּייז, געלט און זאַכן. ער האָט געמוזט האָבן אַ טרונק וואַסער, וואַשן אַ העמד, זיך אָנוואַרעמען, אויסטריקענען די נאַסע מלבושים (די אַקציעס פון „יודען־ריין" אין וואָלין זיינען פאָרגעקומען האַרבסט 1942), און ווען דער זאַפּאַס עסנוואַרג האָט זיך געענדיקט, האָט ער געמוזט קויפן אדער אויסבעטלען אַ ביסן.

די אוקראַינישע באַפעלקערונג, ווייניק וואָס זי האָט נישט געגעבן דעם ביסן ברויט, האָט נישט אַריינגעלאָזט אין כאַטע זיך אָנוואַרעמען, נאָר זי האָט געיאָגט און אויסגענישטערט היימלאָזע און אומבאַהאָלפענע. זיי האָבן פאַרהאַלטן יעדן אָנגעטראָפענעם ייד און אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער דייטשישער אָדער אוקראַינישער מיליץ.

אין זייער פיל פאַלן האָבן די ציווילע אוקראַינער אַליין דערמאָרדעט די געכאַפּטע יידן. די דאָזיקע באַציאונג פון דער באַפעלקערונג צו די אַנטלאָפענע פון די געטאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז אַ סך פון זיי זיינען אין זייער לעצטער פאַרצווייפלונג אַוועק צוריק אין די געטאָס. זיי זיינען אַזויערנאָך געוואָרן די קרבנות פון די ענדגילטיקע ליקווידאַציעס.

אויך די יידן, וואָס זיינען זיך צעלאָפן אין די וועלדער נאָך די אַקציעס, זיינען פאַר דער אוקראַינישער באַפעלקערונג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון מאַטעריעלע געווינסן. די דאָזיקע יידן זיינען געווען גוט אָנגעטאָן, האָבן זיך פאַרבערייט מיט גוטע שוכוואַרג, אַז זיי זאָלן קענען אויסהאַלטן די שווערע באַדינגונגען פון אַרומפּלאָנטערן זיך אין וועלדער, טייל מענטשן האָבן זיך אויך געהאַט פאַר־

זען מיט פויערישע גוטע פוטערס. אויסער דעם האָבן די וואָס זיינען אַוועק פון די געטאָס אין די מיינסטע פאַלן געהאַט מיט זיך צו ביסלעך געלט און זאַכן.

איז טאַקע זייער אָפט פאָרגעקומען, אַז פויערים וואָס האָבן אָנגעטראָפן אַזעלכע יידן, האָבן פון זיי קודם־כל צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט. טייל מאָל האָט מען די האַלבנאַקעטע און גאַנץ־באָרוועסע געלאָזן גיין אויף דער פריי. אין פיל פאַלן האָבן זיי די געטראָפענע יידן אַליין געהרגעט אָדער איבערגעגעבן אין די הענט פון דער דייטשי־שער זשאַנדאַרמעריע.

נאָך דער אַקציע פון „יודען־ריין", האָבן די דייטשן באַשטימט אויסצייכענונגען פאַר יעדן צוגעשטעלטן ייד — צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס האָבן אויסגעפעלט — און דאָס איז געווען נאָך אַ סיבה, אַז די אוקראַינער זאָלן די יידן כאַפּן און איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

וואָס איז געווען דער גורל פון די יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט צוגעגרייט באַהעלטענישן ביי די אוקראַי־נער פאַרן פרייז פון געלט, ווערטזאַכן און דאָס גלייכן? זיכער האָט זיך געפונען אַ פּראָצענט אוק־ראַינער — אַ מינימאַלער ביז גאָר — וואָס האָט געהאַלטן זיינע פאַרפליכטונגען און אויף אַן אמת אויסבאַהאַלטן ביי זיך דעם ייד, „זיין ייד". אָבער אַלס כלל האָבן די יידן, וואָס האָבן זיך ארומ־געבלאָנקעט אין די וועלדער, געוווסט אַז זיי דאַרפן זיין ספּעציעל פאָרזיכטיק בנוגע יענע אוקראַינער ביי וועלכע זיי האָבן מיט צוטרוי געלאָזט זייערע זאַכן, אָדער האָבן מיט זיי אָפּגעמאַכט זיך ביי זיי צו פאַרבאַהאַלטן.

אין בעסטן פאַל האָבן די אוקראַינער, וואָס האָבן פאַר געלט און ווערטזאַכן צוגעזאָגט וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט, נישט אַרויסגעלאָזט די יידן אויף זייער שוועל, נישט איבערנעמענדיק זיך אײַנגאַנצן דערמיט, אַז זיי האָבן וואָס גענומען, צו עפּעס זיך פאַרפליכ־טעט. אָבער אין די מיינסטע פאַלן האָבן זיי געוואָלט זיין זיכער מיט די זאַכן, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות. און כדי צו זיין זיכער האָבן זיי דעם ייד אַליין דערמאָרדעט אָדער איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

פאַר די אוקראַאינישע מאַסן איז אין פאַרלויף פון די יאָרן פון דער פאַרניכטונג פון די יידן געוואָרן נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יידן האָבן פאַרדינט די פאַרניכטונג און אַז זיי זיינען דערצו באַשטימט. דער ווייטערדיקער עפּיזאָד אילוסטרירט די פסיכישע האַלטונג פון דער אוקראַאינישער באַ־פעלקערונג לגבי די יידן.

איניקע טעג נאָכן צוריקקומען פון די סאָוועטן קיין וואָלין, אין פעברואַר 1944, זיינען צוויי טוט־שינער פרויען, עסיא זילבערבערג מיט אירער אַ חברטע, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי פויערים אין דאָרף פּאַסטוני, 12 קילאָמעטער פון טוטשין, אַוועק, איבערגעטוענע אַלס פויערטעס, אין שטעטל אַריין, כדי געוויר צו ווערן, צי זיי מיט זייערע משפחות קענען שוין פאַרלאָזן דאָס באַהעל־טעניש און אַרויס אויף דער פריי.

אין טוטשין, אין צענטער פון שטאָט, האָט זיי דערקענט אַן אַרטיקער פויער, האָט ער זיי ביידע אָנגעכאַפּט פאַר די אָרבל, האָט זיי צוגעפירט צו אַ רויט־אַרמייער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט. און האָט אים אָנגעוויזן אויף די צוויי פרויען: „אָט זיינען צוויי יידישקעס!"

### די באַנדעראָווצעס און די יידן

די באַנדעראָווצעס האָבן געהאַט אַן אייגענעם פּלאַן פון מאַכן אוקראַינע „יודען־ריין". זייער פּלאַן האָט זיך אייגנטלעך מיט גאָר נישט אונטערגעשיידט פון דעם דייטשישן פּלאַן, פון וועלכן ער איז געווען אַ פּשוטע קאָפּיע. זיי האָבן אָנגעהויבן דורכפירן זייער פּלאַן נאָך אין זומער 1942, ווען די יידן זיינען נאָך געווען אין די געטאָס, אונטער דער הערשאַפט און קאָנטראָל פון די דייטשן.

די באַנדעראָווצעס האָבן געפילט אַ גרויסן דוחק אין ספּעציאַליסטן, באַרופס־אינטעליגענץ, ספּעציעל דאָקטוירים, דענטיסטן און אַפּטייקערס. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מענטשן, וואָס זאָלן קענען מאַכן אַ ריכטיקן באַנדאַזש אַ פאַרוווּנדעטן סאָלדאַט, לינ־דערן דעם שמערץ, האָבן זיי טאַקע באַשלאָסן צו גע־

ווינען פאַר זיך יידישע דאָקטוירים, דענטיסטן, קראַנ־קן־שוועסטערס.

דורך דער פאַרמיטלונג פון די אוקראַינישע מי־ליציאַנטן אין געטאָס האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט יענע יידן אין געטאָ, וועלכע זיי האָבן געוואָלט געווינען פאַר זיך. די אוקראַינישע מיליציאַנערן האָבן „פריינטשאַפטלעך" איבערגערעדט די יידן, זיי זאָלן פאַרלאָזן די געטאָ און אַוועקגיין מיט זיי אין די דערפער, אין די וועלדער. יעדער מיליציאַנער האָט אַ געוויסע צייט געשפילט די ראָלע פון אַ פריינד, האָט געמאָלט אין שוואַרצע פאַרבן דעם סוף פון געטאָ, און האָט צוגעזאָגט גילדענע בערג אין די וועלדער אָדער אין די דערפער: לעבן און אַרבעט.

די געטאָ־יידן זיינען געווען אַזוי שטאַרק איזאָ־לירט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין ריכטיקע אינ־פאָרמאַציעס וועגן דעם וואָס איז פאָרגעקומען אַרום זיי, אין די וועלדער און דערפער. זיי האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן דעם, אַז עס עקזיסטירן ספּעציעלע באַנדעראָווסקע אָרגאַניזאַציעס און האָבן גאָר נישט געוווסט וועגן זייער טעטיקייט.

פאַר זיי האָט דאָס דאָרף, באַדייט איין זאַך: די אַרטיקע באַפעלקערונג, דער אוקראַינער. די פראָ־פאָזיציעס פון די אוקראַינישע מיליציאַנערן האָבן, פאַרשטייט זיך, אויסגעזען אין די אויגן פון די יידן שטאַרק מאָדנע און זייער פאַרדעכטיק. אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז געווען שווער זיך זיי אַקעגנצושטעלן און נישט אָנצונעמען דעם שאַנס וואָס זיי האָבן געגעבן צו ראַטעווען דאָס לעבן.

ווי לאַנג די געטאָ האָט עקזיסטירט, ווי לאַנג זי האָט ווי־עס־איז געזשיפעט, האָבן יידן נישט גערן פאַרלאָזן די געטאָ, כדי צו גיין צו די אוקראַינער אין די וועלדער, זיי האָבן זיך נישט לייכט דערצידירט אויף צו פאַרלאָזן די יידישע סביבה און אויסבייטן זי אויף דער פיינטלעכער, אוקראַינישער.

ספּעציעל איז די דעציזיע אָנגעקומען שווער פאַר דעם מענטשן־עלעמענט וואָס די אוקראַינער האָבן געוואָלט אַרויסנעמען פון די געטאָס. דער דאָקטאָר, דער דענטיסט, די קראַנקן־שוועסטערס האָבן אין געטאָ געהאַט פאַרזיכערטע אַרבעט־פלעצער און „גוטע" אַרבעט־צייגענישן. איז טאַקע די אויפגאַבע פון די מיליציאַנערן ניט געווען קיין לייכטע. זיי האָבן אויסגעניצט די שווערע מאָמענטן אין געטאָ — טעג פון שרעק, פּאַניק, שמועות וועגן דער נאָענטער ליקווידאַציע פון געטאָ און דאָס גלייכן, כדי צו באַווירקן די אַנטשפּרעכנדיקע מענטשן צו פאַרלאָזן די געטאָ. אין אַזעלכע מאָמענטן האָבן זיך טאַקע געוויסע מענטשן דעצידירט צו גיין מיט זיי. דאָס זיינען געווען על־פּי־רוב איינזאַמע מענטשן, אָן משפּחות. זיי פלעגן די מיליציאַנערן אַרויספירן אין געהיים פון די געטאָס.

די אַרויסגעפירטע פון די געטאָס האָבן געאַרבעט אין באַנדעראָווסקע פעלד־שפּיטאָלן אַ גענוג לאַנגע צייט: ביז עס האָט זיך דערנענטערט די רויטע אַרמיי, דעמאָלט זיינען זיי ליקווידירט געוואָרן דורך ברוטאַל־געבער.

מיט די באַנדעראָווצעס האָבן זיי זיך געוויינלעך געטראָפן צום ערשטן מאָל אויג־אויף־אויג ערשט נאָך די אַקציעס פון „יודן־ריין". די געראַטעוועטע יידן פון די געטאָס האָבן זיך לייכט אָפּגעגעבן אַ רעכענונג דערפון, אַז די מענטשן וואָס זיי טרעפן אָן, טראָגן דעם וואָס זיי זיינען נישט מתדירט און טראָגן דעם וואָס זיי זיינען בלויז באַוואָפנט טייל־ווייז, זיינען נישט בלויז צופעליק אָרגאַניזירט. דאָס איז געווען קענטיק לויט די באַפעלן, וואָס די עלטסטע צווישן זיי האָבן אַרויסגעגעבן די ייִנגערע און לויט די באַריכטן וואָס זיי האָבן אָפּגענומען איינער פון צווייטן.

דעמאָלט, האַרבסט 1942, אין דער תקופה פון דער ליקווידאַציע פון די געטאָס, ווען יידן זיינען געלאָפן פון איין געטאָ אין דער צווייטער אַריין, זיינען אויף די וועגן, שטעגן און סטעזשקעס געשטאַנען באַנדע־ראָווצעס, האָבן פאַרהאַלטן די אַנטלאָפענע יידן און זיי אַוועקגעפירט אין זייערע שטאָבן ווו זיי האָבן זיי דאָרט דערמאָרדעט.

נאָך דעם ווי וואָלין איז געוואָרן „יודען־ריין", די געטאָס האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן, האָבן יידן, געראַטעוועטע פון דער לעצטער אַקציע, נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין קאָנקרעטן וואַנדער־ציל — אַ נאָך־עקזיסטירנדע געטאָ — זיך גענומען צעלויפן איבער די וועלדער. אָבער די באַנדעראָווצעס

האבן דערגרייכט צו די באהעלטענישן פון די יידן אין די וועלדער און זיי דארט דערמארדעט.

ווינטערצייט, ווען די פוסטריט פון די יידן, נישט פארשיט פון שניי, אדער ווייניק פארשיט, זיינען געווען א גוטער וועגווייזער צו די ערטער ווו די יידן האבן זיך געפונען, האבן זיי, די באנדעראווצעס, נישט געדארפט אנקומען צו קיין שום טריקס, כדי אויסצוגעפינען ווו די יידן האבן זיך געפונען.

אין אנדערע פעריאדן פון יאר, האבן זיי זיך באניצט מיט שפיצלער, כדי די יידן ארויסצוטארן. אין ראיאן פון קאפיטשאווא און אריאנאווא, האבן זיי אויפגעדעקט אייניקע באהעלטענישן פון יידן, אין וועלכע עס האבן זיך געפונען מער ווי התדערט נפשות. דאס איז זיי געלונגען אויף פאלגנדן אופן: זיי האבן אין די וועלדער צעווארפן בריוו, צעטלען אין וועלכע זיי האבן אויסגעדריקט זייער רחמנות צו די יידן, האבן זיי צוגעזאגט לעבן און רו אין די דערפער.

פון דער ווייטנס האבן זיי באאבאכט ווהין די יידן מיט די בריוו גייען. עס איז געגנתג געווען אויפצודעקן איין ייד, כדי דאס באהעלטעניש זאל דעמאסקירט ווערן. עס זיינען געווען פאלן — טאקע אין די ערשט דערמאנטע מקומות — ווו די יידן האבן נישט ארויסגעגעבן זייער באהעלטעניש א לאנגע צייט. ערשט אז זיי האבן אנגעהויבן אויף אן אמת צו גלויבן, אויפן גרונט פון דעם וואס מען טשעפעט זיי נישט אזא לאנגע צייט און מען האלט זיי אין רופן צו גיין אין די דערפער, זיינען זיי ארויס, געטריבענע פון הונגער און האפענונג, און דעמאלט האט זיי דערוואַרט דער טויט פון די הענט פון זייערע „פריינד".

דער אופן פון מארדן יידן דורך די באנדעראווצעס איז נישט געווען קיין איינפאכער. זיי האבן זיך נישט באנוגנט מיט צונעמען ביים ייד דאס לעבן. די פרויען האבן זיי אפגעשניטן די ברוסטן, די מענער — די געשלעכטלעכע ארגאנען. מען האט די קרבנות אויסגעשטאכן די אויגן, מען האט פשוט געשניטן פון די מענטשן לעבעדיקע שטיקער. דער קרבן איז דורכגעגאנגען די אימהדיקסטע יסורים.

פרילינג 1943, זיינען זיי געפאלן אויף דעם געדאנק נאכצומאכן די דייטשן און ארויסניצן די יידישע ספעציאליסטן. לויטן מוסטער פון די דייטשן, האבן זיי אנגעהויבן סעגרעגירן די געכאפטע יידן, ארויסנעמען פון זיי די ספעציאליסטן בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, גארבערס, בלעכערס און דאס גלייכן. די עצם פארעם פון דער סעגרעגאציע איז געווען די זעלבע וואס די דייטשן האבן געהאט איינגעפירט.

אויף איין זייט האט מען געשטעלט די ספעציאליסטן, אפט מאל מיט זייערע פאמיליעס, אפט מאל אן זיי, אפהענגיק פון דער שטימונג פון די סעגרעגירער. אויף דער צווייטער זייט האט מען אוועקגעשטעלט די נישט־ספעציאליסטן. די נישט־ספעציאליסטן האבן זיי גלייך דערמארדעט, די ספעציאליסטן זיינען אוועקגעפירט געווארן אין די וועלדער אדער דערפער און באשעפטיקט זיי אין זייער פאך.

טראץ דעם וואס די באנדעראווצעס זיינען דערגאנגען צו די טיפענישן פון די וועלדער, האבן זיי נישט געקענט אויפכאפן אלע יידן. אין זייער געיעג נאך יידן, האבן זיי אויך געלערנט פון די דייטשן: זיי וועלן שוין מער נישט מארדן קיין יידן, מחמת זיי האבן מיט די יידן א געמיינזאמע שפראך... א געמיינזאמען שונא — די דייטשן.

אויסער דעם האבן זיי מודיע געווען, אז ענגלאנד און אמעריקע האבן זיך אנגענומען פאר די יידן און האבן זיי פאראווערט צו מארדן יידן, דעריבער קען יעדער פארבאהאלטענער ייד ארויס פון באהעלטעניש און זיך באווייזן אן פחד.

די דאזיקע דערקלערונגען פון די באנדעראווצעס האבן דערגרייכט אין די סאמע טיפסטע באהעלטענישן אין די וועלדער. היות דאס מאל האבן זיי טאקע די יידן נישט געמארדעט, האבן די יידן אנגעהויבן ארויסקריכן פון די באהעלטענישן. די באנדעראווצעס האבן קאנצענטרירט די ספעציאליסטן אין וואלד, אין ספעציעלע לאגערן, און זיי האבן אויסגעניצט די יידישע ארבעטס־קראפט. פאכמענער האבן געארבעט אין זייערע פאכן, אנדערע אויף די פעלדער. לויט דער דייטשישער סיסטעם האבן זיי געפירט א רעגיסטער פון יידן, ציילונגען (ראפארטן), האבן איינגעפירט א קאלעקטיווע

פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געוואָרנט אויב איינער וועט אַנטלויפן אָדער זיך פאַרשולדיקן, וועלן אַלע דערפאַר טראָגן די אחריות. די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די דאָזיקע לאַגערן איז שטענדיק געגאַנגען האַנט־ביי־האַנט מיט דער דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי.

אין פיל ערטער איז די קאָנצענטראַציע פון יידן געוואַקסן גאַר שטאַרק, מחמת יידן אַליין האָבן געצויגן דאָרט ווו עס זיינען געווען יידן. אין פאַריצק למשל, זיינען אין אַפּריל 1943 געווען אין לאַגער פון די באַנדעראָווצעס 44 יידן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. זיי זיינען גוטוויליק אַרויס פון די באַהעלטענישן אין די וועלדער.

דער 13־טן מאַי זיינען שוין אין דעם דאָזיקן לאַגער געווען 100 יידן, מחמת עס זיינען צוגעקומען דאָרט אַהין יידן פון דער גאַליצישער שטאָט סאָקול. די דאָזיקע אַלע יידן האָבן די באַנדעראָווצעס ווי געוויינלעך, גענומען אין אָקטאָבער 1943 צו דער אַרבעט און אַנשטאָט צו פירן צו אַרבעט — זיי אויסגעמאָרדעט.

אין וואַלד לעבן דעם דאָרף ראָזשישצע, אין דער געגנט פון אַנטאָנאָווקע, האָבן געלעבט „אויף דער פרייי" 200 יידן. ראָזשישצע איז געווען אַ גרויסער באַנדעראָווסקער צענטער און דער צענטער האָט אָנגעטאָן די יידן גרויסע צרות. זומער 1943 זיינען די דייטשן באַפאַלן דעם צענטער פון צוויי זייטן, פון קאַסטאָפּאָל און פון טוטשין, און האָבן דאָס דאָרף פאַרניכטעט. די יידן זיינען זיך דעמאָלט צעלאָפן און האָבן גענומען ציען קיין קודרינקי, 30 קילאָמעטער פון טוטשין, ווו עס האָט אויך עקזיסטירט אַ יידישער לאַגער.

אין קודרינקי זיינען געווען קאָנצענטרירט 400 נפשות, אין אָנפאַנג האָבן זיי געלעבט אין וואַלד, ווען עס איז געוואָרן אין וואַלד זייער קאַלט, האָבן די באַנדעראָווצעס דערלויבט די יידן זיך צו באַזעצן אין די פאַרלאָזענע הייזער פון די פּאָליאַקן. אין קודרינקע זיינען געווען צוויי פּוילישע ישובים, איינער ווייט פון דעם אַנדערן אומגעפער 2 קילאָמעטער. די יידן האָבן זיך באַזעצט אין די דאָזיקע פּוילישע הייזער לויט די שטעט פון וועלכע זיי האָבן געשטאַמט (טוטשינער, אַלעקסאַנדריער, קאָסטאָפּאָלער, מיענדזיזשעצער (מעזריטשער) און אַנדערע.

**די ערשטע תקופה פון דער דייטשישער אָקופּאַציע** האָבן באַנדעראָווצעס די יידן רעגיסטרירט, געציילט און אַזוי ווייטער. מיטן דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי, דעצעמבער 1943, האָבן זיי אַרומגערינגלט די יידישע הייזער ביינאַכט און דערמאָרדעט אַלע יידן, אַחוץ 17 נפשות, וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען.



**שארית הפליטה מאוסטראה במינכן**

**שורה ראשונה, מימין לשמאל: לובלינסקי, מוסי סורוקה, שמואל שטירנברג, מנדל סירובר, לייזר לודומירסקי, סיומה רשטיק מוסי גריינימס.**

**שורה עליונה, מימין לשמאל: איסק גולדנברג, פייסי פינקלשטיין, אברהם גוטמן, מולי וישניבצקי, לייזר טייטלבוים**

## די ערשטע תקופה פון דער דייטשישער אקופאציע אין וואלין

וואלין האבן די דייטשישע ארמייען פארנומען אין די סאמע ערשטע טעג פונעם מלחמה־אויסברוך מיטן ראטנפארבאנד. פונקט ווי עס האט פאסירט בעת דער דייטשישער אפענסיווע אויף פוילן אין סעפטעמבער 1939, זיינען אויך בעת זייער אנגריף אין אוקראינע אין 1941, געווען פאלן, ווען שטעט און דערפער וואס זיינען געלעגן ווייטער צו מזרח־צו, זיינען פארנומען געווארן פריער ווי ישובים, וואס זיינען געלעגן מערבדיק.

אזוי, למשל, איז לודמיר (וולאדימיר־וואלינסק) פארנומען געווארן שוין דעם 23־סטן יוני, דאס הייסט, אויפן צווייטן טאג פון דער מלחמה, אסטראה — דעם 25־סטן יוני (ביי דער שטאט זיינען במשך פון עטלעכע טעג נאך אנגעגאנגען קאמפן), ראוונע האבן די דייטשן באזעצט דעם 29־טן יוני און קרעמעניץ ערשט דעם 2־טן יולי.

אין די באזעצטע שטעט האט זיך געשאפן א מין דאפלטע מאכט: פון איין זייט זיינען די בעלי־בתים געווארן די דייטשישע פעלד־קאמענדאנטן און דאס סטאציאנירנדיקע דייטשישע מיליטער; פון דער אנ־דערער זייט, האבן די אוקראינער זיך דערפילט ווי מאכט־האבער און מיט דער הילף פון זייער מיליץ אנגעהויבן איינפירן זייערע פאראדקעס.

די אוקראינער באפעלקערונג, האט דער עיקר זיך ארגאניזירט ארום די ניי־געשאפענע זעלבסט פאר־וואלטונגען. אין די דערפער און אין די ישובים, וואס זיינען געלעגן אן א זייט, ווו די דייטשן האבן א לענגערע צייט וועגן זיי זיך נישט געדאגהט, זיינען די אוקראינער געווען פון קיינעם נישט געשטערט אליינהערשער.

די ערשטע אנטי־יידישע מעשים מצד די דייטשן — און אוקראינער — זיינען געווען: דאס אפיציעלע באגרענעצן אין זייערע בירגערלעכע רעכט. דער פארבאט פאר א יידן זיך אריבערציען פון איין ארט אויף א צווייטן; יידן איז פארבאטן געווארן זיך צו באווייזן אויף דער גאס פאר זון־אויפגאנג און נאך זון־אונטערגאנג, אנהאלטן יעטוועדן קאנטאקט מיט א נישט־יידן, דאס גיין אויף טראטוארן. קורץ דערויף איז אויך געקומען דער צוואנג צו טראגן אויפן ארעם א ווייסן באנד מיט א בלויער מגן־דוד (דעם באנד האט מען שפעטער געמוזט פארבייטן מיט א געלער לאטע) און איבער אלץ דעם, האט פון די סאמע ערשטע טעג פון דער דייטשישער אקופאציע געד־ריקט דער שטארקסטער צוואנג: די אבליגאטארישע ארבעט. אין דער אמתן, זיינען די יידן, מיטן מאמענט וואס די דייטשן האבן באזעצט די געגנט, געשטעלט געווארן אין א מצב פון א קאמפלעטער רעכטלאזי־קייט: יעדער דייטש און יעדער אוקראינער האט מיט א יידן געקאנט טאן, וואס אים האט זיך פארוואלט.

דייטשישע סאלדאטן האבן סתם זיך געלאזן וווויל־גיין איבער יידן. זיי האבן געשלאגן, געפייניקט, דערנידעריקט און באראבעוועט. די ערשטע עטלעכע וואכן האבן די דייטשן גופא, געטריבן די יידן צו דער ארבעט און דערביי, ביים מינדסטן אויסרייד, געש־לאגן מכות רצח: זיי האבן געשלאגן, אויב א ייד האט פאר זיי נישט אראפגענומען דאס היטל, און אנדער מאל, אויב ער האט יא אראפגענומען דאס היטל; זיי האבן געשניטן ביי יידן די בערד, אראפ־געצויגן פון זיי די מלבושים, די שיך: זיי האבן געצוווּנגען יידן צו טאנצן און זינגען, האבן געפיי־ניקט יידישע מיידלער, אונטערגעצונדן בתי־תפילה, פארברענט ספרי־תורה'ס, סתם יידישע הייזער גע־לאזט אוועקגיין מיטן רויך. און אט די אלע פיינע מעשים האבן די דייטשישע סאלדאטן לרוב אויפ־געוומען מיט זייערע פאטאגראפישע אפאראטן.

די אוקראינער, באזונדערס זייער מיליץ, האבן נאכגעטאן די דייטשישע נגישות, טיילמאל בשותפות מיט די דייטשן, צומאל אויף אייגענעם חשבון, כדי צו געבן א באגריף פון די דייטש־אוקראינישע פאר־ברעכנס, וועלן מיר דא פארצייכענען א פאר ספעצי־פישע פאלן.

אין קרעטבורג האט א יידיש מיידל מיטן נאמען טייבל (איר פאמיליע־נאמען האבן די עדות נישט אנגעגעבן) געשטעלט די אוקראינער אן אקטיוון ווידערשטאנד, זי האט זיי אפגעשטויסן פון זיך און זיך פארטיידיקט מיט א מעסער אין די הענט. די צוויי

אוקראַינער, מיליציאָנערן, **דעמיטראָ לאָשוק** און **קאָליאַ גאָנטשאַרוק**, האָבן מיט ווילעס דערשטאָכן דאָס מיידל אויפן אָרט. אין ליובאָמל און אין טוטשין האָבן די דייטשן אין אַ שבת געצוואונגען די יידן צו פאַרברענען ספרי־תורה׳ס. אין הולאָבל, קאָוולער ראַיאָן, האָבן די דייטשן אין די ערשטע טעג פון זייער באַזעצן די שטאָט, אָנגעטראָפן אויף דער גאַס ·פיר יידן מיט בערד און זיי אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועז דערשאָסן אויפן אָרט. די נעמען פון די אומגעבראַכטע קרבנות זיינען געווען: **כריזמאַן, ווײנער, דוד קאַץ, און פנחס רעזשענסקי**. אין מיזאָטש האָבן די דייטשן אָנגעצונדן ביי אַ יידן די באָרד.

אין פאָריצק האָבן דייטשן, צוזאַמען מיט אוקראַינער, אונטערגעצונדן מיט ברען־באָמבעס דרייסיק יידישע הייזער. אין אָסטראה האָבן זיי פאַרברענט די ספרי־תורה׳ס פון דער שול אויף טאַטאַרסקע־גאַס.

ביינאַנד מיט רציחות פון דעם מין, זיינען יידישע ישובים געוואָרן אַן אַרענע פאַר אינדיווידועלע רויבערייען. אַלע האָבן גערויבט: דייטשן, אוקראַינער מיליציאָנערן און סתם אוקראַינער. מען פלעגט זיך אַריינרייסן אין יידישע הייזער בייטאָג און צונעמען וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. מיט רעוואָלווערן אין די הענט, פלעגט מען אויך פאָדערן זאַכן, וואָס האָבן זיך געפונען פאַר די אויגן.



ניצולי אוסטראה אחרי מלחמת העולם השניה

## אוקראַינישע אַקציעס

אין פאַרלויף פון חודש יולי 1941 האָט די אוקראַינישע באַפעלקערונג איינגעאָרדנט אָרגאַניזירטע מאַסן רויב־אָנפאַלן און פּאָגראָמען אויף יידן. נישט תמיד אָבער, קאָנען די עדות זיך דערמאָנען די גענויע דאַטעס פון די דאָזיקע רויבערייען און פּאָגראָמען, זיי געדענקען בלויז דעם חודש: יולי. מען דאַרף אָננעמען, אַז די דאָזיקע אַקציעס זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פּעטלורע־פייערונגען — דעם 6טן יולי. אין גרויסע מאַסן, אָרגאַניזירטערהייט האָבן די אוקראַינער טאָג און נאַכט פאַרפּלייצט די יידישע גאַסן און געגנטן אין די שטעט און שטעטלעך, אַרויסגעטראָגן פון די יידישע הייזער זאַכן, אָנגעשטאָפּט די זעק, אויפגעלאָדן אויף פורן און ערגעץ אַוועקגעפירט.

אַן אוקראַינער, וואָס האָט גערויבעוועט ביחידות, אויף אַן אינדיווידועלן אופן, האָט זיך, אין אַ געוויסער מאָס, אויסגעהיט פון זיינע שכנים, און בגניבה האָט ער אַוועקגעטראָגן די גערויבטע זאַכן. די וואָס האָבן גערויבט בחבורותא, האָבן נישט געפילט קיין שמץ פון אַ געפיל, אַז זיי טוען אַ פאַרברעכן, אַז זיי טוען עפּעס וואָס איז קעגן געזעץ. פאַרקערט, דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די רויבער איז געווען שטאַרק חוצפּהדיק, ווי פון מענטשן וואָס זיינען זיכער מיט זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן אויסגעפילט אַ נאַציאָנאַלע פליכט. בשעת די רויבערייען האָבן זיי דעמאָלירט אַ סך יידישע הייזער, געשלאָגן יידן מכות רצח, און טיילמאָל אויך באַגלייט די רויבערייען זייערע מיט מאָרדן אומגליקלעכע מענטשן.

אין אַ טייל שטעט זיינען די רויבערייען באַגלייט געוואָרן מיט פּאָגראָמען אין אַ ברייטן סטיל, לויטן נוסח פון די פּעטלורע־פּאָגראָמען אין די יאָרן 1918—1921. ביי די דאָזיקע רויבערייען, האָט מען קיין דייטשן נישט געזען. מיט די אַלע אַקציעס האָבן אָנגעפירט די אוקראַינישע נאַציאָנאַלע אַקטיוויסטן, וואָס האָבן איצט פאַרנומען אָנגעזעענע פּלעצער אין דער מיליץ און אין די זעלבסט־פאַרוואַלטונגען.

די דאָזיקע כוואַליע אוקראַינישע מאַסן־רויבערייען און פּאָגראָמען, האָט זיך אָדורכגעטראָגן דורך די דערפער און קליינע שטעטלעך אין וואָלין. אין די גרעסערע צענטערס, ווו עס האָבן סטאַציאָנירט דייטשן און עס האָבן זיך געפונען דייטשישע אַמטן, האָבן די רויבערייען נישט אָנגענומען קיין דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער.

אויפן גרונט פון דעם דאָזיקן חילוק צווישן די רויבערייען אין די דערפער און קליינע פּונקטן און צווישן די רויבערייען אין די גרעסערע ישובים, און אויפן גרונד פון אַ גאַנצער ריי סימנים, קאָן מען אָננעמען, אַז די דאָזיקע רויב־אַקציעס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן און אָדורכגעפירט געוואָרן אויסשליסלעך דורך די אוקראַינער אַליין, אָן דער אינספּיראַציע פון די דייטשן.

אסתר מאָטל (פאַמיליע־נאָמען נישט אָנגעגעבן) פון גלינקאַ, האָט זיך איינגעגעבן אין פּעטלורע־טאָג צו אַנטלויפן פון אַ פּאָגראָם אין גלינקאַ און אָנצוקומען קיין ראָוונע. אין דעם דאָזיקן טאָג זיינען אין ראָוונע, ווי אומעטום, פאָרגעקומען גרויסע אוקראַינישע מאַניפעסטאַציעס. אסתר מאָטל האָט זיך אַריינבאַקומען צווישן המון דעמאָנסטרירנדיקע, אָנגייענדיק ווי אַן אוקראַינקע. די דעמאָנסטראַנטן זיינען צוגעגאַנגען צום הויז ווו עס האָט זיך געפונען די דייטשישע קאָמענדאַטור. זיי האָבן אין עקסטאַז געשריען: „נידער מיט דער יידישער קאָמונע! שלאָגן זיי! שלאָגן די יידן! מאָרדן זיי!”.

צו די דעמאָנסטראַנטן איז אַרויס אַ דייטש, קענטיק אַ דיגניטאַר, וואָס האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון די דעמאָנסטראַנטן. נאָכן אויסהערן די דעלעגאַציע, האָט דער דיגניטאַר געהאַלטן פאַר די דעמאָנסטראַנטן אַ רעדע אויף דייטש, וואָס אַן איבערזעצער האָט גלייך אויפן אָרט איבערזעצט אויף אוקראַיניש. דער דייטש האָט זיך אָפּגעזאָגט געבן אַ דערלויבעניש צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, מאָטיווירנדיק זיין אָפּזאָג מיט דער געפאַר, וואָס עס באַשטייט אין אַריינפירן אומאָרדענונג אין דער צייט פון אַ מלחמה. ער האָט פאַראָרדנט, אַז דער המון זאָל זיך רואיק פונאַנדערגיין.

אויפן שאָסיי נישט ווייט פון דאָרף זדאָמישלע, קאָוולער ראַיאָן, האָט אַ גרופּע דורכפאָרנדיקע דייטשן, דעם 9־טן יולי פאַרהאַלטן אַכט באַוואָפנטע

אוקראַינער פון דאָרף קראַסקאָ. די פּויערים האָבן שטאָלצע און מיט זעלבסטזיכערקייט געמאָלדן די דייטשן, אַז זיי גייען הרגענען יידן. די דייטשן האָבן די דאָזיקע פּויערים דערהרגעט אויפן אָרט. די באַשרייבונגען וועגן פאַרלויף פון די רויב־אַנפאַלן אין שטעטל מאַניעוויטש און ראַטנאָ, באַשטעטיקן אויך די השערה, אַז די אוקראַאינישע רויב־אַנפאַלן ווי אויך די פּאָגראָמען פון יענעם חודש יולי זיינען געווען אינספּירירט, אָרגאַניזירט און אויסגעפירט דורך די אוקראַאינער אַליין.

יידן פון די ישובים ווו די פּאָגראָמען זיי־ען פאָר־געקומען, זיינען אַנטלאָפן פון זייערע ערטער. נאָך אַ געוויסער צייט איז אַ טייל יידן, שטענדיקע איינ־וווינער פון די ישובים, צוריקגעקומען אין זייערע מקומות. עס זיינען, אָבער, געווען ערטער, דערפער און קליינע ישובים, וואָס זיינען געבליבן יידן־ריין פון סאַמע דער ערשטער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, פון דער צייט פון די אוקראַאינישע אַק־ציעס אָן; יידן האָבן זיך אַהין נישט מער צוריק־געקערט.

### דייטשישע אַקציעס

די דייטשישע אַקציעס האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך אין די ערשטע טעג נאָכן באַזעצן דאָס געביט דורך דעם דייטשישן מיליטער. אין יענער צייט האָבן יידן נאָך נישט געהאַט קיין אָנונג וועגן דעם טערמין „אַקציע". די ערשטע געשעענישן פון אַן אַקציע־כאַראַקטער האָבן יידן באַצייכנט מיטן אַלטן טראַ־דיציאָנעלן נאָמען „פּאָגראָם", אָדער מיט נאָך אַן עלטערן טערמין־„שחיטה".

מען האָט די דאָזיקע ערשטע אַקציעס כאַראַק־טעריזירט לויט לאָקאַלע סימנים. אין **אָסטראָה למשל**, האָט מען די ערשטע אַקציע גערופן **דער ערשטער מאָנטיק"**, כדי צו אונטערשיידן פון דער צווייטער אַקציע — דעם „צווייטן מאָנטיק". אין מעזיריטש (מיענדזיזשעץ), האָט מען די ערשטע אַקציע אָנגע־רופן **„דער בלוטיקער שבועות"**.

דעם טערמין „אַקציע", האָבן יידן איבערגענומען פון די דייטשן און האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אים באַנוצן. מען האָט זיך מיט דעם באַגריף באַדינט שוין בשעת די אַקציעס פון טיילווייזער ליקווי־דאַציע, אָבער בשעת די אַקציעס פון דער ענדגיל־טיקער ליקווידאַציע איז דער דאָזיקער טערמין שוין געווען באַקאַנט ביי אַלע יידן.

דער באַגריף „כאַפּעריי", איז דורך די יידן געוואָרן באַנוצט (ווי אַזוי די דייטשן האָבן די דאָזיקע מעשים זייערע גערופן איז נישט באַוווסט) מחמת דעם, וואָס ער האָט צום בולטסטן כאַראַקטעריזירט דעם כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אַקציע.

דייטשן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די ערשטע אַקציעס, זיינען געוויינטלעך אָנגעקומען אויף מאָטאָ־ציקלען, האָבן שרעקלעך הויך געשריען און האָבן זיך פאַרהאַלטן ווי טייוולאָנים. יידן האָבן זיי גערופן „די שדים". מ'האָט זיי אידענטיפיצירט מיט דער ס.ס. מחמת זיי האָבן געטראָגן גרוי־גרינע מונדירן, אויף די העלמען און אויף די פּאַסקעס האָבן זיי געהאַט טויטן־קעפּ און אויף דעם אָרעם דעם צייכן: ס.ס.

בעת די ווייטערדיקע אַקציעס, האָט מען ביי די דייטשן באַמערקט אויך אַנדערע אָפּצייכענונגען. מיט דער צייט האָט מען שוין געוווסט וועגן דעם אָנטייל פון די דייטשישע אַמטן אין צוגרייטן די אַקציעס און אין אַדורכפירן זיי, ווי למשל, דער „געביטס־קאָמי־סאַריאַט". ערשט אויף דעם נירנבערגער פּראָצעס איז קלאָר געוואָרן, אַז אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן געשאַפן ספּעציעלע אָפּטיילונגען, די אַזוי־גערופענע „אייזנזאַץ־גרופּן", וואָס זיינען פאַרטיילט געוואָרן אויף אַלע געביטן, וואָס האָבן זיך ביז צום קריגס־אויסברוך געפונען אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט.

די הויפּט־אויפגאַבע פון אָט די טיילן איז, צווישן אַנדערע, געווען דאָס אַדורכפירן די פאַרניכטונג פון די יידן. דער פאַרניכטונגס־באַפעל האָט געדאַרפט אַדורכגעפירט ווערן אונטערן אויסרייד פון „שיצן דעם רוקן". מיטגלידער פון די „גרופּן", האָבן זיך רעקרוטירט פון די פאַרשיידענע פאָרמאַציעס, וואָס זיינען געשטאַנען אונטערן באַפעל פון דעם „רייכס־זיכערהייט־הויפּט־אַמט", אונטער דער אָנפירער־שאַפט פון הימלערן אַליין.

אין דער תקופה פון די פעלד־קאָמענדאַטורן, זיינען אָרגאַניזירטע מאָרדן איבער דער יידישער באַפעל־קערונג אויסגעפירט געוואָרן דורך די דאָזיקע „איינזאַץ־גרופּן". מיטן איבערנעמען די מאַכט דורך די געביטס־קאָמיסאַרן, זיינען די „איינזאַץ־גרופּן" אויטאָמאַטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַפּטיילונגען פון דער אַרטיקער ס.ד. („זיבערהייטס־דינסט"); זיי האָבן דאָס דורכגעפירט די ליקווידאַציע פון די יידן ביז צום סוף.

אין פאַרלויף פון דער הערשאַפט פון די פעלד־קאָמענדאַטורן, זיינען אויף יידן אַדורכגעפירט געוואָרן די וויטערדיקע פיר קאַטעגאָריעס אַקציעס:

א. נאָמענלאָזע אַקציעס אויף יחידים.

ב. אַקציע אויף דער אינטעליגענץ, אַנפירערשאַפט פון דער יידישער געזעלשאַפט און קאָמוניסטן.

ג. קאָפּרייען.

ד. מאַסן־אַקציעס פון טיילווייזער ליקווידאַציע.

נישט אַלע אַקציעס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן אויף אַלע פלעצער. עס בלייבט נאָך ביז איצט אַ סוד, צי דער „כאַראַקטער" פון די אַקציעס איז אויך געווען געפּלאַנט, צי ער איז געווען בלויז אַ צופעליקייט. פונקט ווי עס איז ביז איצט נישט אויפגעקלערט געוואָרן צי איז דער אויסוואַל פון די ישובים פאַר דער אָדער אַנדערער אַקציע געווען אַ פּלאַנמעסיקע זאַך, צי בלויז אַ צופאַל.

אין דער תקופה וועגן וועלכער עס רעדט זיך איצט, זיינען די אַקציעס אַדורכגעפירט געוואָרן דער עיקר אויף מענער, און דאָס דערהויפּט אויף מענער וואָס זיינען געווען אין אַרבעטסעלטער; דעריבער טאַקע האָט זיך עס געלייגט אויפן שכל פון די געב־ליבענע, אַז די יונגע און געזונטע אַוועקגעפירטע זיינען גענומען געוואָרן צו אַרבעט ערגעץ ווו.

די צאָל יידן וואָס זיינען אומגעקומען אין די איינ־צלנע אַקציעס קאָן נישט גענוי באַשטימט ווערן. די ציפערן וואָס ווערן אָנגעגעבן דורך די לעבן־געבלי־בענע עדות קאָן מען נישט באַטראַכטן פאַר מאָסגע־בנדיקע. די וואָלינער יידן אַליין האָבן קיינמאָל נישט געפירט קיין סטאַטיסטיק פון די אומגעקומענע. די פאַרשטייער פון די אוקראַינישע זעלבסט־פאַרוואַל־טונגען וואָס זיינען תמיד געווען אויף זאַמל־פּלעצער, האָבן נאָטירט די צאָל דערמאָרדעטע אָדער איבערי־קנס, האָבן יידן, אין אַלגעמיין, אַפילו זיך צו שטאַרק נישט באַמיט צו באַקומען די דאָזיקע ציפערן.

די נידערשלאַגנקייט און פולשטענדיקער רעזיג־נאַציע זיינען געווען אַזוי טיף, אַז מען האָט נישט געהאַט קיין שום אינטערעס צו קיין שום זאַך. בנוגע די ציפערן וואָס מען האָט אין איניקע שטעט באַקו־מען פון די זעלבסט־פאַרוואַלטונגען, קאָן מען אָננע־מען, אַז זיי זיינען ריכטיקע.

אין אַרכיוו פון דעם נירנבערגער גרויסן פּראָצעס, ווי אין פּראָצעס פון די „איינזאַץ־גרופּן", געפינען זיך באַריכטן פון די דאָזיקע גרופּן צו דעם „רייכס־זיכערהייטס־הויפּטאַמט" וועגן דער צאָל דערמאָר־דעטע יידן און געוויסע פונקטן, ביי געוויסע אַקציעס, אויך זיינען אין די באַריכטן פאַראַנען סומירונגען פון די דערמאָרדעטע יידן אויף אַ געוויסן שטח, ביז אַ געוויסן טערמין, אָבער בכלל גיבן די דערמאָנטע באַריכטן נישט קיין קלאָר בילד וועגן דער גאַנצ־קייט פון דער יידן־פאַרניכטונג אויפן שטח פון דעם פאַרמלחמהדיקן רוסלאַנד און ממילא אויך נישט וועגן דעם אויסמאָרדן פון די יידן אויף וואָלין.

## נאָמענלאָזע אַקציעס אויף יחידים

אין יולי און אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1941, זיינען קליינע גרופּן דייטשן מערסטנטייל צו איין פּערזאָן אויף מאָטאָציקלען, צוגעפאָרן צו אַ גאַנצער רייע דערפער אין פאַרשיידענע פּאָוויאַטן. אין די דערפער האָבן די אַרטיקע סאָלטיסן (די דאָרף־פאַרוואַלטער) צוזאַמענגערופן אַלע יידישע איינוווינערס אויף איין אָרט.

די צוזאַמענגערופענע האָט מען אַוועקגעשטעלט אין רייען, און פון זיי האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אַ געוויסע צאָל מענטשן: יעדן צווייטן, דריטן, פינפטן, זיבעטן, אָדער גאָר צענטן. די אויסגעקלי־בענע האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט. מען האָט אויך דערשאָסן יידן, אויף וועלכע די אַרטיקע אוקראַינער האָבן ספּעציעל אָנגעוויזן. דער עיקר זיינען ווי דערמאָנט, אין די אַקציעס אומגעבראַכט

געוואָרן מענער. ווו־נישט־ווו, ווי, למשל, אין מיליָ־אָטין, זדאָלבונאָווער ראַיאָן, איז דער גורל געפאַלן אויך אויף פרויען און קינדער.

אין האָשטש האָט מען אוועקגעשטעלט אין אַ ריי הונדערט און פופציק יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביים בויען אַ בריק, און מען האָט דערשאָסן יעדן צענטן. אין לובאָמל האָט מען, אייני־קע טעג נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן, פאַראָרדנט אַלע יידן זיך שטעלן אויפן מאַרק, דאָרט האָט מען זיי געהייסן זיך אויסשטעלן אין רייען און מען האָט דערשאָסן פינף מאַן: **שמואל שוסטער, שטרייכער, געלינטער, שמואל וויינגאַרטן** און **מאיר צייליגנגאָלד**.

**נאָמענטלעכע אַקציעס אויף אינטעליגענטן און קאָמוניסטן**

אין די ערשטע וואָכן נאָכן באַזעצן וואָלין זיינען אין אַ גאַנצער ריי שטעטלעך אַדורכגעפירט געוואָרן אינדיווידועלע אַקציעס, וועלכע האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון נקמה־אַקטן, אויף אינטעליגענטן, פאָ־ליטישע אַנפירערס און קאָמוניסטן.

אין אַ סך פאַלן האָט מען צו די באַטרעפנדיקע פערזאָנען געשיקט אויפפאָדערונגען זיך צושטעלן אין דער „אופראַווע" (דער אוקראַינישער זעלבסט־פאַר־וואַלטונג), אָדער אין דער דייטשער קאָמענדאַטור. אין אַנדערע פאַלן האָט די מיליץ אַרויסגענומען די דאָזיקע מענטשן פון זייערע היימען, אָבער אין די דאָזיקע אַקציעס זיינען אומגעקומען נישט נאָר אינ־טעליגענטן און קאָמוניסטן. עס זיינען געווען פאַלן, אַז אויך יידן וואָס האָבן נישט געהערט צו קיין איינער פון די דאָזיקע צוויי קאַטעגאָריעס, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַ נאָמענטלעכן אופן. דאָרט האָבן די אוקראַינער, וועלכע האָבן געהאַט פערזענלעכע חשבונות מיט אַ יידן, זיך מיט אים אָפּגערעכנט אויף אַזאַ אופן.

אין אָסטראָה למשל, זיינען אין דער קאָמוניסטן־אַקציע אומגעקומען **מיטיא זילבערשטיין**, וועלכער איז בעת דער סאָוועטישער הערשאַפט געווען אַ באַאַמטער אין שטייער־אַמט. **סיאָמאַ טאַבאַטשניק**, דעם זון פון דאָקטער טאַבאַטשניק האָט מען דער־מאָרדעט דערפאַר, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק באַליידיקט זיינעם אַ שול־קאָלעגע — אַן אוקראַינער. אַ חוץ זיי זיינען אין אָסטראָה אומגעקומען נאָך אייניקע מענטשן.

אין קאָסטאָפּאָל האָט מען אין אַ נאָמענטלעכער אַקציע דערמאָרדעט דעם דאָרטיקן תושב **פעלדמאַן**, זיין זון און איידעם. אין קאָריטניצאַ זיינען דער־מאָרדעט געוואָרן צוויי יידישע משפחות: **פירשל** און **פעלדמאַן**. אין אושצילאָג זיינען דעם 24־טן יולי דערמאָרדעט געוואָרן אויף דעם אינדיווידו־עלן אופן דריי יידישע משפחות. אין די לעצטע פאַלן האָט מען אויך אומגעבראַכט די פרויען מיט די קינדער.

אין טוטשין האָט די אוקראַינישע מיליץ פונאַנ־דערגעטראָגן (דעם 18טן יולי 1941) נאָמענטלעכע אויפפאָדערונגען צו פינף און צוואַנציק יידן (וואָס די עדות באַצייכענען זיי ווי „די קאָפּ־מענטשן"), אַז זיי זאָלן זיך שטעלן צו דער „אופראַווע". די אויפ־פאָדערונגען זיינען געווען אונטערגעשריבן פונעם פאַרזיצער פון דער טוטשינער אופראַווע — שצער־באַניוק. די אַלע פינף און צוואַנציק פערזאָן האָבן זיך צוגשטעלט. מיליציאָנערן האָבן זיי אַוועקגעפירט הינטער דער שטאָט און דאָרט זיי געהייסן אויס־גראָבן גריבער. נאָכדעם ווי די גריבער זיינען געווען פאַרטיק, זיינען אָנגעקומען דייטשן און אַלע פינף און צוואַנציק מאַן דערמאָרדעט.

אין קאָרעץ האָט מען, אין דער צווייטער וואָך נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן, אַרעסטירט אַ געוויסע צאָל יידן אַלס קאָמוניסטן און זיי דערמאָר־דעט אויפן פראַוואָסלאַוונעם בית־הקברות.

אין דער חגא „די שוויענטאַ פּרעציסטאַ" (יולי 1941), האָבן אוקראַינער צוזאַמענגעטריבן אין אַ סטאַדאָלע אַריין עטלעכע צענדלינג יידן און האָבן זיי דערמאָרדעט אין דאָרף סיטני, צוויי קילאָמעטער פון קאָרעץ. פינף טעג שפּעטער האָבן זיי ווידער אַמאָל צונויפגענומען ביי אַ צוויי צענדלינג יידן, פון די „קאָפּ־מענטשן" און זיי דערמאָרדעט אין דער־מאָנטן דאָרף — סיטני.

אין קאָוועל האָט מען אין די ערשטע וואָכן

אַרעסטירט פופצן אַנפירנדיקע יידן, צווישן די אַרעס־טירטע האָט זיך געפונען דער אָרטיקער רבי פון דער טריסקער דינאַסטיע — וועלוועלע טווערסקי. די יידן פון קאָוועל און פון ווייטערע און נענטערע קהילות האָבן צונויפגענומען גרויסע געלט־סכומים און אַ מענגע ווערט־זאַכן, כדי אויסצוקויפן דעם רבין. אַ ריי „מאַכערס" און מעקלערס, דייטשן און אוקראַי־נער, האָבן צוגעזאָגט באַפרייען דעם רבין פאַר דעם אויסלייז־געלט. האָבן אָבער צוגענומען דאָס געלט און די ווערט־זאַכן און דער רבי איז סיי ווי סיי דערמאָרדעט געוואָרן. די דערמאָנטע קאָוולער אַרעסטירטע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן לעבן באַנ־קערס מיל.

אין **מאַטשעיאָוו**, האָט מען אין דער ערשטער וואָך דערמאָרדעט צוויי בחורימלעך. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער — אַנדערע פיר דערוואַקסענע.

אין **מיעלניעץ** האָט מען אין די ערשטע טעג אַרעסטירט פינף פערזאָן — געוועזענע קאָמוניסטן — פון זיי דריי יידן און צוויי אוקראַינער. די אַלע פינף זיינען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט, הינטער דער שטאָט.

אין **ראַדזשיווילאָוו** זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דרייסיק מענטשן לויט אַ נאָמענטלעכער **ליסטע**. צווי־שן זיי צוויי פּרויען — ווי **קאָמוניסטקעס**. **צווישן די** קרבנות איז געווען דער רב יקירא, די גזעלשאַפט־לעכע עסקנים לעוויטאַן און **כאַמאַד**. **אין באַרעמל** זיינען אומגעבראַכט געוואָרן זיבעצן **יונגע בחורים**, וועלכע זאָלן כלומרשט האָבן געווען קאָמוניסטן.

אין **אַסטראָזשעץ** האָט מען אומגעבראַכט דעם עסקן **אהרן רעסיטשוק**. אייניקע טעג **שפּעטער** האָבן זיי דערמאָרדעט **דוד שטיינשניידערן, לייזער קורניקן, אברהם אייזנבערגן** און נאָך פיר פערזאָן. **אין קאָזין** האָט מען דערמאָרדעט 6 פערזאָן לויט אַ נאָמענט־לעכער רשימה.

אין **קרעמעניעץ** האָט מען צוזאַמענגעבראַכט די יידישע אינטעליגענץ אויף אַ פאַרזאַמלונג **אין גאָרטן** טיוואָלי, ווו עס האָט זיך געפונען אַן **אָפיציעלער** אַמט. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט מען כלומרשט געזאָלט באַשליסן וועגן שאַפן **שולן**, שפּיטעלער און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינסטי־טוציעס פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.



ניצולי אוסטראה אחרי מלחמת העולם השניה

אויף דער דאָזיקער באַראַטונג האָט מען פאַר־בעטן די דאָקטוירים, לערערס, בוכהאַלטערס און פאַרשיידענע גוזעלשאַפטלעכע טוערס. עס האָבן זיך צוגעשטעלט הונדערט און זיבעציק מענטשן. אַלע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. אויפן אָרט האָט מען זיי דערהרגעט און באַגראָבן.

אין ווישנאָוויץ און אין לאַנאָוויץ האָט מען אַרעס־טירט אַ צאָל פּערזאָנען, צווישן צען און צוואַנציק, און זיי אַוועקגעפירט אין אַ נישט־באַוווּסטער ריכ־טונג. אין קאַסטאָפּאָל האָט מען דערשאָסן זעקס מענטשן, צווישן זיי צוויי דאָקטוירים. אין לודוויפּאָל האָט מען אַרעסטירט זיבן פּערזאָן, וועלכע מען האָט דערשאָסן אין לוביטשאַנקאַ נישט ווייט פון דעם קאַטוילישן בית־הקברות.

אין אָסטראָה האָט מען אַרעסטירט דעם קאָמוניסט פּאַטאַשניק, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַנגען אין דעם קעלער פון דער קאָמענדאַטור. אין פּיטשאַיעוו האָט מען אַרעסטירט און דערשאָסן צוויי יידן.

אַלע אומגעקומענע, אין די אַקציעס וואָס זיינען אָנגעגעבן אין דעם לעצטן קאַפּיטל, זיינען אומגע־בראַכט געוואָרן לויט נאָמענטלעכע רשימות, אָבער, די עדות האָבן נישט תמיד געדענקט די נעמען פון די קרבנות.

### כאַפּעריייען

אין די חדשים יולי־אויגוסט 1941 זיינען אין אַ סך שטעט און שטעטלער פאַרגעקומען כאַפּעריייען פון די יידן, וועלכע זיינען פאַרשטייט זיך אומגעבראַכט געוואָרן. אין איינציקע שטעט און שטעטלער זיינען די כאַפּעריייען פאָרגעקומען בלויז איין מאָל, אין אַנדערע ערטער, צו צוויי און אַפילו צו דריי מאָל. בשעת די כאַפּעריייען האָט מען געזוכט און גענומען נאָר מענער. אָבער אין אָסטראָזשעץ האָט מען אויך געכאַפּט פיר פרויען. און אין לובאָמל האָט מען בשעת דער צווייטער כאַפּעריי גענומען אויך פרויען און אַפילו קינדער.

די כאַפּעריייען האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף פאָלגנ־דיקן אופן: אין משך פון טאָג, הויפּטזאַכלעך פאַר־נאַכט, ווען יידן זיינען געקומען צוריק פון דער אַרבעט, האָבן זיך אין יידישע געגנטן אָדער אין די פונקטן פון וואַנען יידן פלעגן אַוועקגיין צו דער אַרבעט און זיך צוזאַמענגעקומען ביים צוריקקערן פון דער אַרבעט, אָפּגעשטעלט לאַסט־אויטאָס. ביי יעדן אויטאָ זיינען געשטאַנען עטלעכע דייטשן און אוקראַאינער. זיי האָבן פאַרהאַלטן די יידן און זיי אויפגעלאָדן אויף די אויטאָס. זיי האָבן נאָטירט די צאָל פון די פאַרהאַלטענע. די מאַשינען זיינען אַוועק־געפאָרן מיט אַ באַשטימטער צאָל מענטשן און נאָך אַ קורצערער אָדער לענגערער צייט זיינען זיי צוריק־געקומען ליידיקע...

אין יענער תקופה, האָבן יידן שוין געוווּסט, וואָס אַזאַ „מאַשין" באַטייט, און מיטן באַוויזן זיך פון די מאַשינען פלעגן זיי זיך ווי ווייט מעגלעך, פאַרש־טעקן, אויף וויפל דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן. אין פאַל, ווען די צאָל געכאַפּטע איז נישט געווען „גענו־גענט", פלעגן די דייטשן און אוקראַאינער אַריינגיין אין די יידישע הייזער און פון דאָרט אַרויסשלעפּן מענטשן. די אויפגאַבע פון די אוקראַאינער, וועלכע האָבן אַסיסטירט די דייטשן, איז געווען אָנוויזן די יידישע הייזער און די יידן אויף דער גאַס.

טראָץ דעם וואָס די יידן האָבן דעמאָלט שוין געטראָגן אָפּצייכענונגען, ווייסע בענדער, אויף דעם לינקן אָרעם, וואָלטן די דייטשן נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן אַ יידן און אַ נישט־יידן.

אין האָראָכאָוו ווו די דייטשן האָבן געכאַפּט, אַליין, אָן דער הילף פון די אוקראַאינער, האָבן זיי געכאַפּט הונדערט און אַכציק מענטשן, פון זיי בלויז הונדערט און אַכט יידן, דער רעשט, צוויי און זיבעציק מענטשן, זיינען געווען אוקראַאינער. די געכאַפּטע האָט מען אַוועקגעפירט אויף, די ערטער הינטער דער שטאָט, ווו עס זיינען געווען צוגעגרייט גריבער. דאָרט, אויף בערגלעך, האָבן זיי דערוואַרט דייטשן מיט פולעמיאָטן, אַזוי ווי בשעת די שפּעטער־דיקע אַלגעמיינע אַקציעס, זיינען די קרבנות צוגע־גאַנגען מיט די פּנימער צו די גריבער און פון הינטן האָט זיי באַשאָסן אַ פולעמיאָט, אַזוי אַז זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין די גריבער. די טויטע קערפּערס האָבן זיי אַנגעלייגט אין שיכטן.

די גריבער זיינען געווען פון פריער אויסגערעכנט אויף א געוויסער צאל קרבנות, לויט דער צאל וואס ס'איז געווען באשטימט דעם טאג אומצוברענגען. אין מערסטנטייל זיינען די גריבער פאר די געכאפטע געגראבן געווארן גאנץ נאענט צו דער שטאט. בלויז אין איניקע פלעצער האט מען נאך דער מלחמה נישט געקאנט פעסטשטעלן ווו די גריבער האבן זיך געפונען.

עס זיינען געווען פאלן, ווען די געכאפטע האט מען סעגרעגירט ערגעץ־ווו אויף א פלאץ, און א טייל פון די געכאפטע האט מען אפגעשיקט אהיים.

אין ראוונע זיינען אין יולי און אויגוסט פארגעקומען צוויי אזעלכע כאפערייען, עס זיינען אין זיי אומגעקומען קרוב צוויי טויזנט מענטשן — אלע מענער. זיי זיינען אלע באגראבן געווארן אויף דער ביאלער גאס (אוליצא ביאלא) נישט ווייט פון דער בריק.

אין קאוועל זיינען אין יולי־אויגוסט פארגעקומען דריי כאפערייען. אין דער ערשטער כאפעריי האט מען גענומען נאר יונגע און שטארקע מענער. די קרבנות פון דער דאזיקער כאפעריי זיינען באגראבן געווארן לעבן דער ציגעלניע אויף גורקי. ביי דער צווייטער כאפעריי האט מען אויך געכאפט יונגע מענער, וועלכע זאלן כלומרשט געווען זיין נויטיק אויף אומצובייטן די פריער געכאפטע, וועלכע מען האט געשיקט אויף „ארבעט". ביי דער דריטער כאפעריי האט מען גענומען ווער ס'איז נאר אונטערגעקומען אונטער דער האנט, אפילו אלטע לייט. די קרבנות פון דער צווייטער און דריטער כאפעריי האט מען דערמארדעט און באגראבן אין וואלד באכאוו.

אין מאניעוויטש האט די מיליץ פריער באזעצט אלע וועגן וואס האבן ארויסגעפירט פון שטאט, דערנאך זיינען אין שטאט אנגעקומען צוועלף לאסט־אויטאס, וועלכע האבן זיך אפגעשטעלט אויפן מארק.

די אוקראינישע מיליץ האט געכאפט די יידן פון די גאסן, ארויסגעצויגן פון די שטיבער און אוועקגעפירט אויפן מארק. אין מיטן מארק איז אויף א שטול געזעסן א גראבער דייטש.

די אוקראינער האבן צוגעפירט צום דייטש אלע געכאפטע, יעדער פון זיי האט זיך געמוזט אנידערלייגן פארן דייטש, וואס האט געשלאגן מיט א בייטש. יענעם טאג האט מען אין מאניעוויטש געכאפט דריי הונדערט און ניין און פערציק מענער (די גענויע צאל איז אנגעגעבן געווארן דורך דער מוניציפאלער פארוואלטונג — צו די דארטיקע יידן). אלע זיינען דאמאלט דערמארדעט געווארן און באגראבן געווארן נישט ווייט פון דער שטאט.

דעם זעלביקן טאג, קעגן אוונט צו, האט מען געכאפט נאך אכצן מענטשן, אבער נאך א שעה האט מען זיי אפגעלאזט, כלומרשט ווען דער קאנטיגענט מענטשן וואס איז נייטיק געווען צו דער ארבעט איז שוין געווען פארפולט.

אין מיעלניצא האט מען סוף יולי, געכאפט, עטלעכע הונדערט מענטשן. אויף דעם פונקט ווי מען האט די אלע פארזאמלט, האט מען אדורכגעפירט א סעלקציע. די פאכלייט האט מען מיט הינט אפגעטריבן אהיים; די נישט־פאכלייט האט מען דערמארדעט נישט ווייט פון קלויסטער.

אין דובנא איז די ערשטע כאפעריי פארגעקומען דעם 22־טן יולי. מען האט אויף דער גאס געכאפט הונדערט און פופציק מענטשן, אויף וועלכע מען האט אדורכגעפירט, אויפן תפיסה־הויף, א סעלעקציע. זעכציק מענטשן האט מען אפגעלאזט אהיים. די אנדערע ניינציק האט מען אוועקגעפירט אויפן יידישן בית־הקברות, צו די גריבער וואס זיינען דארט געווען צוגעגרייט.

די צווייטע כאפעריי איז פארגעקומען דעם 21־סטן אויגוסט. יידן האבן זיך דעמאלסט באהאלטן. האט מען זיי ארויסגעשלעפט פון די שטיבער, פון די פארשיידענע באהעלטענישן. די געכאפטע האט מען פארזאמלט אויפן מארק, פון וואנען מען האט זיי אפגעפירט אין דער שטאטישער תפיסה. פון דארט האט מען זיי גרופנווייז אפגעפירט אויפן יידישן בית־הקברות, ווו עס זיינען שוין געווען צוגעגרייטע גריבער. די דאזיקע כאפעריי האט געדויערט צען שעה. לויט ווי עס גיבן איבער עדות, זיינען אין יענעם טאג אומגעקומען טויזנט מענטשן.

אין אסטראזשעץ האט מען סוף יולי געכאפט

פערציק מענער און פיר פרויען. מען האָט זיי דערמאָרדעט אין יאַראָווער וואַלד.

אין **טאַרגאָוויצע** האָט מען אָנהייב יולי געכאַפּט הונדערט און דרייסיק מענער, מען האָט זיי אומגעבראַכט אין ראַמאַנסאָווא גורקאַ.

אין **זדאָלבונאָוו** זיינען געווען כאַפּערייען, די ערשטע, אָנהייב יולי, צווייטע — דעם 31־סטן יולי. אין ביידע פאַלן האָט מען געכאַפּט מענער אויף דער גאַס און זיי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

אין **האָראָכאָוו** האָבן די דייטשן אַליין — דעם 25־סטן יוני — געכאַפּט די מענטשן אויף דער גאַס און שפּעטער זיי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. ווי דערמאָנט, זיינען צווישן די געכאַפּטע געווען אויך אוקראַאינער, וועלכע מען האָט מסתמא שפּעטער אַרויסגעלאָזט.

דעם 12־טן יולי איז פאָרגעקומען אַ צווייטע כאַפּעריי, ביי וועלכער עס זיינען צוגענומען געוואָרן דריי הונדערט מאַן און זיי זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

אין **קיעשלין** האָט מען אין אויגוסט געכאַפּט פופציק מענער, וועלכע מען האָט אומגעבראַכט אין דעם דערבייאיקן פריצישן הויף.

אין **בערעסטעטשקאַ** איז אין אויגוסט געכאַפּט געוואָרן פיל מענטשן בעת אַ כאַפּעריי און מען האָט זיי דערמאָרדעט נישט ווייט פון שטעטל.

אין **לאָקאַטש** האָט מען אין יולי געכאַפּט הונדערט און פופציק מענטשן, זיי זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אַ 2 קילאָמעטער פון שטעטל.

אין **לובאָמל** זיינען געווען צוויי כאַפּערייען: די ערשטע — אין יולי. מען האָט געכאַפּט דריי הונדערט מענטשן און זיי דערמאָרדעט אויפן אַלטן בית־הקברות. די צווייטע כאַפּעריי איז פאָרגעקומען דעם 2־טן אויגוסט. דעמאָלט זיינען דערמאָרדעט געוואָרן צוויי הונדערט און אַכציק מענטשן (צווישן זיי פרויען, זקנים און קינדער). זיי זיינען באַגראָבן געוואָרן אין וואַלד באַרקי, פיר קילאָמעטער פון שטאָט.

אין **לוצק** האָט מען דעם 29־טן יוני (ד' תמוז) געכאַפּט אויף די גאַסן און אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער. מען האָט אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע. אַלע עלטערע איבער פופציק יאָר, האָט מען אָפּגעפירט אַהיים.

אין **קאָלקי** האָט מען אין יולי אָנגעהויבן כאַפּן מענער אויף דער גאַס. יידן האָבן באַצייטנס דערהערט דערפון און די יונגע מענטשן האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון שטעטל. האָט מען געכאַפּט אויף דער גאַס הונדערט און פופציק עלטערע מענטשן, וועלכע מען האָט דערמאָרדעט אויפן ברעג פון סטיר, אין דער ריכטונג פון ביאַליבאָרע. פיר און צוואַנציק זקנים פון די געכאַפּטע האָבן זיי לעבדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין סטיר און זיי באַוואָרפן מיט שטיינער.

אין **ראַזשישטש** האָט מען אין יולי געכאַפּט אויף די גאַסן הונדערט און פופציק מענער.

אין **זאָפּיובקע** האָבן, אין יולי, אוקראַאינער אַליין געכאַפּט הונדערט און פופציק מענער, זיי געטריבן צו דער באַן־סטאַנציע און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן, וועלכע האָבן זיי אַוועקגעפירט. אויפן וועג צו דער באַן־סטאַנציע זיינען געפאַלן אייניקע יידן פון די אוקראַאינישע הענט.

אין **וולאַדימירעץ** זיינען געווען צוויי כאַפּערייען. איינע אָנהייב יולי, די צווייטע — סוף פון דעם דאַזיקן חודש. ביי דער ערשטער ווי ביי דער צווייטער כאַפּעריי האָט מען געכאַפּט מענטשן אויף דער גאַס און אַרויסגעצויגן פון די שטיבער. די עקזעקוציע האָט מען אַדורכגעפירט אויף דעם תפיסה־הויף.

אין **פאָריצק** האָט מען אין אויגוסט געכאַפּט דרייסיק יידן און מען האָט זיי דערשאָסן הינטער דער שטאָט.

קיין **קאָסטאָפּאָל** זיינען דעם 16־טן אויגוסט (כ"ג אב) אָנגעקומען פיר לאָסט־אויטאָס. מען האָט געכאַפּט מענער אויף די גאַסן און מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די שטיבער. די קרבנות האָט מען צונויפגעזאַמלט אין די קאַזאַרמעס. צוזאַמען האָט מען צונויפגעטריבן פיר הונדערט און זעקס און פערציק מענטשן, וועלכע מען האָט גרופּנווייז אַוועקגעפירט אויף דעם ספּאָרט־פּלאַץ הינטערן וואַלד און דאָרט זיי דערשאָסן.

אין דער דאָזיקער כאַפּעריי האָבן געגומען אַנטייל אַ גרויסע צאָל פּרעמדע — דאָס מיינט נישט קיין קאַסטאַפּאַלער — מיליציאַנערן, וועלכע זיינען גע־בראַכט געוואָרן ספּעציעל פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

**די אַקציע אין אָסטראָה י״א אב תש״א**

**אָסטראָה.** מאָנטיק, דעם 4־טן אויגוסט (י״א אב תש״א), האָבן דייטשן און אוקראַינער אָנגעהויבן טרייבן די יידן פון די שטיבער. עס איז געווען גאַנץ פרי און די יידן זיינען נאָך געווען געשלאָפן. אַ סך יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן אין זייער נאַכט־וועש. מען האָט די אַרויסגעטריבענע צו־זאַמענגעשטעלט אין רייען און זיי געטריבן אויף דער נייער שטאָט, הינטערן וואַלד, נישט ווייט פון פלאַץ ווו עס האָבן געוווינט די טעפּער.

אויפן וועג, פירנדיק די יידן צום טויט, האָבן זיי די אוקראַינער געשלאָגן מכות רצח. פון די שטיבער האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע, נישט נאָר מענער, פרויען, קינדער און אַפילו קראַנקע; אפילו פּאַראַלי־זירטע האָט מען געצווונגען מיטשלעפּן מיט זיך. דאָסגלייכן האָט מען געצוואונגען יידן אַרויסצוטראָגן אַלע יידן פון די שפּיטעלער און זיי נעמען מיט זי.

אַ גאַנצן טאָג האָבן יידן זיך געפונען אויפן זאַמל־פּונקט, נישט וויסנדיק, אַז אַ פּאָר צענדלינג מעטער פון זיי געפינען זיך אויסגעגראָבענע גריבער, וואָס זיינען פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן. דער פּלאַץ איז געווען אַרומגעשטעלט מיט דייטשן און אוק־ראַינער. אָן אויפהער זיינען אויפן פּלאַץ געקומען אויטאָס, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעגאַנגען דייטשן און פאַרשטייער פון די אוקראַינער — דער „אופראַווע״ און אַנדערע.

ערשט נאָכמיטאָג האָט זיך אָנגעהויבן די סעלעק־ציע. מען האָט די יידן אויסגעשטעלט אין רייען, וועלכע האָבן פאַרביימאַרשירט פאַר די אויגן פון די דייטשן, און זיי האָבן פאַרטיילט די יידן אין פאַר־שיידענע גרופּעס. באַזונדער האָט מען געשטעלט ספּעציאַליסטן און אַרבעטס־פעאיקע מענער; באַזונז דער פרויען מיט קינדער ביז 12 יאָר און באַזונדער אַלטע און קראַנקע, אַזוי מענער ווי פרויען און קינדער.

די אָפיציעלע ווערסיע וועלכע די דייטשן און אוקראַינער האָבן פאַרשפּרייט אויפן פּלאַץ איז געווען, אַז די קראַנקע און אַלטע וועלן בלייבן אויפן אָרט, די אַרבעטס־פעאיקע מענער און פרויען וועט מען אָוועקפירן אויף אַרבעט. דעריבער האָבן מענ־טשן, וואָס האָבן שוין געהאַט אַדורכגעמאַכט די אָפיציעלע סעלעקציע, זיך געפּרוווט אַדורכגנבענען פון איין גרופּע אין דער צווייטער.

ספּעציעל האָבן מענטשן זיך באַמיט אַריינצובאַ־קומען אין די רייען פון די אַלטע און קראַנקע כדי מען זאָל זיי נישט אָוועקפירן ווער ווייסט וווהין. אַריינצובאַקומען זיך צווישן די אַלטע און קראַנקע איז נישט געווען שווער. די דייטשן וואָס האָבן געהיט די אַלטע און קראַנקע האָבן אַליין פאַר־געלייגט יידן פון די אַנדערע רייען, ספּעציאַליסטן און אַרבעטס־פעאיקע, אַריבערצוגיין צו די אַלטע און קראַנקע. זיי האָבן געזאָגט: ווער ס׳איז קראַנק, ווער ס׳פילט זיך נישט גוט, זאָל פריער באַרעכענען וווהין ער זאָל בעסער גיין, אויף וועלכער זייט...

פיר אַזייגער האָט מען אָפּגעשיקט אַהיים די מוטערס וואָס האָבן געהאַט קינדער. אַ שעה שפּע־טער האָט מען צו די פרויען צוגעשטעלט די געזונטע מענער און פרויען. דייטשישע קאָנוואָיען האָבן זיי אָפּגעפירט אין שטאָט אַריין און געהייסן זיך צוגיין אַהיים. די איבערגעבליבענע אויפן פּלאַץ: אַלטע, קראַנקע מענער און פרויען האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען, אָן אונטערשייד פון עלטער און געשלעכט, צו פינף און צוואַנציק מאַן אין אַ קאָלומנע, און מען האָט זיי אָוועקגעפירט צו די גריבער, ווו מען האָט זיי באַגעגנט מיט קוילן פון מאַשינען־געווער.

די הריגה, איז אָנגעגאַנגען ביז 7 אין אָוונט. די יידן, וואָס זיינען געזעסן אויפן פּלאַץ און האָבן געוואַרט אויף זייער ריי, האָבן אַלץ געהערט און געזען. די וואָס זייער ריי איז געקומען, האָבן זיך געזעגנט און צעקושט מיט די וואָס זייער ריי האָט געדאַרפט קומען אין אייניקע מינוט אַרום.

פּלוצים, 7 אַזייגער, ווען אויפן פּלאַץ זיינען נאָך געווען פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט מענטשן, האָט

זיך באַוויזן עפּעס אַ דייטשישער דיגניטאַר און האָט אָנגעהויבן רעדן צו די יידן ווערטער פול מיט כעס און שנאה: — „איר, פאַרשאָלטענע יידן, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מלחמה און וואָס פאַרשפּרייטן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן! אייך דאַרף מען פאַרניכטן ביז צום סוף. אָבער מיר זיינען נישט אַזעלכע ווי איר, מיר זיינען אַדעל־לייט, דערפאַר באַפרייען מיר די פרויען. זאָלן זיי זיך תיכף ומיד צעגיין פון דאַנען!".

די איבערגעבליבענע פרויען, אַפילו די וואָס זיינען שוין געווען אויסגעטאָן, זיינען אַוועק פון פּלאַץ. מענער, אַפילו קינדער זיינען ווייטער געבליבן אויפן אָרט. וועגן דער דאַזיקער לעצטער גרופּע יידן, וואָס קיינער פון די יידן האָט נישט געזען ווי מען האָט זיי דערמאָרדעט, האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאַנגען, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט ערגעץ ווו אויף אַרבעט. יידן האָבן געגלויבט אין די קלאַנגען טראָץ דעם, וואָס מיליציאָנערן און פּויערים האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען געווען אויף דעם פּלאַץ און האָבן געזען, אַז דער גורל פון דער לעצטער גרופּע איז געווען דער זעלבער וואָס דער גורל פון אַלע יידן וואָס זיינען נישט געשיקט געוואָרן אַהיים.

פּונקט צו די פיר וואָכן, ווידער אַמאָל אין אַ מאָנטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1941, ט׳ אלול תש״א, צווישן 7 אַזייגער און 8 אינדערפרי, האָבן אוקראַינישע מיליציאָנערן און ציווילע אוקראַינער גענומען טרייבן יידן פון די שטיבער אויף דעם פּלאַץ וואָס איז אין שכנות מיט דער זעג, דעם טאַרטאַק אויף דער וויעלבאָוונאַ גאַס. ביי דער דאָזיקער אַקציע איז דער טראָפּ געשטעלט געוואָרן אויף אַרבעטס־פעאיקע און יונגע מענטשן. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי דאַרפן מענטשן צו דער אַרבעט, אָבער גיין אויפן פּלאַץ האָט מען נישט געהייסן.

10 אַזייגער איז די גאַנצע נאָך לעבעדיקע יידישע באַפעלקערונג פון אָסטראָה שוין געווען אויפן פּלאַץ: יונג און אַלט, פרויען, מענער און קינדער. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויף דער שנעל אַדורכפירן אַ סעלעקציע. פון דער מאַסע האָט מען אַרויסגענומען יונגע און געזונטע מענער, עס זיינען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס אויף וועלכע מען האָט די אויסגעקליבענע מענטשן אַוועקגעפירט; די אויטאָס זיינען געקומען צוריק ליידיקע און ווידער האָט מען אויף זיי אָנגעלאָדן די מענטשן — יונגע, געזונטע און אַרבעטס־פעאיקע. אין יענער אַקציע האָט מען די ספּעציאַליסטן אויסגעטיילט פון די סתם אַרבעטס־פעאיקע און זיי געשטעלט באַזונדער.



חתונה במחנה פליטים אחרי השואה

די פירער פון די אַרבעטס־שטעלן (צו יענער צייט זיינען געווען בלויז קאָמונאַלע און דייטשישע אַרבעטס־שטעלן) זיינען געקומען אויפן פּלאַץ מיט רשימות פון זייערע אַרבעטער, און זיי, די אַרבעטער, מיט זייערע משפחות זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון די רייען וואָס זיינען געווען באַשטימט צום אַוועקפירן. דערהויפּט האָבן דאָס געטאָן עלטערן פון קינדער, וואָס האָבן נישט געוואָלט זייערע קינדער לאָזן אַוועקגיין אַליין ערגעץ ווו אויף אַרבעט, אָן אויפזיכט און הילף.

אויך פיל עלטערע אַרבעטס־אומפעאיקע מענטשן, דערפאַרענע פון דער פריערדיקער אַקציע, האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל פון יונגע. די דאָזיקע אַקציע האָט געדויערט ביז 3 אַזייגער. מיטן אָפּפאָרן פון דער לעצטער מאַשין, זיינען די דייטשן און די אוקראַינער אַוועק פון פּלאַץ, די יידן וואָס זיינען נישט אַוועקגעפירט געוואָרן, זיינען זיך צעגאַנגען אין זייערע היימען.

אין דער דאָזיקער אַקציע איז אומגעקומען כמעט די גאַנצע יוגנט פון דער שטאָט און זייער פיל קינדער. יידן האָבן אָפּגעשאַצט די שחיטה אויף צוויי טויזנט נפשות. די קרבנות זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין ניטישין, 7 קילאָמעטער פון אָסטראַהּ, אַ דאָרף וואָס ליגט שוין אויף דער געוועזענער סאָוועטישער זייט.

**די אַקציעס פון „ענדגילטיקער" ליקווידאַציע**
**אָדער „יודענריין" אין וואָלין**

דאָס פאַרטיילן די פאַרניכטונג פון די יידן אויף צוויי טיילן; אַקציעס פון טיילווייזער ליקווידאַציע און אַקציעס פון „יודענריין" איז בלויז געווען אַן ענין פון סימנים. אָבער די דאָזיקע פאַרטיילונג ווייזט אויס צו זיין אַ ריכטיקע, מחמת דעם פאַרשיידענעם כאַראַקטער פון אָט די צוויי סאָרטן אַקציעס און פון זייער פאַרלויף. אויך בנוגע דער צייט שיינט די דאָזיקע פאַרטיילונג צו זיין אַ ריכטיקע.

אַלע אַקציעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביז אויגוסט 1942, האָבן געהאַט דעם כאַראַקטער פון טיילווייזער ליקווידאַציע. דעריבער דאַרף אויגוסט 1942 באַטראַכט ווערן ווי דער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פונעם יידישן אומקום אויף וואָלין און ווי אַן אָנהויב פון די אַקציעס פון „יודענריין".

טראָץ דעם, וואָס אין תוך גענומען, זיינען פיל שטעטלעך און דערפער געוואָרן „יודענריין" אַ סך פריער פאַר אויגוסט 1942 — דורך דעם אַריבער־טראַנספּאָרטירן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין אַנדערע שכנותדיקע ישובים.

יידן האָט מען קאָנצענטרירט אין איין געטאָ, אויפן שטח פון איין ישוב איידער די געטאָ איז נאָך אַנטשטאַנען, בשייכות מיט אַן אַקציע וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען — אין דעם ישוב וווהין מען האָט די יידן אַריבערגעטראַנספּאָרטירט. ס'האָט אויך געטראָפן, אַז מען האָט יידן אַריבערגעפירט פון איין ישוב אין אַ צווייטן אָן וועלכן ס'איז צוזאַמענהאַנג מיט קאָנקרעטע געשעענישן. דאָס אָרט פון וואַנען מען האָט די יידן אַרויסגעשיקט איז געוואָרן יודנריין און קיין יידישער פוס האָט דאָרט מער נישט געטאָרט שטיין.

די דאָזיקע טראַנספּאָרטירונג פון יידן האָבן אויסגעפירט די אוקראַינישע ציווילע פאַרוואַלטונגען צוזאַמען מיט דער אוקראַינישער מיליץ, וואָס האָט די יידן אונטער אַ „קאָנוואָי", אַ שמירה, אַריבערגעפירט אין דער נייער געטאָ. געוויינטלעך פלעגט מען ביי אַזעלכע אַקציעס נישט דערלויבן מיטצונעמען מיט זיך קיין שום זאַכן, אָדער אין אַ גוטן פאַל, איז דערלויבט געוואָרן מיטנעמען מיט זיך עפּעס וואָס.

געוויינטלעך זיינען די דאָזיקע איבערטראַנספּאָר־טירונגען געווען באַגלייט מיט מענטשן־קרבנות, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען נישט געווען באַגלייט פון קיין וויכטיקע אַקציעס. בלויז דריי יידישע קהילות אויף וואָלין זיינען געוואָרן „יודענריין" פאַר אויגוסט 1942 דורך אויסמאָרדן אַלע יידן אויפן אָרט.

קלעוואַן איז געוואָרן יידנריין אין דער אַקציע פון שבועות תש"ב, אין דער צייט ווען אַלע ישובים אין ראָוונער „געביט" האָבן אין יענער צייט דורכגעמאַכט בלויז אַקציעס פון טיילווייזער ליקווידאַציע.

אין שטעטעלע שאַצק, לובאָמלער „געביט", זיינען

אַלע יידן אומגעבראַכט געוואָרן אויפן אָרט דעם 23-סטן יוני 1942 (ח' תמוז תש"ב), אין דער צייט וואָס אין גאַנצן „געביט" זיינען די „יודענריין"־אַקציעס פאָרגעקומען ערשט דעם 1־טן אָקטאָבער 1942. און אין קיווערץ, לוצקער „געביט", זיינען אַלע יידן אויסגעמאָרדעט געוואָרן נאָך אין דער צייט פון די פעלד־קאָמענדאַטורן — אין מיטן זומער 1941.

זינט אויגוסט 1942, ווען די אַקציעס פון אַנטגילטיקער ליקווידאַציע זיינען געווען שוין אין פולן ברען, איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן באַמיען זיך אָפּצונאַרן די יידן און אָפּווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט פון די הכנות וואָס זיי מאַכן צו דער טאָטאַלער פאַרניכטונג. אין יענע חדשים פלעגן די יידישע וואַרשטאַטן באַקומען גרויסע באַשטעלונגען וואָס דאָס אויספאַרטיקן זיי האָט געדאַרפט דויערן לאַנגע וואָכן.

איינצלנע דייטשישע דיגניטאַרן האָבן אויך באַשטעלט פאַר זיך פערזענלעך פאַרשיידענע זאַכן און, פאַרקערט ווי אין די געוויינטלעכע נאָרמאַלע צייטן, האָבן זיי נישט געדריקט, אַז די באַשטעלונגען זאָלן אויסגעפירט ווערן ווי אַמשנעלסטן. בלויז די אָרטיקע אוקראַינישע באַפעלקערונג האָט אויף יעדן קלאַנג וועגן אַ פאַרשטייענדיקער אַקציע, זיך געאיילט אָפּצונעמען ביי די יידן זייערע באַשטעלונגען.

די געטאָ־קאָנסומען, די געשעפטן וואָס האָבן פאַרקויפט יידן לעבנס־מיטלען, פלעגן געוויינטלעך פאַר אַן אַקציע באַקומען גרעסערע קוואַנטומס פראָדוקטן, ווי קאַרטאָפל, צוקער־ריבן און טיילמאָל אויך אַ ביסל קאַשעס. זייער אָפט האָט מען אויף אַ געטאָ, האַרט פאַר אַן אַקציע, אַרויפגעלייגט אַן עקסטראַ קאָנטריבוציע אין געלט. אָבער שטענדיק האָט מען דערביי געפאָדערט זאַכן — אָדער פראָדוקטן — אין אַזעלכע קוואַנטומס, וואָס זיינען פאַר דער געטאָ געווען ממש לעגענדאַר און אַבסאָלוט אוממעגלעך.

מען האָט, צום ביישפּיל, פאַרלאַנגט צושטעלן גאַנצע טאָנען קאַווע און טיי, לעדער, מאַנופאַקטור, אפילו טאָנען תבואה. מען האָט די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן געווענדעט אויפן זאַמלען די זאַכן און פראָדוקטן און אויף אַזאַ אופן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט, דעם געדאַנק פון דער קאַטאַסטראָפע וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין צוגרייטן.

חוץ דעם האָבן די דייטשן קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט יעדן קלאַנג וועגן אַקציעס וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ. די מאַכט האָט תמיד פאַרזיכערט דעם יודנראַט, אַז דאָ אין דער שטאָט וועט קיין אַקציע נישט זיין, ס'וועט אַלץ זיין רואיק.

אָבער, טראָץ די אַלע פאַרזיכטיקייטס־מיטלען וואָס די דייטשן האָבן אָנגענומען כדי איינצושלעפערן די יידן, האָבן זיי אָבער, אין אַ סך פאַלן, נישט באַוויזן צו דערגרייכן זייער ציל. אין דער דאָזיקער לעצטער תקופה האָבן יידן שוין געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי, וואָס עס באַטייטן דייטשישע הבטחות און זייער פּאָליטיק. די ידיעות וועגן די אַקציעס וואָס קומען פאָר אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך האָבן אויף דעם מעגלעך שנעלסטן אופן זיך פונאַנדערגעטראָגן און האָבן דערגרייכט ביז צו די סאַמע פאַרוואָרפנסטע קליינע ישובים, ווו נאָך יידן האָבן געלעבט.

אין יעדן יידישן ישוב, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט צו יענער צייט, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן צענדליגער פליטים פון אַנדערע געטאָס, וועלכע זיינען שוין ליקווידירט געוואָרן און זיי, די פליטים, האָבן געפּרוּווט זיך אַריינבאַקומען אין אַ געטאָ ווו יידן האָבן נאָך געלעבט. אַלע יידן, אפילו די וואָס זיינען ביז דעמאָלט געווען די גרעסטע אָפּטימיסטן, האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו בלייבן לעבן, צו ראַטעווען זיך פון דער קאַטאַסטראָפע.

מען האָט אין די געטאָס אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אונטערציינדן, אַוועקלאָזן אַלץ מיטן פייער, וועגן אַנטלויפן. מען האָט געוווּסט, אַז קיין שום קאָנטריבוציע וועט שוין גאָר נישט העלפן און אַז עס איז אוממעגלעך צו צאָלן די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציע אָדער אויספירן די „באַשטעלונגען".

ביי אַלץ דעם האָט קיינער נישט געהאַט דעם מוט נישט אויספירן די „באַשטעלונגען", וואָס די דייטשן האָבן באַשטעלט. דאָס נישט אויספירן די פאַראָרדענונגען האָט אָן שום ספק געמוזט ברענגען

מיט זיך פאַטאַלע רעזולטאַטן פאַר דעם גאַנצן יידישן קיבוץ, און קיינער האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם גורל פונעם כלל און ווערן די דירעקטע סיבה פון אַ קאַטאַסטראָפע.

נישט געקוקט אויף דער אַלאַרמירנדיקער לאַגע און דער האָפענונגסלאָזיקייט פון אַרום, האָט דאָך אין האַרצן געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז מען וועט געראַטעוועט ווערן, אַז עס וועט דאָך געשען אַ נס. דער געזונטער נאָרמאַלער מענטש טראָגט נישט, קאָן גאָר נישט טראָגן אין זיך דאָס בילד פון זיין אייגענעם אומקום. האָט מען דעריבער ביז צו דער לעצטער מינוט געקליבן, געזאַמלט און באַמיט זיך צוזאַמענשטעלן דאָס וואָס די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט, און אין אַ סך פאַלן, איז מען אַפילו געגאַנגען צו דער אַרבעט ביז צו דער לעצטער מינוט. אין די לעצטע טעג פון דער אַקציע־אַגאָניע, האָבן יידן רעאַגירט פאַרשיידן. ס'זיינען געווען מענטשן וואָס זיינען געוואָרן אינגאַנצן אַפּאַטיש און נישט געוואָלט, נישט געקאָנט אונטערנעמען קיין זאַך צו ראַטעווען זיך; אַנדערע ווידער האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן.

די אַקציעס פון ענדגילטיקער ליקווידאַציע האָבן זיך אָנגעהויבן אין אַ געוויסן טאָג און האָבן געדויערט אַזוי לאַנג, ביז עס איז אויסגעכאַפּט געוואָרן דער לעצטער ייד און ביז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן. איינצלנע יידן האָט מען נאָך שפּעטער־צו תמיד אויסגעפונען און דערמאָרדעט — ממש ביז צום לעצטן מאָמענט ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער צוריק־צוג.

אין די אַקציעס פון אַנטגילטיקער ליקווידאַציע האָט מען פּרינציפּיעל געמאָרדעט יעדן ייד, אַרבעטנדיקע, ספּעציאַליסטן, ווי נישט־אַרבעטנדיקע. אָבער די דאָזיקע אַקציעס האָבן אויך געהאַט פאַרשיידענע וואַריאַנטן, אויך אין פּרט פון סעגרעגירן די קרבנות.

אַן אַנדערע קאָמפּליצירטע סיטואַציע האָט זיך, לרוב געשאַפן אין די געטאָס אין סאַמע לעצטן מאָמענט פאַר די אַקציעס פון ענדגילטיקער ליקווידאַציע. עס איז געווען אַ שרעק געמישט מיט אַ רואיקייט. פון אויבנאויף זיינען נישט געווען קיין סימנים, וואָס האָבן געזאָלט באַרעכטיקן אַן אומרו, דענערווירונג, וואָס האָבן געדאַרפט ברענגען בייזע מחשבות וועגן אַ נאָענטער קאַטאַסטראָפע. פון די דייטשן האָט מען נאָר געהערט ווערטער פון טרייסט און פאַרזיכערונג. און פּלוצים, מיט איינמאָל איז די געטאָ, אַרומגערינגלט געוואָרן דורך שטאַרקע אָפּטיילונגען פון אוקראַינישער מיליץ און מען האָט אָנגעהויבן טרייבן די מענטשן צום זאַמלפּונקט.

גלייכצייטיק מיטן טרייבן יידן צו די זאַמלפּונקטן, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זוכן בונקערס, דאָס אַרויסשלעפּן יידן פון זיי און אַוועקפירן צום זאַמלפּלאַץ. אין דער פּראָצעדור פון קאָנצענטרירן די יידן פון די געטאָס און ברענגען זיי צום פּלאַץ, האָט זיך באַטייליקט נאָר די אוקראַינישע מיליץ, וואָס האָט געאַרבעט אונטער דער קאָמאַנדע פון דייטשישע און אוקראַאינישע אָנפירער. דאָסגלייכן די שמירה אויף די זאַמלפּלעצער גופא איז געלעגן אין די הענט פון די אוקראַאינישע מיליציאָנערן. די אָרטיקע דיגניטאַרן, ווי די זשאַנדאַרמעריע, אָרטס־קאָמענדאַנטן, דער קאָמענדאַנט פון דער אוקראַינישער מיליץ, דער אָנפירער פון דער מוניציפּאַליטעט און אַנדערע, האָבן זיך געדרייט אין געטאָ, אויף די זאַמלפּונקטן און האָבן כסדר געגעבן אָנווייזונגען און באַפעלן זייערע מענטשן — די מיליציאָנערן.

די יידן וואָס זיינען פאַרזאַמלט געוואָרן אויף די פּלעצער האָבן דאָרט געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז עס זיינען אָנגעקומען די לאַסט־אויטאָס מיט די דייטשן. דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן אויפלאָדן די מענטשן אויף די אויטאָס און זיי אַוועקפירן צו די פאַרניכטונגס־פּלעצער. אָבער אין אַ סך ערטער האָט מען די יידן געטריבן צו־פוס צו די פאַרניכטונגס־פּלעצער. דער אופן פון פאַרניכטן איז אין די אַלע אַקציעס געווען איין און דער זעלביקער.

ווען מען האָט אָנגעהויבן ברענגען די מענטשן צו די פאַרניכטונגס־פּלעצער, זיינען די גריבער שוין געווען פאַרטיק. אַראָפּגייענדיק פון דער מאַשין האָט יעדער געדאַרפט צוגיין צו אַן אָנגעוויזענעם פּלאַץ און אַויסטאָן זיך ביז נאַקעט, געוויינטלער האָבן דאָס געטאָן מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער,

שפעטער האָבן זיי, שוין אויסגעטוענערהייט, זיך ווידער געשטעלט אין רייען, און נאָכן פאַרנאָטירן די צאָל, אָפּגעשיקט זיי צום גרוב. אַ דייטש מיט אַן אויטאָמאַט אין דער האַנט האָט געשאָסן די מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג פון גרוב.

אַזוי האָבן די אַקציעס אויף גאַנץ וואָלין געהאַט מער־וויניקער דעם זעלביקן פאַרלויף. עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז אין די אַקציעס האָבן גענומען אָנטייל לפי ערך, ווייניק דייטשן — אייניקע צענד־לינג, ווי עס איז כאַראַקטעריסטיש דער איבער־גרויסער אָנטייל פון די אוקראַינער אין די עקזע־קוציעס — פיל־פיל הונדערטער. אַן אָפּטיילונג דייטשן איז בייגעווען נאָר בשעת דעם אויפלאָדן די יידן אויף די לאַסט־אויטאָס, זיי האָבן די יידן אָפּגעפירט צום פאַרניכטונגס־פּלאַץ און האָבן איבער זיי אויסגעפירט דעם מאָרד.

עס איז שוין דעמאָלט קלאָר געווען, אַז די זעל־ביקע גרופּע דייטשן, אַ מאַן 50־60 האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצופירן די פאַרניכטונג אין אַ געווי־סע צאָל פונקטן, פאָרנדיק פון איין אָרט צום צווייטן. געווייינטלעך איז זיי, מסתמא, געלונגען אַדורכצופירן זייער אַרבעט אין משך פון איין טאָג, פאָרנדיק פון איין נאָענטן ישוב צום צווייטן, אָבער אויב זיי האָבן נישט באַוויזן אויסצופירן אַלע מאָרדן אין איין טאָג, האָבן יידן, טיילמאָל, געוואַרט אויף די זאַמל־פּונקטן אייניקע טעג, ביז מען האָט זיי אוועקגעפירט צום אומקום, אויף פאַרניכטונגס־פּלעצער.

די איינצלנע יידן, וואָס די דייטשן און אוקראַינער האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן אין דער צייט וואָס די גרויסע מאַסע יידן איז נאָך געווען אויפן זאַמל־פּונקט, זיינען צוגעפירט געוואָרן צו דעם דאָזיקן פּלאַץ. די יידן ווידער וואָס מען האָט געפונען שפּעטער־צו, נאָכן טאָג פון דער עקזעקוציע, האָט מען געהאַלטן ערגעץ־ווו פאַרמאַכט ביז עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע, וואָס מען האָט דערמאָרדעט אויף דעם יידישן בית־הקברות, אָדער ביים ברידער־קבר פון דער געטאָ, אויב די גרוב איז נאָך געווען אָפן.



קבוצת ניצולי אוסטראה בטדז'יקיסטן (רוסיה) בימי מלחמת העולם השניה.
עומדים מימין לשמאל: גרישא בנד, פרל לרנר־פוטשניק, אבראשה פונר, חנה לודומירסקי, מיטיה שנפר, מרים לודומירסקי־ויינשלבוים (—). יושבים מימין לשמאל: משה חנציס, אתי טבצ'ניק־שנפר, זוסיה לודומירסקי, טבצ'ניק, מוסי סורוקה.
בשורה למטה מימין לשמאל: פוטשניק ופומה לודומירסקי

עס זיינען געווען געטאָס, פון וועלכע עס זיינען אַנטלאָפן אַ סך יידן. די דייטשן האָבן וועגן דעם געוווּסט. מעגלעך, אַז זיי האָבן דאָס געוווּסט פון דעם, וואָס די צאָל דערמאָרדעטע האָט געשטימט מיט דער צאָל יידן וואָס איז געווען אָנגעגעבן דורך די געטאָס צו באַשפּייזונגס־צוועקן. אין אַזאַ פאַל האָבן די דייטשן תמיד נאָך אַן אַקציע אָפיציעל מודיע געווען, אַז די אַקציע האָט זיך געענדיקט און די יידן וואָס זיינען געבליבן קאָנען זיך צוריק־קערן אין געטאָ אַריין און ווייטער אַרבעטן.

די דאָזיקע אַמנעסטיע האָט די יידן נישט אויס־געזען צו זיין נישט־באַגלויבעוודיק, מחמת ביז דעמאָלט איז תמיד געווען, אַז יעדער ייד וואָס איז ניצול געוואָרן פון אַן אַקציע האָט געקאָנט ווייטער אַרבעטן און לעבן. אָבער, אַפילו די יידן וואָס האָבן לגמרי נישט געגלויבט אין די דייטשישע הבטחות, האָבן אויך נישט געהאַט קיין אַנדער עצה ווי צוריק־קערן זיך אין געטאָ אַריין.

ווי שוין געזאָגט זיינען די אַקציעס פון דער אַנטגילטיקער ליקווידאַציע פאָרגעקומען אין די האַרבסטיקע חדשים, און די מענטשן, ספּעציעל יענע וואָס האָבן געהאַט קליינע קינדער און זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָבן נישט געהאַט פאַר זיך קיין שום פּערספּעקטיוו חוץ צוריקגיין אין געטאָ אַריין. אויף צו זיכערן דעם טויט פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ אַריין, האָט מען באַשטימט איניקע הייזער אין געטאָ, וועלכע מען האָט כלומרשט אויפסניי געשאַפן, מען האָט די יידן געגעבן פאַרהעלטנישמעסיק מער פריי־הייט ווי אין די פריערדיקע געטאָס, מען האָט זיי למשל, ווייניקער געהיט א.א.וו.

די צאָל פון די יידן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרגרע־סערן, הערנדיק, אַז די יידן אַרבעטן ווידער, האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָבן אַ סך יידן אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן די זאַכן נישט געהאַט, נישט געקאָנט אַפילו אויסטריקענען זייערע דורכגענעצטע מלבו־שים — באַשלאָסן גיין צוריק אין די נייע געטאָ אַריין.

די פרוי מלמד, וואָס איז צוריקגעגאַנגען אין געטאָ טוטשין האָט דערציילט, אַז די יידן אין געטאָ האָבן זיך געוווּנדערט אויף איר, וואָס זי איז צוריקגעקו־מען. אויף איר פראַגע, פאַרוואָס זיינען זיי צוריק־געקומען, האָבן די יידן איר געענטפערט, אַז זיי זיינען געקומען „נאָך דעם טויט", דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט אַליין צו הרגענען די קינדער און די אַנדערע נאָענטסטע און זיך אַליין און האָבן מער נישט קיין כוח אַריבערצוטראָגן דאָס אַרומשלעפּן זיך אין הונגער, קעלט, פייכטקייט און מאַוימדיקן שמוץ.

„איך האָב אין געטאָ דערפילט אַ מוראַדיקע אַטמאָספער פון יאוש" — האָט דערציילט פרוי מלמד. ביינאַכט האָט זי זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ מיט די קינדער און איז אַוועק צוריק אין וואַלד אַריין, מיט דער האָפענונג צו געפינען דעם מאַן, וועלכן זי האָט געהאַט פריער פאַרלוירן.

אָט די נייע געטאָס האָבן די אוקראַינישע מיליצ־יאָנערן איין טאָג, נאָך דעם ווי די געטאָ האָט עקזיסטירט עטלעכע וואָכן, אַרומגערינגלט און אַלע יידן פאַרניכטעט.

געווען ערטער, ווו די אַקציע האָט זיך, מיט הפסקות, געצויגן לאַנגע וואָכן; די געטאָס האָט מען געטיילט אין צווייען, אָדער פאַרקערט, פון צוויי געטאָס האָט מען געמאַכט איינע, איבערגעאַרבעט, פאַרמישט.

די טעמפּאַ פון די געשעענישן איז געווען אַזאַ שנעלע, טראָץ די הפסקות אין צייט, די מהומה און דער אומרו אַזעלכע גרויסע, אַז מען האָט נישט געקאָנט אָפּעטעמען און זיך אָריענטירן, וואָס פאַר אַ טייל פון דער באַפעלקערונג ווערט פאַקטיש ליק־ווידירט.

משפּחות האָבן זיך, אין דער אַלגעמיינער אומי־קער מהומה פאַלוירן, איין טייל איז שוין לאַנג ליק־ווידירט, אַן אַנדערער טייל איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער געטאָ. אין פאַרשיידענע געטאָס איז געווען צו מערקן אַ טענדענץ צו סעפּאַ־רירן אַרבעטס־פעאיקע מענטשן פון דער רעשט באַ־פעלקערונג און זיי באַזונדער אומברענגען.

ווי עס זעט אויס, האָבן די דייטשן געוואָלט אויף אַזאַ אופן אומשעדלעך מאַכן די כוחות, וואָס זיינען נאָך, ווי עס איז געווען פעאיק צו שטעלן אַ

ווידערשטאַנד. אָבער אין פֿאַרשיידענע שטעט האָט מען בשעת די אַקציעס אָפּגעזונדערט ספּעציאַליס־טן, מען האָט זיי אָבער תמיד פֿאַרניכטעט אין פֿאַר־לויף פֿון דער אַקציע. עס זיינען אָבער באַקאַנט פֿאַלן, ווען מען האָט געלאָזט אַ גרופּע, און אַפֿילו איינצלנע יידן פֿאַכמענער, וועלכע האָבן געהאַט אויסצופֿירן אַ געוויסע קאָנקרעטע אַרבעט. נאָכן אויספֿאַרטיקן די אַרבעט האָט מען זיי פֿאַרניכטעט.

אין פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פֿון לוצ־קער און לודמירער „געביטן" האָט מען געלאָזט גרעסערע גרופּן ספּעציאַליסטן אויף אַ לענגערער צייט. אין לוצקער געביט ביז דעצעמבער 1942, אין לודמירער געביט — ביז דעצעמבער 1943. אין יעדן פֿון דיביידע „געביטן" האָבן די לאַגערן פֿון די ספּעציאַליסטן וואָס מען האָט געלאָזט געהאַט אַן אַנדערן כאַראַקטער.

אין לוצקער געביט זיינען די לאַגערן געווען פֿון דעם סטאַנדאַרט־טיפּ פֿון אַרבעטס־לאַגערן, דאַקעגן אין לודמירער ראַיאָן איז עס געווען אַ לאַגער פֿון אַ כאַראַקטער, וואָס איז אינגאַנצן נישט געווען באַקאַנט אויף וואָלין. די דייטשן האָבן די דאָזיקע לאַגערן אָנגערופֿן „האַנטווערקער־גענאָסענשאַפֿטן". די יידן פֿון די דאָזיקע „גענאָסענשאַפֿטן" האָבן נישט געטראָגן קיין געלע לאַטעס און זיי זיינען אָפֿיציעל נישט געווען פֿון קיינעם געהיט.

די יידן וואָס זיינען געבליבן לעבן פֿון די דאָזיקע „גענאָסענשאַפֿטן" גיבן איבער, אַז זייער עקזיס־טענץ איז געווען אינגאַנצן „נישט אָפֿיציעל", מחמת דער גאַנצער געביט איז שוין אָפֿיציעל געווען „יו־דענריין" און עס איז געווען נישט דערלויבט, אַז עס זאָלן זיך דאָרט נאָך געפֿינען יידן. דעריבער האָבן זיי נישט געטראָגן קיין יידישע אָפּצייכענונגען און האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־באַשיינונגען מיט דעם בוכשטאַב „יאָט!".

אויב מען האָט ערגעץ־ווו איבערגעלאָזט יידן־ספּעציאַליסטן, איז דאָס פֿאַרגעקומען אויף אַ נאָמענ־טלעכן יסוד: דווקא די ספּעציאַליסטן און נישט קיין אַנדערע. אין משך פֿון דער צייט וואָס די גרופּע האָט עקזיסטירט, האָט מען שטרענג אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן זיך צו זיי נישט אַריינבאַקומען יידן פֿון דרויסן. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די סיטו־אַציע איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אין די פֿריערדיקע צייטן, ביי די אַקציעס פֿון דער טיילוויי־זער ליקווידאַציע, ווען אויך די ספּעציאַליסטן זיינען געווען אַן אַנאָנימע מאַסע.

די גענויע צאָל פֿון די געראַטעוועטע יידן איז ביז איצט נישט באַקאַנט. נאָך דער באַפֿרייונג איז נישט געפֿירט געוואָרן קיין רעגיסטראַציע פֿון די געראַטע־וועטע. אויסער דעם זיינען יידן נישט געפֿאָרן צוריק אין זייערע שטעטלעך, אויס מורא פֿאַר די באַנדע־ראָווצעס, נאָר זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די גרעסערע פּונקטן.

אין אַלגעמיין איז די לאַגע געווען אַזאַ, אַז וואָס שפּעטער די ליקווידאַציע־אַקציע איז פֿאַרגעקומען, אַלץ מער יידן האָבן זיך געראַטעוועט. מחמת ווי לאַנג די געטאָ האָט עקזיסטירט האָט דאָך יעדערער געהאַט מער שאַנסן צו בלייבן לעבן אין געטאָ, ווי מחוץ איר. דעריבער איז די גרעסטע צאָל יידן געבליבן לעבן אין לודמירער ראַיאָן — בערך צוויי הונדערט און פֿופֿציק נפֿשות.

דאָס גלייכן, ווי דערמאָנט, אין די געטאָס ווו אַ סך יידן זיינען זיך צעלאָפֿן אין דער צייט פֿון דער אַקציע, פֿון די זאַמל־פּונקטן און פֿאַרן גיין אויף די פּונקטן, און אַרום האָבן זיך געפֿונען וועלדער, האָבן זיי געהאַט מער שאַנסן צו בלייבן לעבן ווי אין די געטאָס, ווו די ליקווידאַציע־אַקציעס זיינען פֿאַר־געקומען פֿרי און עס איז געבליבן אַ לאַנגע צייט צו וואַרטן ביז דער באַפֿרייונג.

אין קרעמעניץ, למשל, זיינען געבליבן זיבן פּער־זאָן, אין קאָסטאָפּאָל, טראָץ די וואַלדיקע שטחים אַרום — בלויז 2—3 מענטשן. אַזוי פֿיל זיינען געבלי־בן אין קאָוועל, טראָץ דעם וואָס אין דאָזיקן „געביט" האָבן זיך געפֿונען אַ סך יידישע פּאַרטיזאַ־נער. עס זיינען פֿאַראַן שטעטלעך, פֿון וועלכע עס איז נישט געבליבן קיין לעבעדיקער עדות.

אין ראָוונע האָבן זיך, זיבן חדשים נאָך דער באַפֿרייונג, צונויפֿגעזאַמלט הונדערט און צוואַנציק יידן, פֿון זיי נישט קיין צוויי מנינים פֿון ראָוונע גופֿא, די רעשט איז געווען פֿון אַרומיקע שטעטלעך און גרעסערע שטעט אין וואָלין.

אין אַסטראַהאַ זיינען געבליבן צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון די אַרומיקע דערפער, פערציק נפשות.

דער גרעסטער טייל יידן זיינען געבליבן אין לודמיר גופא, אַדאַנק דעם גליקלעכן און אומפּאַר־שטענדלעכן צופאַל, וואָס די דייטשן האָבן דאָרט געלאָזט די יידן אין דער „האַנטווערקער־געטאָ־סענ־שאַפט" ביז דעצעמבער 1943.

אַ סך פון די גרעסטעוועטע מענער זיינען מאָבי־ליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און זיינען דאָרט געפאַלן, אויף די פאַרשיידענע פראָנטן.

מיטן דערקלערן די רעפּאַטריאַציע סוף 1944, לויט וועלכער אַלע יידן פון וואָלין האָבן געהאַט דאָס רעכט, ווי געוועזענע פּוילישע בירגער, זיך צו רעפּאַטריאירן קיין פּוילן, זיינען כמעט אַלע וואָלי־נער יידן אַוועק פון וואָלין קיין פּוילן. שפּעטער, אין יאָר 1948, האָבן יידן, וואָס האָבן זיך עוואַקואירט בשעת דער מלחמה פון וואָלין קיין טיף רוסלאַנד, אַנגעהויבן קומען צוריק פון דער עוואַקואַציע.

לויט די ידיעות, וואָס זיינען דערגאַנגען אין די לעצטע צייטן, געפינען זיך אין אַ סך ישובים צו איינציקע צענדליגע יידישע נפשות. דאָס זיינען געווע־זענע עוואַקואירטע און טיילוויז, יידן פון די אייגנט־לעכע סאָוועטישע געביטן פון פאַר דעם קריג פון 1939. דער עיקר זיינען יידן אויף וואָלין איצט קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעט.



שארית הפליטה של אוסטראה בקפריסין

שורה עליונה, מימין לשמאל: יהושע שוכמן, ליפה פינקלשטיין, יוני ברונשטיין, איציק מלינבוים, משה כץ, יצחק ולודבסקי, אהרון זייגרסון, שמואל קונין, מאיר בורשטיין.

שורה באמצע, מימין לשמאל: אליעזר גוברבליט, גיטלה צימרמן, משה קצ'קו ואשתו, יוסי רויכמן, יוסל'ה ויינגולד, יונתן בלכר, משה זילברשטיין, אהרון שטמל.

שורה למטה, מימין לשמאל: לייבל בוכטיגר, ניוני וישניבצקי, מישקה (פרטיזן מאוסטראה).

טובה (גיטלה) שטיינברג-ראובני

# זכרונות מימי השואה

ככל שהשנים חולפות, מאז השואה האיומה, ליבי נוטה להפליג בזכרונות ולמרות שהם כרוכים במתח נפשי רב, הם קיימים, הם דחוקים בנבכי-הנפש, כלואים, אך קיימים וחיים, ובבוא שעת-רצון, דיה נגיעה קלה לעורר אותם והם קורמים עור וגידים; ובנסיבות נאותות נפתח סכר הזכרונות והדברים קולחים בשטף, בפרוטרוט, כאילו אך אתמול קרו, ולנגד עיני קמים האנשים שנרצחו באכזריות ושוב שרוייה אני באווירה של ימי השואה.



טובה (גיטלה) שטיינברג-ראובני

מן האדמה רוויית-הדם והמוות, צועקים קולות רבים — קולותיהם של הנרצחים, קולות אלה זועקים מקברי-האחים, שם באוסטראה, ומזעזעים בקול דממה דקה שבנפש, הם לא נרגעו אף רגע אחד.

ברצוני לספר ולו רק במקצת מן העינויים שעברו על יהודי אוסטראה. רק קומץ קטן מעירנו נשארו בחיים, הם אלה שהצליחו לברוח לרוסיה עם פרוץ המלחמה ואלה שלחמו כפרטיזנים ביערות, בשורות הצבא האדום וקומץ קטן שניצלו הודות לחסידי אומות העולם, אשר בהיותם נתונים באווירה וב־חברה של מרצחים, לא דבקה בהם שנאת ישראל, והם הושיטו יד־אחים תומכת בתקופת חיינו ה־אכזרית ביותר.

אני אחת מהניצולים האלה. חייבת אני לספר למען דורות הבאים ידעו מה עבר עלי בימי השואה הנוראה.

### התקופה הסובייטית

מלחמת פולין — גרמניה שפרצה ב־1 בספטמבר 1939 היתה קצרה, ס"ה 16 יום. היו אלה ימים גדושים מתיחות ואימים, והנה אור ליום ל־17 בספ־טמבר 1939 נכנסו הטאנקים הרוסים לאוסטראה, כתוצאה מהברית שנכרתה בין גרמניה לבין ברית־המועצות (חוזה מולוטוב — ריבנטרופ). הצבא ה־אדום זרם בהמוניו יום ולילה לכיוון העיר בריסק ואחרי זמן קצר השתלט על כל מערב אוקראינה ובילורוסיה.

עד מהרה הוסדר המשטר החדש על כל משר־דיו. החל הנישול של המעמד הבינוני מעמדותיו הכלכליות. העשירים מיהודי העיר קיבלו הוראות לפנות את דירותיהם ובדירות אלו שוכנו משרדי

הממשלה ופקידים עם משפחותיהם שנשלחו אלינו מהמזרח. במקום חנויות פרטיות ומפעלים, אורגנו מפעלים ממשלתיים, קואופרטיבים, חנויות ממשל־תיות וכו׳. האוכלוסיה המקומית והיהודים קיבלו את הדין בלית־ברירה, אך בעיקר דאגו מה מביא להם המשטר החדש?

חיסול החיים הלאומיים היהודיים בא מאליו. השלטונות אף לא הוצרכו לנקוט אמצעים מיוחדים לשם כך. היהודים הבינו, שעליהם לנטוש את הפעי־לות הציבורית, שאינה מקובלת במשטר הסובייטי. חדלו להתקיים כל הארגונים הציוניים והאח־רים. אחר־כך התחילו מאסרים וחקירות במשרדי ה־נ.ק.וו.ד. ויהודים אחדים מראשי התנועות הציו־ניות נאסרו ונדונו לתקופות־מאסר ארוכות ונשלחו לבתי־סוהר שונים בסיביר הרחוקה.

בין הנאסרים היה ידיד־משפחתנו העו״ד **ברוך (בוזי) חסיד**, שעקבותיו נעלמו, נאסרו ראש הצה״ר באוסטראה **גדליה גדליבסקי**, **יוסף קליינמן** וחתנו **פייבל ברנשטיין** ואחדים מהעשירים בעיר.

אחי **משה שטיינברג**, שהיה פעיל בתנועת „הנוער הציוני" חשש, שגם הוא נמצא ב„רשימה השחורה" של ה־נ.ק.וו.ד. והוא החליט לברוח מן העיר כל זמן שזה עוד לא היה מאוחר. יחד עם קבוצת פולנים־מכרים, שגם הם חשו שהם עלולים להאסר, חצו את הגבול בין בריה״מ והגנרל־גוברנמנט והגיעו ל־קרקוב. הפולנים השיגו עבור אחי מסמכים פולניים על שם **לודביק רודניצקי** ובתור שכזה נרשם במרשם התושבים בקרקוב.

בעיר זו הכיר בחורה צעירה פולניה בשם **ויסיה**, הם התאהבו זה בזו, אבל היא לא ידעה שארוסה הוא יהודי וכשאחי סיפר לה על מוצאו היהודי, זה כלל לא הפריע לה, הם נישאו ובמשך חמש שנים, במשך כל שנות הכיבוש הנאצי, טיפלה בו במסירות על מנת להצילו ממוות, כאשר נשקפה לה ולבני־משפחתה סכנת־מוות.

היא ובני־משפחתה התגברו על הפחד והושיטו עזרה לאחי, תוך ידיעה שאם הם לא יעשו זאת, ירבץ מותו של אחי על מצפונם כל ימי חייהם. הם הצילו אותו מציפורני הנאצים והם חיים עכשיו חיים מאושרים באירופה.

**תחת הכיבוש הנאצי**

אור ליום 22 ביוני 1941 תקפה גרמניה בעוצמה רבה את ברית־המועצות ותוך זמן קצר התקדם הצבא הגרמני עמוק בתוך ברית־המועצות. האווי־רה היתה דחוסה ומלאת־אימים. הצבא האדום בורח ועוזב את קווי־ההגנה סביב אוסטראה.

הרוסים בורחים מי ברכב ומי ברגל, כולם בורחים בבהלה, היתה זו בריחה מבוהלת ועדיין לא ידענו למה כולם בורחים. מכל הצדדים שומעים יריות, זמזום של מטוסים שטסו מעל שמי העיר ומטילים פצצות. ברחובות מוטלים מתים, שריפות, ובעיר שולטת אנדרלמוסיה מוחלטת.

מיד עם כיבוש העיר בידי הגרמנים, החלה האוכ־לוסיה היהודית לחוש בכובד מגפו של האויב הגרמני. חיי היהודים היו הפקר. עם כיבוש העיר פירסמו הגרמנים הגבלות וגזירות שונות נגד היהו־דים. הם נצטוו לענוד על שרוול בגדיהם סרט לבן ועליו מגן־דוד כחול. נאסר על היהודים ללכת על המדרכות, והותר להם לצעוד אך ורק על הכבישים. כן הוטל עוצר לילה על כל האוכלוסיה החל משעה 9 בערב ואילו על היהודים אסור היה לצאת לרחוב החל משעה 7 בערב. המשטרה המקומית האוקראינית יזמה ולקחה על עצמה את המשימה לבדוק את אופן הציות לגזירות.

כדי שיהודי אוסטראה לא יוכלו להימלט מן ההשמדה, הקימה המפקדה הגרמנית גיטו ברובע העיר שנקרא „גרבלה". היהודים נצטוו לפנות את דירותיהם ולעבור לבתי הגיטו. כל יהודי הגיטו בגיל 16 עד 60 נדרשו להתייצב לעבודה. על אי־התייצבות לעבודה היה צפוי עונש חמור. כממונים על ביצוע הוראה זאת הוסמכה המשטרה האוק־ראינית.

המצב הורע מאוד, הציק לנו הרעב והמצב נעשה קשה ללא נשוא. הפכנו לעבדים לחוצים ומדוכאים. אחרי זמן מה הצלחתי למצוא עבודה כמלצרית במסעדה של השוטרים האוקראינים ואחותי מצאה עבודה כפקידה במשרדי היודנראט. הודות לעבודתי במסעדה יכולתי להביא קצת אוכל הביתה בשביל ההורים ובשביל אחותי.

רצה הגורל והכרתי במסעדה שוטר אוקראיני אחד בשם **בורצ׳אקובסקי**, סנדלר שעבד לפני ה־מלחמה אצל משפחת לולקה היהודית, שהיה להם בית־חרושת לנעליים באוסטראה. האיש הזה הכיר גם את משפחתי והוא היה מסתכן ומביא לנו מדי פעם מזון והיה מגיע מדי פעם על יד גדר הגיטו כדי לשמור על המגע עמנו. הוא גם הבטיח לי לעזור במידה אם אזדקק לעזרה.

כששמעתי דברים אלה לא ידעתי את נפשי; מי הוא האדם הזה הנכון להושיט יד־סועדת ליהודי נרדף בתקופה זו? המאורעות רדפו זה את זה ויום יום נתנסינו בחוויות חדשות. מיום ליום מתהדקת העניבה מסביב לגיטו. שום שכל ישר אנושי אינו מסוגל להעלות על הדעת שאמנם נכונים הגרמנים לטבוח אלפי אנשים.

### האקציה ב־4 באוגוסט 1941

בשורות איוב בזו אחר זו החלו להגיע מכל קצווי וההלין על השמדות המוניות בכל מקום, בכל עיר ועיירה. והנה יום אחד בשובי מהעבודה פגשתי מכר נוצרי בשם **וולודיה פולישצ׳וק**. הוא סיפר לי, שהגיעו שמועות שהגרמנים מתכוננים לחסל את היהודים והציע לי לברוח מהגיטו. הוא הציע את עזרתו במידה שאהיה זקוקה לעזרה. לא הסכמתי להצעתו, לא רציתי להשאיר את ההורים ואת אחותי הצעירה בגיטו לנפשם.

והנה ב־4 באוגוסט 1941 כותר הגיטו ע״י כוחות גדולים של גרמנים ושל שוטרים אוקראינים. בגיטו הורגשה אווירת פוגרום. האקציה החלה עם אור הבוקר. הגרמנים והאוקראינים מתפרצים לדירות של היהודים, מוציאים את האנשים מהמיטות. את החולים מוציאים באלונקות מבית־החולים, יללות ובכי מר מסביב. את כולם מגרשים מבתיהם, אף אחד לא נשאר בבית. הגרמנים והשוטרים האוק־ראינים מבצעים את פעולתם במהירות ובאכזריות, במכות ודחיפות ברוטליות.

העמידו אותנו בעיר החדשה ושם עמדנו עד 4.00 אחרי הצהריים והלב חרד. יהודים העלו סברות בליבם, אולי מתכוונים הרוצחים רק לשדוד את בתי היהודים ועם תום ה„מלאכה" נשוחרר, אבל באותו הזמן פשטה שמועה על החלטת הגרמנים לחסל את כל החולים והזקנים.

התחילה הסלקציה. הגרמנים מחלקים את כל האנשים לשתי קבוצות. אף אחד לא יודע מה עומדים הגרמנים לעשות עם היהודים בשתי הקבו־צות. אנחנו עומדים ומחכים בחרדה מה צפוי לנו. אנחנו מוקפים מכל עבר והגרמנים והשוטרים האוק־ראינים מתרוצצים ושומרים על הסדר.



הוריה של גיטלה שטיינברג חיים ומלה (נספו באוסטראה)

אבי החליט ברגע האחרון להצטרף אל קבוצת החולים בהנחה שהגרמנים לא יגעו בחולים לרעה וכך הוא, אולי, יישאר בחיים, אבל לצערי הרב הוא טעה: את כל החולים והזקנים הובילו למקום הרצח וירו בהם. בין הנרצחים היה גם אבי היקר. אז ראיתי אותו בפעם האחרונה.

אבלים חזרנו לגיטו בלי האבא שלנו. מחכים לרעות, אולי אנחנו מחכים לסוף שלנו? עכשיו לא היה שום ספק שאפסה כל תקווה להישאר בחיים, נגוזו כל החלומות שהגרמנים ישאירו אותנו בחיים. אבל החיים נמשכים ואנחנו רעבים ומיואשים, מסתו־בבים כצללים בין כותלי הגיטו, שנצטמצם אחרי הטבח הנורא. הרבה בתים התרוקנו מיהודים. החיים

בגיטו נעשו קשים מיום ליום. בטירור בלתי־פוסק ביקשו הנאצים לחסל את יהודי הגיטו לא רק באופן פיסי, אלא להחניק כל מחשבה חיה ונסיון לעורר התנגדות מצד אלה שטרם הצליחו להוציאם להורג.

מיום ליום מתהדקת העניבה מסביב לגיטו. שום שכל ישר אנושי אינו מסוגל להעלות על הדעת, שאמנם נכונים הגרמנים לרצוח אלפי אנשים. המאורעות רודפים זה את זה ויום־יום נתנסינו בחוויות חדשות. נתקהו חושינו, נהיינו אדישים ושווי־נפש לצרות הכלל והפרט כאחד. טרגדיות פקדונו בזו אחר זו, כשהאחת נוראה מהאחרת וכולן יחד נערמות כהר צרות מהלך איימים. אך בימים קשים אלה הבריות בגיטו מנחמים זה את זה, שאולי בכל זאת יש תקווה לחיים, שאולי בכל זאת הגרמנים לא יבצעו רצח המונים.

## האקציה ב־1 בספטמבר 1941

ב־1 בספטמבר בשעה 6.00 בבוקר היינו צריכים שוב להתייצב לעבודת־כפייה, אבל דרך החלונות אנחנו רואים שהגרמנים לבושים במעילי־גשם ו־בקובעי־פלדה מתרוצצים בחוצות הגיטו, דבר שעורר חשד. בעקבותיהם הגיעו שוטרים אוקראינים, הם נכנסו לבתים והחלו מגרשים את היהודים מ־בתיהם במרמה שצריכים להתייצב לעבודה. הלב ניבא רעות. אני לא יצאתי מהבית כדי לא להתייצב לעבודה.

בחוץ כבר שומעים יריות מנשק אוטומאטי בלי־הפסק. בחוצות נשמעים קולות־נפץ אדירים שמר־עישים את הגיטו כולו. אני יושבת ומתבוננת בחרדה למתרחש בחוץ. תפילה אחת היתה בליבי, שהגר־מנים לא יתחילו ברציחות. אני רואה אנשים אחוזי־פחד וחרדה מתרכזים בחוץ, והגרמנים והשוטרים האוקראינים מחפשים בכל בית, חצר, מחפשים יהודים שלא יצאו החוצה.

באותו הזמן ביקרה אצלנו רוזה, אשתו של לובה קורנבליט, שגם הוא הוצא להורג בזמן האקציה ב־4 באוגוסט. אמרתי לרוזה, שהחלטתי לא להתייצב לעבודה, כי יש חשש, שהיום עומדים הגרמנים לבצע אקציה בגיטו. הצעתי לה שנעלה בעליית הגג ונתחבא, אולי הגרמנים לא ימצאו אותנו.

לא טעיתי. הגרמנים החליטו להוציא להורג את כל הצעירים ואמנם הם בחרו את כל הצעירים מבין הקהל שעמד בחוץ והובילו אותם מחוץ לגיטו באמתלה ששולחים אותם לעבודה. אחותי חסיה עוד הספיקה לצאת מוקדם בבוקר למקום עבודתה במשרדי היודנראַט, טרם שהגרמנים אספו את ה־צעירים והיא ניצלה ממוות באותו יום.

כל היום ישבנו שנינו בעליית הגג ולמזלנו לא חיפשו אותנו וגם אנחנו ניצלנו ממוות באותו יום. היו אלה ימי־הרג וחורבן בטרם חיסולם הסופי של יהודי אוסטראה. אחרי רצח הצעירים, החיים נמש־כו איכשהו בגיטו. יום־יום היינו יוצאים לעבודה קבוצות יהודים בליווי „משגיחים" אוקראיניים, מצו־יידים ברובים ובאלות.

## חיסול הגיטו ב־15 באוקטובר 1942

באותו יום, ב־25 באוקטובר, היה יום קר וגשום. יצאה פקודה להיות מוכנים לעזוב את הגיטו. בהלה אחזה את כולנו, איש איש חיפש מוצא איך להינצל, אולם לשוא. הגיטו נהפך לכלוב סגור, מוקף כוחות מוגברים של גרמנים ושוטרים אוקראינים מזויינים בנשק רב. הגרמנים מגרשים את היהודים מהבתים. האמא שלי אחזות־בהלה יצאה מהבית לראות מה מתרחש בחוץ, אחותי חסיה הלכה למקום עבודתה במשרדי היודנראַט לחפש שם מקום הצלה.

נשארתי לבדי בבית. בחוץ שומעים צעקות, בכי, קללות נמרצות של הרוצחים. היריות גברו ביתר שאת, יללות וזעקות ממלאים את חלל האוויר, ו־באותו רגע נזכרתי בידידי הנוצרים, שהבטיחו לי לעזור בעת צרה. היתה זאת התקווה היחידה שאולי אקבל מהם עזרה ואשאר בחיים. אני רואה שה־משטרה האוקראינית מכתרת את הגיטו מכל הצד־דים, שלא נוכל להימלט ממנו החוצה. בין השוטרים האוקראינים היה גם ידיד בורצ'אקובסקי. החלטתי

לזחול בזחילה מהגיטו ובמקרה נתקלתי בבורצ'א־קובסקי, שחיפש אותי על מנת להציל אותי וכשראה שאני זוחלת בין המשמרות של השוטרים, התחיל להעסיק אותם בינתיים בשיחה כדי למשוך את תשומת־ליבם ממני, אבל לשוא: אחד מהשוטרים ראה אותי, ירה בי ופצע אותי בקרסולי. שכבתי על האדמה פצועה מבלי לתת אות־חיים. בחצות בחשכת הלילה, הצלחתי לחמוק מעיני השוטרים ובזחילה הצלחתי לעזוב את חומות הגיטו. הגעתי פצועה ורעבה לביתו של בורצ'אקובסקי.



חסיה שטיינברג (אחותה של גיטלה שטיינברג־ראובני), נספתה באוסטראה

**במחבואים „בצד הארי"**

כשהגעתי אל בורצ'אקובסקי, הוא הרגיעני, ניחמני ואמר לי, כי אין מקום לפחד, הוא ובני־משפחתו יעזרו לי, הם שותפים לגורלי. הוא היה אדם טוב־לב, שגילה נכונות לעשות כל אשר בידו להציל אותי ממוות. הוא הבין את חומרת־המצב, שהוא מסכן את חייו וחיי בני־משפחתו, אבל היה מוכן לסייע לי במצבי הקשה.

למחרת בבוקר ביקשתי את בורצ'אקובסקי שיגש לביתי בגיטו ויבדוק בעליית־הגג אם מישהו מבני־משפחתי מתחבאים שם. ואמנם הוא מצא בעליית־הגג את אימי ואת דודתי. הוא הבטיח להן שבחצות הוא יבוא לקחת אותן אליו. אבל לצערי הגדול כשהוא חזר לגיטו על־מנת לקחת אותן, הן כבר לא היו שם. הוא רק מצא תמונות מפוזרות על הריצפה. הוא אסף אותן והביא לי אותן במקום אימי ודודתי. כעבור מספר ימים נודע לי, שגם אחותי חסיה נתפסה ע"י הגרמנים יחד עם חברתה ושתיהן הוצאו להורג.

מות אימי ואחותי הביאני עד דכאון. חשתי כאילו ניקטעו איברים מגופי. ימים רבים התאבלתי על מותן, אבל עם זאת הגעתי למסקנה כי עלי להתעודד חרף אבדן אמי ואחותי. הייתי מזועזעת, אך יצר־החיים גבר עלי.

משפחת בורצ'אקובסקי היתה ענייה, אבל למרות המצוקה, הם השתדלו שלא אסבול חרפת רעב. אשתו איכרה חביבה וישרת־דרך, גילתה גם היא נכונות להציל אותי ממוות. היא אף השפיעה על בעלה לבל יירתע מפני הקשיים. חוץ ממני, הם החביאו גם קרובת־משפחה של משפחת טרכטמן, אירנה שמה, שנינו התחבאנו אצל משפחת בורצ'אקובסקי במשך כמה חודשים כשאנחנו מחליפות מקומות־מחבוא.

באותם הימים ביקרה אצל משפ' בורצ'אקובסקי פולניה, קסיה שמה והיא סיפרה, שהיא גם כן מחביאה בביתה את טרכטמן, והיא שומרת עליו. היתה זאת אישה שסיכנה את חיה במאמציה לסייע בכל יכולתה ליהודים באותה תקופה איומה. בערבים הארוכים ההם היינו מרבים לשוחח על מצבם של היהודים. גם אירנה היתה מלאת־בטחון, שהמלחמה תסתיים במפלתם של הגרמנים. בטחון זה הוא שהפיח בנו תקווה שנתגבר על הפורענויות, שנישרד בחיים.

פעם סיפרה קסיה שרווחות שמועות על משפחת בורצ'אקובסקי המסתירים בביתם שתי נשים יהודיות, כשהמשטרה האוקראינית ואף האוכלוסיה המקומית פתחו בחיפושים אחרי יהודים המסתתרים אצל נוצרים. נשקפה סכנה שייתפסו אותנו ב־

ביתו של בורצ'אקובסקי. היה ברור שאנחנו צריכות לעזוב את ביתו כל זמן שזה עוד לא מאוחר.

בורצ'אקובסקי היה נבון מאוד, היה ברצונו להציל אותנו, אך ירא מפני התרצאות החמורות. דין־מוות לו ולמשפחתו, אם ימצאו בביתו יהודים. באותו זמן השלטונות הכריזו, כי נוצרי המחביא יהודי בביתו, חייב מיתה. איום זה הפחיד אנשים רבים וטובים שהיו נכונים לסייע בידם.

ביקשתי את בורצ'אקובסקי שיילך אל וולודיה פולישצ'וק ושייספר לו שהוא מחביא אותי בביתו ועל הסכנה שצפויה לי אם הגרמנים או השוטרים יתפסו אותי בביתו. ואכן הוא נסע אל פולישצ'וק וזה בא מיד עם עגלה מלאה שחת. לפי בקשתי הוא גם הסכים לקחת את אירנה, כי לא רציתי להיפרד ממנה. הוא החביא אותנו מתחת ערמת השחת והגענו בשלום לביתו בכפר מושצ'ניצי. בדרך לכפר עצרו השומרים הגרמנים את העגלה והתחילו לחפש בשחת אם הוא לא מעביר דברים אסורים, אבל למזלנו הם לא מצאו אותנו וניצלנו ממוות בטוח.

ביום שלישי אחרי עזיבתנו את ביתו של בורצ'אקובסקי כיתרו הגיסטאפו את ביתו. ערכו חיפוש בכל הבית, אבל הם לא מצאו אותנו. בביתו של פולישצ'וק היינו 3 חודשים. לעתים קרובות היו מבקרים אותו אחיו שהיו מגוייסים בכנופיות של בנדרה הידוע לשימצה. היו אלה כנופיות שרצחו יהודים וגם פולנים. בכל פעם שהיה יודע על ביקורם, דאג פולישצ'וק להביא אותנו במחבוא בתחנת־הרוח שלו, כשאנו סובלות מקור ומרעב.

כשהביקורים של אחיו התחילו להיות יותר תכופות והמצב נעשה קטסטרופלי, היינו חייבות לעזוב את ביתו של פולישצ'וק ולחזור שוב אל בורצ'אקובסקי. ידענו תמיד שבמקרים של סכנת־מוות הכתובת הבטוחה זה אצלו. הוא הבין תמיד את חומרת המצב, תמיד היה מוכן לסייע ובכל הזדמנות לבוא לעזרתנו. ואכן הוא קיבל אותנו בידים פתוחות. הוא ראה מיד באיזה מצב אנחנו. הבחנו שהוא מתרגש מאוד ואז הביע את רצונו לדאוג לנו במשך התקופה האיומה. כאשר שמענו את הדברים האלה, לא ידענו איך להעריך את רוחב־הלב הזה של גוי, שמשרת כשוטר במשטרה האוקראינית, למרות שהיתה צפויה לו סכנת־מוות.

התחבאנו בביתו של בורצ'אקובסקי עד השחרור ע"י הצבא האדום ב־5.2.1944.



התיאורים שהעליתי על הנייר, הם כאין וכאפס לגבי המציאות המרה וכל אשר עבר עלי לא ימחה מזכרוני ותמיד הנני רואה לנגד עיני את יקירי, ההורים ואחותי היקרים שניספו מידי הנאצים הארורים ועוזריהם האוקראינים. במשך כל הזמן לא שכחתי את מצילי, את משפחת בורצ'אקובסקי ואת משפחת פולייצ'וק אשר להם אני חייבת את חיי, אשר סיכנו את חייהם כדי לחלציני ממוות. חובתי המוסרית, היא להביע את תודתי לאותם חסידי אומות העולם, אשר לא דבקה בהם שנאת ישראל והם הושיטו לי יד־תומכת בתקופת־חיי הקשים ביותר. בתקופת השואה האיומה.



**משפ. שטיינברג באוסטראה.**

**יושבים מימין לשמאל: האב חיים שטיינברג, הבת גיטלה, האם מלי.**

**עומדים: הבת חסיה והבן משה**



**משה שטיינברג**

# מכתבה של בלומה שטירנברג

להלן מכתבה של **בלומה שטירנברג** ז״ל, אותו השאירה אצל שכנה פולניה בשם **פיוטרקובסקה** (תורגם מפולנית לעברית ע״י **נחום** (ניוניה) **שוחט**)

**ה־3 בספטמבר 1941**

„יקירי ואתה אישי, האהוב מעל הכל.

אני כותבת מכתב זה חודשיים לאחר לכתכם. הרבה עבר עלי משך זמן זה, ועתה צריך להיפרד מכם! אין ביכולתי לתאר לכם את גהינום חיינו. אשתדל, רק במילים ספורות, לספר לכם את השלבים העיקריים.

זה התחיל מיד לאחר צאתכם, ממש באותו יום. ביום ששי בבוקר כבר היתה העיר כבושה — אולם הקרבות נמשכו במשך ששה ימים. נדמה היה, שלא תישאר אבן על אבן. הצלחנו לעבור כל זה עם התינוק, תוך תלאות נוראות ויסורים קשים במרתפים ובכנסיה.

ידענו, כי החיים לא יהיו מתוקים, אולם היתה לנו תקווה, שיתנו לנו לחיות, ובמקרה הגרוע ביותר נמות מרעב. נמצאו אנשים טובים, אשר הביאו לנו פרוסת לחם עד שהכל יסתדר מעט. התחלנו למכור דברים כדי להשיג דברי מזון. היינו כל־כך מרוצים, כאילו הגרלנו פיס החיים. כך חיינו עד ה־4 ב־אוגוסט.

בבוקר אותו יום התחיל המחזה המחריד, ממש כמו במחזות דנטה. לא, לא נכון. דנטה לא היה מסוגל לעלות על דעתו מחזות מחרידים כאלה. בין שתי שורות של חיילים, חמושים במקלות, הובילו אותנו ליער; שם עמדנו על מגרש, שסביבו הועמדו מכונות יריה, ובשקט המתנו למוות.

מצאו שם את מותם 1900 איש. היתר חזרו הביתה. על מגרש זה השארנו את אבינו. לא קוננו



בלומה שטירנברג

הרבה על מותו. ההגיון הבריא אמר לנו, כי נשארנו לחיים יותר גרועים מן המוות.

אבל רצון החיים היה כה חזק, ששמחנו גם מחיים אלה. לא האמנו, כי צפוי לנו לעבור פעם נוספת

משהו דומה. תקופת חיים זו נמשכה ארבעה שבו־עות ובה „הפתעות" כגון: מסירת כסף וזהב, תשלום כופר בסך — 100,000 רובלים — בהמתנה שיארגנו עבורנו גיטו.

ב־31 באוגוסט פשטו שמועות, כי מחר יחזור המחזה, אותו כבר עברנו פעם. לא האמנתי, ובכל זאת המחזה חזר. הפעם מסרנו את רוסי, אשר היתה לנו „אבא" לאחר מות אבינו. היא היתה בעלת רצון חזק וכח גופני לכל: מכרה חפצים, השיגה אוכל, ניהלה את כל הבית ובנוסף לכך, הלכה יום־

תיארתי לכם עובדות יבשות בלבד, אך את רגשותי, לפעמים המטורפים, לא אצליח לתאר! ובעיקר, כאשר אני מביטה בבן. יקירי, לו היית יודע איזה ילד יפה הוא ונהדר. הלב מתפקע בחושבי, כי מחר אני בעצמי אשא אותו למנוחת עולמים והוא צוחק וצועק „מה"... (אי...) אין אלהים רוצה, שאזכה לשמוע ממנו „מהמו" (אמא). פעמיים הוא הציל את חיי, כי החזירו אמהות עם ילדיהן הקטנים, ועתה אני רציתי להצילו, אך אין כל אפשרות.



מימין לשמאל: בלומה שטירנברג, אחיה שמואל שטירנברג, האחיות ז'ניה ובלה שנפר

יום לעבודת כפיה, שנמשכה מ־שש בבוקר ועד שש בערב. היא סיימה את חייה שלשום, והיום אף אחד אינו משלה את עצמו, כי נלקחה כבר המנה ה־אחרונה.

היום פשטה שמועה, כי זה יהיה כבר למחרת. היות ולאחרונה כל השמועות מתאמתות, הרי שכבר היום אני נפרדת מכם.

רציתי להתנצר (רבים היו רוצים בזאת). הכמורה הנוצרית הלכה לבקש רשות לכך, אולם אין להם כל תקווה שיקבלו רשות כזאת — לפיכך יש להיפרד מהחיים.

האמא מחזיקה את עצמה די בגבורה; היא רק דואבת וכואבת על כך שאינה יכולה להציל את הילד, ועל כך שלא תראה אתכם יותר.

אני ואמא מנשקות חזק את כולכם ומבקשות, שאחרי שובכם — אל תתעכבו כאן, על אדמת הורינו. ברחו מזכרונות, מקום היסורים שלנו, כמו ממקום מגיפה. תבכו את מזלנו והשתדלו לסדר את חייכם.

ואתה, יקירי, איך שלא יהיה, תסדר את חייך, כי לחיים חוקים משלהם, אל תשכחני ולא את בנך הבכור, בו יכולת להיות גאה, לו אלוהים לא הוריד עלינו עונש כזה.

אנו מנשקים אתכם פעם נוספת ונפרדים מכם:

**בלומה, אמא והבן**

רבונו של עולם! חייתי עוד חודש שלם ושוב השליתי את עצמי בתקוה, אך לשווא. מחר יום־כיפור, ובאמת יום הדין עבורי ועבור ילדך הנהדר, יוסקה.

כל כך אין חשק למות!
הילד כל כך נהדר,
וכך למות!



למעלה עומד: שמואל שטירנברג
יושבים מימין לשמאל: מוסי סורוקה
ומוסי גריינימס

מרים קוקיל-לפידוס *

# ביקורי באוסטראה בימי הכיבוש הנאצי

בסוף נובמבר 1941 נזדמנה לי אפשרות לנסוע לאוסטראה בעגלה כפרית. שילמנו כמובן לאיכר, שהוביל אותי לשם, מראש. אחותי לנה שהתגוררה קודם לכן באוסטראה, הפקידה שם אצל מכריה דברי ערך. תקוותה היתה שאקבל כל מה שהשאירה. אך אני חתרתי למשהו אחר. מטרתי היתה בראש ובראשונה להשיג שם תעודות (מזויפות) בשביל בני משפחתי, שהיו ברובנה, בעזרתו של רופא יהודי שעבד באותו זמן בעיריית אוסטראה, שהיתה לו גישה למסמכים וגם לחותמות העיריה. התעטפתי איפוא במטפחת כפרית גדולה (לא הייתי דומה ליהודיה) ויצאתי בקור עז לדרך. הגענו לאוסטראה בשלום.

באוסטראה נתקבלתי ע״י מכרים, בני משפחת קורשון, שעזרה לי בכל. משפחת קורשון התגוררה בבית קטן ברחוב טאטארסקי, לא הרחק מהמרכז המסחרי בו רוכזו לפני המלחמה בתי המסחר הגדולים והחנויות הקטנות של יהודים רבים. היהודים ששרדו אחרי האקציות באוסטראה, נכלאו כולם בגיטו. הם חיו בפחד מתמיד ולא ידעו מה ילד יום. (קהילת אוסטראה נמנתה עם הקהילות העתיקות של ווהלין).

האוכלוסיה בעיר היתה מגוונת מבחינת המוצא הלאומי: יהודים, פולנים, אוקראינים ורוסים. בשנת 1939 היה מספר היהודים בעיר כ־10,500 (בערך). אוסטראה נכבשה ע״י יחידות הוורמאכט בימים האחרונים של יוני 1941 ומיד התחילו הגרמנים ברדיפות היהודים. ב־4 באוגוסט 1941 נרצחו ע״י הגרמנים ועוזריהם האוקראינים כ־3000 יהודים. היתה זאת האקציה הראשונה. הטבח השני היה ב־1 בספטמבר 1941 כאשר נרצחו למעלה מ־2500 יהודי אוסטראה. ב־15 באוקטובר 1942 חיסלו הגרמנים את הגיטו סופית. ביום ההוא נרצחו שם כ־3000 נפש.

בשבועות הספורים שנשארתי באוסטראה היתה לי אפשרות להפגש עם בני נוער יהודי ששרדו אחרי האקציות באוסטראה. הם היו נפגשים לעתים קרובות. באחת הפגישות שהתקיימה בביתו של מוסי (משה) קוטוביץ׳, נכחתי גם אני. הכל היו מודאגים. דיברו על התארגנות, בריחה והתנגשות, אך היינו מודעים גם למצב חסר האונים. הגיטו היה סגור ומסוגר ובדומה למקומות אחרים באוקראינה המערבית, התיחסו רוב תושבי המקום האוקראינים ליהודים באיבה רבה וארבו להם יומם ולילה.

מכרי הרופא מילא בקשתי. הוא השיג תעודות בשביל בני משפחתי, אך לצערי לא השתמשנו בהן, לבסוף.

---

* מתוך ילקוט ווהלין מס׳ 40 עמ׳ 10.

**אהרון וואַלדמאַן**

# „לא תרצח!"

וואָס ווייטער מיר דערווייטערן זיך פון די בלוטיקע יאָרן פון דער שואה, אַלץ בולטער און דערשיטערנדיקער דערוואַכן די זכרונות פון יענע פינצטערע צייטן, ווען די אוקראַאינישע רוצחים האָבן צוזאַמען מיט די דייטשישע מערדער געמאָרדעט יידן מיט אַן אומגלויבלעכער אכזריות. און וואָס ווייטער די צייט גייט אַוועק, אַלץ דערשיטערנדיקער שטייען אויף פאַר מיינע אויגן בילדער פון מאָרד איבער אומשולדיקע יידן פון אונדזער שטאָט אָסטראָה.

דאָס וואָס איך גיי איצט דערציילן, איז נישט בלויז אַן עפּיזאָד פון אַ בלוטיקער צייט, נאָך אויך אַן עדות פון דעם ווילקיר און מאָרד, וואָס האָט געהערשט אין יענע שואה־טעג. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ סביבה פון יאוש און דעפּרעסיע. אין אַ צייט פון די לעצטע געראַנגלונגען פון די שארית־הפליטה פון אָסטראָהער געטאָ.



געווען איז דאָס אין די קאַלטע, פראָסטיקע ווינטער־חדשים פון יאָר 1943. אויפן גרויסן מתים־פעלד פון איין עק וואָלין ביז צום צווייטן, זענען שוין געלעגן טויזנטער דערמאָרדעטע יידן אין ברודער־קברים אין פאַרשיידענע ערטער, און צווישן די פילצאָליקע קדושים, אויך די קדושים פון אונדזער שטאָט אָסטראָה. די אוקראַאינישע רוצחים, ווערנדיק באַהערשט פון אַ פסיכישער היסטעריע פון מאָרדן יידן, האָבן קיינעם נישט געשאַנעוועט: נישט קיין קינדער, נישט קיין זקנים און נישט קיין קראַנקע מענטשן. ווו נאָר די רוצחים האָבן באַגעגנט אַן איינזאַמען ייד אין וואַלד, אָדער אין פעלד, ווו איינציקע יידן האָבן געפונען אַ באַהעלטעניש, אין אַ גרוב, האָבן זיי דערמאָרדעט אָן שום רחמנות אויף אַ בעסטיאַלישן אופן.

אַזוי האָט מען געטראָפן ליגן דערמאָרדעטע יידן אויף די וועגן פון כאַראָווסטשיזנאַ און אין אַנדערע ערטער. אין יענע טעג האָבן אונדז פויערים דערציילט, אַז אין טערעמנאָ אין וואַלד, בלאָנדזשען אַרום איינציקע יידישע פרויען, וועלכע זענען שוין געווען האַלבטויט און זענען שוין געווען אויסגעשעפּט פון הונגער און פון פיזישער דערשעפונג.

אין איינע פון יענע נעכט, האָבן מיר אַ גרופּע יידן באַשלאָסן אויסצוגעפינען די דאָזיקע האַלבטויטע פרויען און צוטיילן זיי הילף. מיר זענען אַרויס פון אונדזער לאַגער אין וואַלד און מיר האָבן זיך געלאָזן אויף די שפורן פון די פרויען, וועלכע זענען לויט די ידיעות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען פון די פויערים, האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון אונדזער וואַלד. נאָך פיל בלאָנדזשענישן, זענען מיר לויט די אָנגעגעבענע סימנים זיך דערקליבן צו אַ גרוב אין וואַלד טערעמנאָ, ווו ס'האָבן זיך געפונען דערמאָרדעטע יידן.

פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד: אין דער גרוב אין וואַלד פון וועלכער ס'האָט זיך דערטראָגן אַ שווערער גערוך פון אַ צעטאָן און אַ שטינקנדיקער גערוך פון מתים, ליגן דערמאָרדעטע יידן, אָבער אין דער פינצטער, האָבן מיר נישט געקענט זען ווער אין דער גרוב

געפינט זיך. מיר האָבן גלייך אָנגעצונדן אַ ליכט און פּאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אָנפּלעקט אַ שווידערלעך בילד: אינמיטן דער גרוב איז געלעגן **ביילע אייוועמאַן**, וועלכע האָט געהאַלטן אַרומגענומען איר יינגל לאָלי אייוועמאַן. ביידע זענען שוין געווען טויט. אין איין זייט איז געשטאַנען **פּאַליאַ טרייבערמאַן**, וואָס איז שוין געווען נישט נאָרמאַל און האָט ארויסגעשריען אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. נעבן איר איז געשטאַנען איר טאָכטער **זשעניאַ טרייבערמאַן**, וואָס איז צום גליק נאָך געווען ביים פולן געדאַנק, אָבער אינגאַנצן אַ דערשעפּטע און אַ גלייכגילטיקע צו איר טרויעריקן גורל. זי האָט אַלץ געוווּסט וואָס עס האָט פּאַסירט, אָבער זי איז נישט געווען אומשטאַנד אונדז צו דערציילן.

מיר האָבן צווישן זיך באַראַטן וואָס מיר קענען דאָ טאָן און וואָס פּאַראַ דרינגנדיקע שריט מיר דאַרפן אונטערנעמען כדי צו ראַטעווען דער נאָך לעבעדיקער זשעניאַ טרייבערמאַן פון טויט און ברענגען זי צו אונדזער לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ מרחק פון קרוב 15 קילאָמעטער פון דער גרוב. איר מוטער פּאַליאַ האָבן מיר לײדער נישט געקענט נעמען מיט זיך אין אונדזער לאַגער, היות ווי זי איז אינגאַנצן נישט געווען נאָרמאַל און האָט די גאַנצע צייט געשריען הויך אויפן קול, אַזוי אַז עס איז געווען אַ געפאַר פאַר אונדז אַלעמען.

ס'האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי וועלן מיר קענען ברענגען זשעניען צו אונדז אין לאַגער. טראָגן זי אויף די הענט איז געווען שווער, ווייל זי איז נישט געווען אומשטאַנד צו גיין און דער וועג צו אונדזער לאַגער איז געווען ווייט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר וועלן זיך איינשאַפן אַ טראָגבעטל (אַ נאָסילקע) און אויף צומאָרגנס וועלן מיר זי קומען נעמען.

דערווייל האָבן מיר איבערגעלאָזן פאַר זשעניען אַביסל שפּייז און וואַסער און מיר האָבן איר צוגעזאָגט, אַז מאָרגן, אין דער צייט, וועלן מיר קומען צוריק און מיר וועלן זי נעמען צו אונדז. אָבער פאַר אונדז איז געשטאַנען אַ שווערע דילעמע: וואָס טוט מען מיט דער נישט־נאָרמאַלער פּאַליען? נעמען זי מיט איר טאָכטער צו אונדז קענען מיר נישט און איבערלאָזן זי אין אַזאַ צושטאַנד ווי זי געפינט זיך, האָט באַדייט איבערלאָזן אַ לעבעדיקן מענטשן אויף הפקר און זי וועט אויסגיין אין אַ מאַטערנדיקן און לאַנגזאַמען הונגער־טויט.

מיר האָבן זיך באַראַטן צווישן זיך וואָס צו טאָן? נאָך אַ קורצער באַראַטונג זענען מיר געקומען צו דעם שווערן גורלדיקן באַשלוס, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג און מיר מוזן איר געבען סם, און אָפּסמען זי, כדי צו פאַרלייכטערן און פאַרגיכערן איר טויט. צווישן אונדז האָט זיך געפונען איינע אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַ דאָזע סם, כדי עס אויסצוניצן, ווען ס'וועט נישט זיין קיין אַנדער אויסוועג און באַגיין זעלבסטמאָרד, כדי נישט אַריינצופאַלן אַ לעבעדיקע צו די רוצחים.

ס'איז אונדז געווען זייער שווער זי איבערצייגן, אַז זי זאָל מוותר זיין אויף דעם סם, כדי מיר זאָלן קענען אָפּסמען דער נישט־נאָרמאַלער **פּאַליאַ טרייבערמאַן** און באַפרייען זי פון אירע ליידן פון שטאַרבן אין שווערע אַנגסטן און דאָס וועט זיין פאַר איר אַ חסד און אַ דערלייזונג.

ווען נאָך אַ לאַנגן און שווערן ישוב־הדעת, האָט די פרוי ענדלעך מסכים געווען אונדז אפצוגעבן דעם סם, האָט זיך געשטעלט די האַרבע פראַגע: ווער וועט געבן דעם סם דער אומגליקלעכער פּאַליען? ווער וועט זיין דער אויספירער פון דעם טויט־אורטייל? ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט עובר זיין אויף דעם געבאָט: „לא תרצח!". ווי ס'איז אָנגענומען אין אַזעלכע פאַלן, דאַרף מען וואַרפן גורל און אויף וועמען דער גורל וועט פאַלן, דער וועט דאַרפן אויספירן דעם טויט־אורטייל. מיר האָבן געוואָרפן גורל און אויף איינעם איז געפאַלן דער שווערער גורל...

אויף צומאָרגנס ביינאַכט, ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער גרוב, האָבן מיר געטראָפן זשעניע טרייבערמאַן מיט פאַרוויינטע אויגן. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס האָט עפּעס פּאַסירט. זשעניע האָט אונדז דערציילט, אַז איר מוטער איז אויסגעגאַנגען אין שווערע אַנגסטן. זי איז שוין געלעגן טויט. איר טויט האָט אונדז באַפרייט פון עובר זיין

אופן געבאָט פון די עשרת הדיברות: „**לא תרצח!**" — קיינער פון אונדז האָט נישט געדאַפט זיין דער מערדער פון דער אומגליקלעכער **פּאָליאַ טרייבערמאַן**...

מיר האָבן פאַרשאָטן די גרוב מיט די מתים און איינער פון אונדז האָט געזאָגט קדיש. אַרום אונדז זענען געשטאַנען די ביעראַזע-ביימער, וואָס זענען געווען די שטומע עדות פון דער שרעקלעכער טראַגדיע פון אַ גרופּע דערמאָרדעטע יידן דורך די אוקראַינישע רוצחים-בעסטיעס. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי די שוואַרץ-ווייסע ביעראַזע-ביימער האָבן סימבאָליזירט אַן עדה יידן, וואָס זענען געשטאַנען איינגעוויקלט אין טלתים און האָבן צוזאַמען מיט אונדז — די שארית-הפליטה פון אונדזער שטאָט אָסטראָה געזאָגט דעם „**יתגדל ויתקדש שמה רבא**"...

✶

**זשעניאַ טרייבערמאַן** האָט זיך אָפּגעראַטעוועט **פון** דעם חורבן און האָט אַדורכגעמאַכט דעם **שווערן** וועג פון אַ וואָגלדיקן לעבן. זי לעבט איצט **אין** ראַטנפאַרבאַנד, אין דער שטאָט אָדעס. **זי האָט** אויפגעשטעלט אַ משפחה, איר מאַן איז **אַן אינזשי**-ניער, וואָס פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּאָסטן. **זי שרייבט** זיך דורך מיט איר מומע **בראָניא צאַפּ** אין אַמעריקע מיט וועלכער זי האָט אַ רעגולערע בריוו-קאָרעספּאָנ-דענץ.

זשעניאַ טרייבערמאַן איז דער איינציקער **עדות** אויף וועמען ס'איז אויסגעפאַלן דער **גורל צו זען** דעם טויט פון איר מוטער און **דעם טויט פון ביילע אייזענמאַן** און איר זון לאָלי, דאָרט אין דער פינצטערער גרוב אין וואַלד טערעמנאָ.



**ניצולי אוסטראה אחרי מלחמת העולם השנייה**
**השורה העליונה, מימין: הרשל חוטרנסקי, בוני ניטישינסקי, רעיה חוטרנסקי בצלאל לנדאו ואשתו.**
**השורה האמצעית מימין: מאיר רובינשטיין, הינדה שקולניק-רובינשטיין, טפלין ואשתו צילה, ליזה קפלן, מולקה וישניבצקי, ישראל רובינשטיין, משה מצוצקי.**
**יושבים מימין: ברוניה קידר, גב' חוטרנסקי (האם), דוד פישמן ואשתו, פנחס אולמן, זלטה שקולניק-מצוצקי.**

**חיים פינקל**

# בני אוסטראַה בתנועה הפרטיזנית ובצבא האדום

מספר אנשים אשר הצליחו להימלט מגיטו אוסטראה בימי הטבח, בהגיעם ליער היו שכולים, שבורים ורצוצים בגופם ובנפשם. היו אלה אנשים בלתי מזויינים ועל־כן מחוסרי־הגנה. בשהותם ביער החלו להתארגן בקבוצות קטנות על מנת להקל על קיומם.

התנאים ביער היו קשים, אך האנשים ידעו להסתגל לתנאי היער ולמצבים שונים. הם חלקו ביניהם את התפקידים ובמאורגן להלחם בכל הכוחות העויינים, הגרמנים ומשתפי־פעולה האוקראינים. כל הקבוצות הקטנות של יוצאי אוסטראה החזיקו קשר ביניהן וידעו על המתרחש אצל ניצולי אוסטראה הפזורים ביערות.

באותו הזמן היתה תנועת הפרטיזנים הסובייטית בחיתוליה ומשום־כך יכלו קבוצות קטנות למלא תפקיד חשוב. בהתחלה היו קבוצות הפרטיזנים חלשות מכדי לבצע פעולות פרטיזניות, אבל במרוצת הזמן, למדו כיצד לזנב באויב ולהסב לו אבידות כבדות. הפרטיזנים של יוצאי אוסטראה השתלבו במסגרת הפרטיזנית באותו הזמן, כשהם חדורים רגשות־שנאה ונקמה בלי גבול. הם התקיפו את הנאצים בכל הזדמנות, נלחמו באומץ באויב, למדו להרכיב פצצות, חיבלו בקווי הטלפון, פיצצו כבישים וגשרים והיו סיירים מצויינים, היות והיו נהירים להם כל דרך וכל שביל ביער.

וכך יצאו בני אוסטראה לפעולות פרטיזניות בלילות בסביבות **אוסטראה**, **שפטובקה**, **פליזנה**, **חורובשצ׳יזנה** ובמקומות אחרים. הם התנפלו על בית־חרושת לסוכר **בשפטובקה** ופיצצו גשרים בכביש הראשי שבין **לחוביץ וזסלב**.

בין הלוחמים הפרטיזנים היו גם נשים יהודיות וילדיהן שמילאו תפקידים חשובים, שהוטלו עליהן ע״י המפקדים הפרטיזנים. במיוחד מילאו משימות חשובות נשים בעלות מראה לא יהודי, כשהן מחופשות לפי הצורך. הן היו נוסעות מכפר לכפר ומעבירות ידיעות חשובות בעלי ערך מודיעיני למפקדה הפרטיזנית. הפרטיזנים יוצאי אוסטראה זכו לאותות הצטיינות מטעם המפקדה הפרטיזנית. חלק מהמצטיינים נפלו בקרב וחלק בני אוסטראה נשארו בחיים והם פזורים על פני ארצות שונות ובעיקר בישראל.

**יעקב קפלן**

יעקב הצליח לברוח מגיטו אוסטראה ליער יחד עם אשתו בתיה (בטי) אייזנשטיין ואחותה שרה אייזנשטיין והצטרפו ליחידת פרטיזנים שפעלה באיזור אוסטראה. יעקב היה פרטיזן מצטיין ופעל רבות לחיזוק המורל בין הפרטיזנים שמצבם הנפשי היה ירוד, לפני שיצאו לפעולות מסוכנות.

בעת התקפת־פתע של הגרמנים וכנופיות בנדרה האוקראינים הלאומיים על חטיבת הפרטיזנים בכפר פיווניאַ־גוראַ, בקיץ 1943 נפל יעקב מות גיבורים. אחרי השחרור הובא לקבורה ע״י חבריו הפרטיזנים בבית־הקברות באוסטראה ליד קברו של סבו ר׳ ברלה הדיין זצ״ל.

## משה אוצר

נולד באוסטראה בשנת 1920. בשנת 1941 גויס על-ידי השלטונות הסובייטיים לצבא האדום. ימים ספורים לאחר פרוץ המלחמה בין גרמניה ובין ברית המועצות נפל בשבי הגרמנים. הוא הצהיר שאוקראיני הוא. מראה פניו ושליטתו המושלמת בשפה האוקראינית סייעו לו, וכך ניצל ממוות ודאי.

בינואר 1942 העבירוהו מבאראנוביץ למינסק. בדרך הצליח יחד עם עוד 5 רוסים להימלט ולהגיע ליער. כמה חודשים נדד לבדו ביער עד שבאפריל 1942 נתקבל בגדוד ע"ש „ז'וקוב" (חטיבה „צ'אפאַ־יוב"), שפעל אותה שעה באיזור קאפולי (קופיל).

ראשי הגדוד עמדו מיד על כשרונותיו הצבאיים ומינוהו למפקד כיתה. השתתף בקרבות בסטוריץ (איזור קאפולי) ובצוצוויץ' שעל יד האנצוויץ' (פולסיה) והשיג הרבה נשק בשביל הגדוד.

בשל סכסוך אישי עם מפקד הגדוד, וגם בשל האנטישמיות שהחלה לתת את אותותיה בגדוד עצמו, נאלץ בתחילת אוגוסט 1943 לעזוב את יחי־דתו ולעבור לגדוד היהודי של גילצ'יק, שאך הת־ארגן, שם מונה למפקד מחלקה.

ב־12 בפברואר 1944 יצא בראש מחלקתו, יחד עם החטיבה כולה, לארוב לגרמנים בדרך מינסק־סלוצק. המארב הצליח. 22 מכוניות ובהן 220 גרמ־נים הושמדו. משה לקח בשבי 2 חיילים גרמנים, ועל כך היה מועמד לאות־הצטיינות.

ב־10 במאי 1944 יצא עם מחלקתו למארב ב־כביש סטויפץ־ניסוויז' (מחוז נובוגרודק). הגיעה מכונית עם שוטרים ובקרב שפרץ בין המארב ובין השוטרים נפצע משה פצעים אנושים, ולמחרת הו־ציא את נשמתו.

החטיבה ערכה לו הלוויה רשמית. השתתפו כל היחידות. שלושה מטחי־אש ליוו את טקס הקבורה.

לכסיקון הגבורה, כרך א', עמ' 51

## לייזר אוצר

היה פרטיזן מצטיין, השתתף בקרבות רבים נגד הגרמנים ועוזריהם האוקראינים. נפל בקרב נגד ה־גרמנים ביער. לפי גירסה אחרת — נורה בגבו בעת הקרב על ידי פרטיזן אנטישמי.

לכסיקון הגבורה, כרך ב' עמ' 162

## יוסף גליצקי

ברח מגיטו אוסטראה, שם נרצחו הוריו ואחיו. הגיע ליערות והצטרף לגדוד פרטיזנים שפעל ביערות ווהלין. במשך שנה וחצי לחם תחת פיקודו של המפקד הרוסי אוטוכה. היה פרטיזן מצטיין והשתתף בקרבות רבים נגד האויב הנאצי.

לאחר השחרור גוייס לצבא האדום, נשלח לחזית והגיע עד לברלין. באחד הקרבות נפצע ושוחרר משרות צבאי. הגיע ארצה בעליה ב' דרך קפריסין. במלחמת השחרור לחם בחטיבת השריון של צה"ל. נמנה עם החברים הפעילים בארגוננו.

## פסח אייזנשטיין

בזמן חיסול גיטו אוסטראה ברח אל יערות ה־סביבה ולאחר תלאות רבות הצטרף לגדוד פרטיז־נים שלחם ביערות ווהלין. הצטיין כמורה־דרך ב־יערות הסביבה וסייע רבות ללוחמים הפרטיזנים לפעול ביעילות נגד האויב. בכל נפשו ובכל מאודו התמסר לפעולות קרביות כשמראהו הלא־יהודי היה לו לעזר. לקח חלק בפעולות מבצעיות ובין חבריו הפרטיזנים יצאו לו מוניטין כחבר טוב, וכפרטיזן אמיץ.

לאחר השחרור התגייס לצבא האדום, נשלח ל־חזית, השתתף בקרבות רבים במסגרת יחידתו ה־צבאית ובאחד הקרבות נפל בגבורה.

## מנדל טרייברמן

לאחר בריחתו מהגיטו מצא את דרכו ליער ו־הצטרף לגדוד פרטיזנים שפעל ביערות אוסטראה. השתתף בקרבות רבים והצטיין בהם. בין הפרטיזנים הצטיין בדאגתו לזולת ובמיוחד עזר הרבה ליהודי אוסטראה שנמלטו מהגיטו ליער וסבלו מחוסר־כל. הוא השיג עבורם מצרכי־מזון ושמר עליהם. הצט־יין בשיקול־דעת, בהגיון ובתפיסה מהירה.

